י. א. ראָנטש

# אייגענע מענטשן

דערציילונגען

אַרויסגעגעבן פון

וואַרשעווער פּראַגער ברענטש 147, א. אַ. אָ.
און פון י. א. ראָנטש יובילײ קאָמיטעט

ניו יאָרק, 1939

הויפּט־פאַרקויף: מאַקס נ. מײזעל, 424 גרענד סט., נ. י.

## פון זעלבן אויטאָר:

ווינטן (לידער), 1923
שאָטנס פון ניו יאָרק (עסייען), 1928
אינדיאַנער זומער (לידער), 1930
הונגעריקע הענט (לידער און פאָעמעס), 1936

**דערציילונגען און ביאָגראַפיעס פאַר קינדער:**

ווילי דער זינגער
דעבס און אונזערע קינדער
בריוו פון די קעטסקיל בערג
עליע און עלקע
סטיוו קאַטאָוועס
טשאַרלס רוטענבערג
קלאַראַ צעטקין

**רעדאַקטירט:**

ניו יאָרק (פּראָזע), 1930
אידישע לאַנדסמאַנשאַפטן פון ניו יאָרק, 1938
אידישע פאַמיליעס און פאַמיליע צווייגן, 1939







490

געזעצט און געדרוקט אין דער אסטאָריאַ פּרעס

61 איסט 4טע גאַס   ניו יאָרק, נ. י.

# אַ פּאָר ווערטער פון ראָנטש יובּילײ קאָמיטעט



דער געדאַנק צו פײַערן 20 יאָר ליטעראַרישע און קולטורעלע טעטיקײט פון י. א. ראָנטש איז געבּאָרן געוואָרן בּאַ פּשוטע אידישע אַרבּעטער, מיטגלידער פון וואַרשעווער פּראַגער בּרענטש 147, א. אַ. אָ., וואו ראָנטש איז יאָרן־לאַנג אַ מיטגליד. דאָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַרן לעבּן און שאַפן פון י. א. ראָנטש. זײ, די פאָלקס־מאַסן, דינט ער אומדערמידלעך זײַן גאַנץ לעבּן. דערפאַר דער אויסדרוק פון ליבּע און אַנערקענונג פון זײ צו אים.

געקומען קײן אַמעריקע כמעט אַ קינד נאָך, האָט י. א. ראָנטש אַלע זײַנע יאָרן אָפּגעגעבּן צו פאַרשפּרײטן דאָס אידישע וואָרט און צו קעמפן פאַר אַ בּעסערער וועלט. ער האָט געאַרבּעט אין פאַבּריקן און אין שעפּער. בּאַטאָג געשקלאַפט, אין אָוונט זיך געלערנט, בּאַנאַכט געשריבּן.

י. א. ראָנטש איז געשטאַנען בּאַם וויגעלע פון דער מאָדערנער אידישער שול־בּאַוועגונג אין אַמעריקע. ער איז געוועזן אַ פּיאָנער פון דער אידישער קינדער־ליטעראַטור דאָ אין לאַנד. ער איז געוועזן צווישן די ערשטע יונגע פּאָעטן צו ווידמען זײַן טאַלאַנט צום סאָציאַלן ליד. ער האָט אין זײַנע מעשיות פאַרגעשטעלט דאָס לעבּן פון אַמעריקאַנער אידן און ניט־אידן. ער איז דורך און דורך אַמעריקאַניש.

פון 1919 בּיזן הײַנטיקן טאָג פאַרנעמט זיך ראָנטש מיט ליטעראַרישער און קולטורעלער טעטיקײט. ער איז געוועזן פון די ערשטע לערער און גרינדער פון די אַרבּעטער רינג שולן אין שיקאַגאָ. יאָרן־לאַנג האָט ער געלערנט אין די גרעסטע שולן איבּערן לאַנד. זײַענדיק דער לערער אין דער אומפּאַרטײאישער מיטלשול אין ניו יאָרק אין 1930, האָט ער מיטן גראַדואיר־קלאַס אַרויסגעגעבּן דאָס ערשטע אידישע בּוך, געשריבּן פון אַמעריקאַנער יוגנטלעכע אַלײן. זײַענדיק דער לערער אין דער גרעסטער שול בּאַם אינטערנאַציאָנאַלן אָרדן, אין דער קאָאָפּעראַטיווער אַרבּעטער קאָלאָניע, האָט ער דורכגעפירט עקספּערימענטן, וואָס זײַנען געוואָרן אַ מוסטער פאַר אַנדערע שולן איבּערן לאַנד. ער האָט זײַן פּובּליציסטישע פען געווידמעט דער שול־בּאַוועגונג. ער איז געוועזן דער ערשטער רעדאַקטאָר פון פּעדאַגאָגישן זשורנאַל „פּראָלעטאַרישע דערציאונג" (איצט — „הײם און דערציאונג"). ער איז געוועזן לערער אין אַרבּעטער־קלובּן, אידישן אַרבּעטער אוניווערזיטעט, װאַרטעך, א אַז. וו.

ופן שריפטשטעלערישן געבּיט איז ער ניט ווינציקער פּראָדוקטיוו ווי

אפן פעדאגאגישן. אין פארלאג „גרינינקע ביימעלעך“, ווילנע, און אין פארלאג פון אינטערנאציאנאלן ארבעטער אָרדן זיינען ארויס זעקס קינדער־ביכלעך זיינע. זיינע לידער און מעשיות קאן מען געפינען אין א סך כרעסטאמאטיעס פאר קינדער.

זיינע לידער ווערן געזונגען פון כארן און סאליסטן איבער גאר דער וועלט. זיין בוך עסייען „שאטנס פון ניו יארק“, איז דאס ערשטע פון דעם מין אין אידיש. צו זיין פילזייטיקער ליטעראַרישער טעטיקייט קאן צוגע־רעכנט ווערן זיין קינסטלערישער רעפּארטאזש, זיינע רעצענזיעס איבער ביכער, מוזיק, קינא, זיינע רייזע באשרייבונגען, איבערזעצונגען, א. א.

זייענדיק דער רעדאקטאר פון דער אידישער גרופּע אפן פעדעראלן שרייבער פּראיעקט איז ראנטש געווען דער, וואס האט אויסגעקעמפט, אז דער גרופּע זאל דערלויבט ווערן צו שרייבן און דרוקן די ארבעט אף אידיש. דא האט זיך ראנטש פארנומען אינגאנצן אף א נייעם געביט. ער איז געווען דער איניציאטאר און רעדאקטאר פון דעם „לאנדסמאנשאפט בוך“ און פון דעם נאר־וואס דערשינענעם בוך וועגן אידישע פאמיליעס און פאמיליע־קרייזן. ביידע ביכער האבן ארויסגעבראכט זיינע רעדאקטארישע פיאיקייטן און זיין חוש פאר סאציאלע פארשונגען.

דער אפרוף פון איצטיקן בוך דערציילונגען, „אייגענע מענטשן“ וועט, פארהאפן מיר, סטימולירן ראנטשן צו פארענדיקן זיין גרויסן ראמאן „די קאלאניע“, פון וועלכן ער דרוקט פון צייט צו צייט פראגמענטן.

דער יובליי קאמיטעט, וואס באשטייט פון ארגאניזאציעס, שרייבער און טוער וויל דא באדאנקען די אלע פריינט און אנהענגער פון אונזער יובילאר פאר דער גרויסער צאל אבאנענטן, וואס זיי האבן געהאלפן שאפן.

מיר גלויבן, אז מיר וועלן אויסדריקן דעם סענטימענט פון יעדן לייענער, ווען מיר וועלן ווינטשן י. א. ראנטשן א סך יארן פון שעפערישקייט און נחת פון ווארט.

**י. א. ראנטש יובילייַ קאמיטעט.**

# אַ וואָרט פון אויטאָר



ווען איך שרייב די שורות, פאַלן היטלער־באָמבעס אַף מיינע אייגענע אין פוילן. דאָס האַרץ איז שווער. אַף אונזער דור איז אויס־געפאַלן איבערצולעבן דעם גרויל פון דער ערשטער וועלט־מלחמה און דעם אָנהויב פון דער צווייטער.

דאָס וואָרט איז אָבער מעכטיקער פון דער שווערד. דאָס אידישע בוך וועט דערגרייכן די פאַרטריבענע און פאַרוואָגלטע פון זייערע היימען און זיי טרייסטן.

דער אידישער שרייבער האָט איינגעזאַפּט אין זיך דעם אייביקן גלויבן אין ניט־באַזיגבאַרן אמת און דעם פעסטן ווילן פאַר סאָציאַלער גערעכטיקייט. זיין וואָרט וועט אָפּהילכן אין אַלע צייטן, אין אַלע ווינקלען פון דער וועלט.

וויל איך דאָ אויסדריקן מיין האַרציקן דאַנק צו אַלעמען צוזאַמען און צו יעדן באַזונדער פאַר די אַלע באַמיאונגען, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן צו פאַרוואַנדלען די גרויע וואָך אין אַ יום טוב און פאַר די אָנשטרענגונגען אַרויסצוגעבן דאָס דאָזיקע בוך.

דאָ איז אויך פּאַסיק צו באַמערקן, אַז די העלדן פון מיינע דער־ציילונגען זיינען אויסגעטראַכטע, כאָטש די האַנדלונגען זיינען נאָענט צום אמת. ווי זאָגט מען אין טעאַטער: אין לעבן פּאַסירט אַלץ.

י. א. ר.

# אַקטיוו פון ראַנטש יובּיליי קאָמיטעט



**וואַרשעווער פּראַגער בּרענטש 147, א. אַ. אָ.:**
וויקטאָר מאָסקאָוויטש, פּאַרזיצער; מ. ראָזענפעלד, קאַסיר; **ליפּע**
ראָזענבּערג, שמעון סאָלאָמאָן, י. מאָן, פּ. קאַרעל, מ. מייעראָוויטש.

**קאָאָפּעראַטיווע קאָלאָניע:**
י. קרוט, ה. קרוגער, נחמן יאַקיר, א. דוביצקי.

**אידישע שרייבּער גרופּע:**
אב. יודין, סעקרעטאַר; ראשעל הירשקאָן, אליעזר גרינבּערג,
בּעריש וויינשטיין, י. ל. קאָלושינער.

**פּראָלעטפּען:**
ל. מילער, מאַרטין בּירנבּוים, ש. דייקסעל.

**לאָדזער בּרענטש 24, א. אַ. אָ.:**
א. אַפּעל, מ. וואַרשאַווסקי, ס. סמולאָוו.

**שול 1, א. אַ. אָ.**
**ביל העיוואוד בּרענטש, 127, א. אַ. אָ.**
**וואַרשעווער בּרענטש 9, א. אַ. אָ.**
**וואַרשעווער בּרענטש 309, א. אַ. אָ.**
**בּיאַלער בּרענטש 106, א. אַ. אָ.**
**בּר. 71 (בּאָראָ פּאַרק), א. אַ. אָ.**
**בּריסקער בּרענטש 15, א. אַ. אָ.:** י. פינקלשטיין, ס. קאַטעלאַנסקי.
**ראָזאַנער בּרענטש 98, א. אַ. אָ.**
**סטעטן איילאַנד בּרענטש, א. אַ. אָ.**
**ב. קאַמענעצקי, שטאָטישער שולן קאָמיטעט, א. אַ. אָ.**
**ר. יוקלסאָן, שטאָט קאָמיטעט, א. אַ. אָ.**
**ה. ווינער, גראָדזיסקער עיד סאָסייעטי.**
**ש. וואַקסמאַן, נאָוואָראַדאָמסקער סאָסייעטי.**
**מ. שרייער, לובּערער סאָסייעטי.**
**א. פּאָלאַנסקי, שיקאַגאָ.**
**אב. שולמאַן, פילאַדעלפיע.**

# אינהאַלט



# אויף אַן אינזל אין שטאַט מעין

## 1

סאָסנע־זועלדער האַרט באַם פעלזיקן ברעג פון אַטלאַנטיק; טונקל־גרינע שמעקעדיקע בערג; אָזערעס און טייכן פול מיט גרויסע פיש; זינג־פייגל פון אַלע קאָלירן; זעלטן־שיינע אינזלען, באַזוימטע און באַקרוינטע פון נאָדל־ביימער; אַ נאַטור־אוצר — דער שטאַט מעין. געניסן פון אים די רייכסטע מענטשן פון לאַנד. האָבן זיי דאָ זייערע זומער־פּאַלאַצן אויף די שטילע אינזלען. וויגן זיך זייערע ווייסע יאַכטעס באַ די ברעגן. באַדינען די האַרן שוואַרצע שקלאַפן, אָנגעטאָן אין ווייסן.

אַ גליקלעכער שטאַט — מעין. האָט אָבער מיט אים אָן אומגליק פּאַסירט. אַזוי ווי פון בלויען לויטערן הימל איז דאָס אומגליק געקומען. ווי זיכער עס זיינען די פעלזן פון מעין, אַזוי זיכער איז דער בירגער דאָ געווען מיט זיין היים, וואָס ער האָט געירשנט פון דור דורות, מיט זיין איינקונפט און מיט זיין אָפּגעשפּאָרט געלט, וואָס איז געלעגן יאָרן־לאַנג אין די היגע בענק.

האָט געשלאָגן די שעה און עס האָט געקראַכט די רייכסטע באַנק פון אָגאָסטאַ. באַלד האָבן פאַרהאַקט זייערע אייזערנע און בראָנזענע טירן די בענק אין די קלענערע שטעט. האָט דער ניי־ענגלענדער אָנגעוואָרן זיין גלייכגעוויכט, האָט די פאַרגליווערטע געלאַסנקייט זיך אַ צאַפּל געטאָן.

די שטאָלצע משפחה טעילאָר איז געווען אויסער זיך. ווער האָט זיך געקאָנט ריכטן אויף אַזאַ ירידה? אין דער משפחה־כראָניק איז געווען פאַרשריבן וועגן די וואַנדערונגען פון די זיידעס, וועגן זייער קאַמף מיט די אומציוויליזירטע אינדיאַנער. דריי פעטערס האָבן זייערע לעבנס פאַרלאָרן אין בירגער־קריג. איין פעטער איז דערהויבן געוואָרן צום ראַנג פון אַ מאַיאָר. כבוד און געלט זיינען געגאַנגען האַנט אין האַנט פון דור צו דור אין דער טעילאָר־דינאַסטיע. דאָס בלוט האָט מען געהאַלטן ריין. מע האָט מיט קיין אימיגראַנטן זיך

ניט משדך געווען. באָסטאָן מיט ווערמאָנט, ניו העמשער מיט מעין. אַלע געווען גאָטפּאַרכטיקע, געזעץ־גלויביקע יענקים.

האָט זיך אָנגערוקט דאָס פינסטערע יאָר 1929. אַזוי ווי עס קייקלט זיך פון אַ גלאָטן פעלז אַ שטיינדל גלייך אין אָקעאַן אַריין, אַזוי האָט זיך דאָס מזל פון דער טעילאָר משפחה געקייקלט אַראָפּ, אַראָפּ. קיינער האָט עס ניט געקאָנט אָפּשטעלן. איין אומגליק גרעסער פון אַנדערן. אי געלט אין די בענק פאַרלאָרן, אי די גע־שעפטן געגאַנגען קאַפּוט, אי די סטאָקס פאַרוואַסערט געוואָרן, אי די בעסטע פריינט פון אויג אַנטרונען. נאָר נאָך גרעסער איז דאָס אומגליק אינאָנהויב געווען אין אייגענעם בלוט־אַפּשטאַם. דער אינגסטער זון פון דער משפּחה טעילאָר איז אַוועק לתרבות רעה. ער האָט זיך פון זיין איידעלן שטאַם אָפּגעריסן און פון שטורעמווינט זיך געלאָזט פאַרפירן. אַזוי האָט די משפּחה אינאָנהויב געטראַכט. נאָר איצט האָט מען זיך צוגעוואוינט צום געדאַנק און מע פילט אפילו מיט מיט אים.

איך, אַ רוסישער אימיגראַנט, אַ איד פון דער געטאָ, מיט אַן „אַקצענט”, מיט אַ פּאָר לאַנגע הענט, וואָס העלפן אילוסטרירן די שטאַרק אַקצענטירטע רייד — בקיצור, אַלץ וואָס איז אַזוי פרעמד און דערווידער דעם אַריסטאָקראַטישן יענקי, — איך בין געפאָרן צוגאַסט צו דער משפּחה טעילאָר. ניט גלאַט צוגאַסט, נאָר מע האָט געוואַרט אויף מיין קומען מיט אומגעדולד.

אַ באַקאַנטער פון באָסטאָן, וואָס איז געקומען צוגאַסט קיין ניו יאָרק, האָט מיך צוגערעדט, אַז איך זאָל פאָרן אָפּרוען אין אַריסטאָ־קראַטישן מעין און טאָקע בא די טעילאָרס, וואָס פאַרדינגען איצט זייער זומער־היים צו פרעמדע, וואָס האָבן פאַרוואַנדלט זייערע קאַ־טעדזשעס אין אַ „באָרדינג” פּלאַץ.

2

דאָס ווייסע מאָטאָר שיפל האָט אונז צוגעפירט צום ווערעוועקע־אינזל. אַ מעווע האָט מאַיעסטעטיש געקרייזט איבער אונז. פון צווישן די סאָסנעס האָט אַרויסגעוואונקען דער מילך־ווייסער קאָ־

טערדזש פון דער פאַמיליע טעילאָר. א ריזיקער קאַלי־הונט איז אַקעגנ־געשפרונגען און דערגרייכט אַזש מיינע אַקסלען. אויפגענומען האָט אונז מיסטער טעילאָר דזשוניאָר. זיך פארנייגט גאַלאַנט פאַר מיין פרוי, אַ שטאַרקן דריק געטאָן מיין האַנט.

— מיר זיינען אַזוי צופרידן זיך צו באַקאַנען מיט אייך—האָט ער געזאָגט מיט אַ פרישן נאָר אומעטיקן שמייכל, — מיין מוטער וואַרט אויף אייך אין אויפנאַם־צימער. אַהערצו, ביטע.״

איך האָב פון דער זייט באַקוקט טעילאָרס עלטסטן זון. דזשוניאָר איז אַ מאַן פון אַ יאָר 35. הויך, גראַציעז, ברייט־פּלייציק, אַטלעטיש־לענגלעך אויסגעפּילט פּנים, אַ לאַנגע, דינע, כמעט ביינלאָזע נאָז, העל־ברוינע האָר קורץ געשאָרן, גרוי־בלויע אויגן. זיין האַרוואַרד דיפּלאָמע פילט זיך אין זיין אַקצענט, אין די לאַקאָנישע, אָפּגעהאַקטע רייד, זיין קול איז טיף־ברוסטיק און געוויכטיק.

— מוטער, אונזערע געסט זיינען דאָ. זייער צימער איז גרייט. איך וועל באַזאָרגן די איבעריקע זאַכן . . . פילט זיך היימיש. מירן זיך זען צו וועטשערע.

זיינען מיר געבליבן מיט דער באַלעבאָסטע אַליין, מיט דער מיסיס טעילאָר, וואָס איז, ווייזט אויס, צופרידן געוואָרן צו זען נייע מענטשן. איר אויסזען איז ענלעך צו די בילדער פון קעניגן וויקטאָריאַס צייטן. זי איז מיטלוויקסיק, נאָר גלייך; שווערלייביק, נאָר ניט צעגאָסן. איר פּנים איז ניט געראונצלט. דער קאָפּ איז באַקרוינט ווייס. די גרויע אויגן זיינען שוואַך, נאָר קיין גלעזער דאַרף זי ניט. איר האַלטן זיך, איר קלאָר, מילד קול, איר נעט קליידן זיך — אַלץ גיט איר צו אימפּאָזאַנטקייט.

— דערציילט מיר, איך בעט אייך, וועגן אייער רייזע. פינף הונדערט מייל איז אַ מהלך. ווען מע פאָרט אַליין איז אומעטיק, נאָר אין צווייען איז גוט. דאָס דערמאָנט מיך, ווען איך בין געפאָרן קיין סיאַטל צו דער אויסשטעלונג. דאָס איז געווען אין יאָר . . . ״

זיינען מיר געזעסן נאָכמיטאָג באַם ברענענדיקן קאַמין. די פענסטער זיינען געווען פאַרמאַכט, ווי דער שטייגער איז דאָ, מיר האָבן געזופּט הייסע טיי און פאַרביסן מיט ביסקעטס. מיר האָבן באַוואונדערט די שיינקייט פון אַמעריקע, זיך אָנדערציילט וועגן דער

רייזע און זי, די מיסים טעילאָר, האָט געהאַרכט און געשמייכלט קלוג. מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז מע דאַרף מיט איר וועגן אירע אינטערעסן, אירע אָנגעווייטיקטקייטן ניט רעדן, נאָר צו אונזער דערשטוינונג, האָט זי אַליין גענומען רעדן וועגן זיך.

— מסתמא האָט איר, יונגע מענטשן, אויך געליטן פון דער דעפּרעסיע, נאָר אונז דאָ, אין מעין, האָט זי, דוכט זיך, געטראָפן צום שטאַרקסטן. איך וויל ניט אויסדערציילן מיינע צרות, נאָר עס וועט קלעקן צו דערציילן אייך, אַז אונזער זומער־היים, וואָס מר. טעילאָר האָט איבערגענומען פון זיינע עלטערן, מוזן מיר אין אַ באָרדינג פּלאַץ פאַרוואַנדלען און די באָרדערס מוזן אונז אין פאָרויס באַצאָלן, אַ ניט האָבן מיר ניט מיט וואָס איינצוקויפן. מע געטרויט אונז ניט מער, איר פאַרשטייט? אונז, וואָס פאַר די לעצטע דרייסיק יאָר האָט אונזער נאָמען אַליין געמיינט מזומן, אונז וויל מען קיין סענט ניט לייען . . . אונזער געלט ליגט אין דער פאַרמאַכטער באַנק אין אָגאָסטאַ. מר. טעילאָרס שיף־געשעפט איז אינגאַנצן רואינירט. (דאָס געשעפט איז אין באָסטאָן. ווינטער וואוינען מיר אין באָסטאָן). מיין זון העגרי, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט קופּער־מינען אין אַריזאָנאַ, האָט אַלץ פאַרלאָרן, אפילו זיין פּעקערד־קאַר האָט מען בא אים צוגענומען און ער האָט געדאַרפט זיך שלעפּן אַהער פון ווייטן אַריזאָנאַ מיטן באַס, — שטעלט אייך נאָר פאָר.

—ווער וויים צו וואָס די לאַגע וועט דערפירן. הערבערט הוואווער האָט פאַרדינט זיין סוף. פון זינט איך געדענק אונזער משפחה, האָבן אַלע געשטימט נאָרמאַל — רעפּובליקאַניש, נאָר לעצטן יאָר האָבן מיר אָפּגעגעבן אונזערע שטימען רוזוועלטן. און אויב ער וועט אונז ניט צוריקברענגען פּראָספּעריטי, גלויב איך, אַז איך וועל אינגאַנצן אויפהערן שטימען.

מיר האָבן זיך אָפּגענאַרט אין אונזער באַגריף וועגן די טעילאָרס. ניט געטראָפן די שטייפקייט, וואָס מיר האָבן דערוואַרט. דאָס הויז איז געווען ריין, נאָר אָפּגעלאָזן. מיר האָבן באַקוקט דעם קאַטעדזש און געפונען אין יעדן צימער ביכער־שאַפעס, מיט ווערק פון די אַמעריקאַנער קלאַסיקער, אין לעדער איינגעבונדענע עמערסאָן און מאַרק טוועין און האָטאָרן. ענציקלאָפּעדיעס און לינקאָלנס שריפטן און

פאַרשיידענע געשיכטעס פון די פאַראייניקטע שטאַטן. א צאָל פראַנ־צויזישע און דייטשישע ביכער, א סך טעקסט־ביכער. מיר האָבן אָבער אין ערגעץ ניט געפונען קיין בילד אַף דער וואַנט.

אין א קליין צימערל מיטן פענסטער צום האַפן איז געשטאַנען א „ראָל־טאָפ" שרייב־טיש מיט אַן אויסגעבעטן שטול. דאָס איז געווען דאָס איינציקע מעבל אין צימערל. דאָס איז מיסטער טעילאָרס אָפיס. זינט ער האָט אָנגעוואוירן די ביזנעס, פאַרברענגט ער יעדן טאָג א פּאָר שעה באַם דעסק איינער אַליין און די איבעריקע צייט איז ער פאַרנומען אַרום הויז. ער איז, ווייזט אויס, ניט צופרידן פון דער אינוואַזיע. ער מיידט אונז, ווייזט אויס, אויס.

איבערן הויז דרייט זיך אַרום א ליכטיק באַשעפעניש. הייסן הייסט זי מילדרעד און זי איז אויך א קרבן פון דער דעפּרעסיע. זי איז א סטודענטקע פון וועלזלי קאַלעדזש, וואו זי שטודירט מעדיצין. שלאַנק, מיטלוויקסיק, זאַמדיקע האָר, גרין־גרויע אויגן, שטאַרקע, ווייסע, לאַכעדיקע ציין, בויגזאַם און ספּריטנע. ניטאָ קיין סימן פון אָנגעצויגנקייט. גלייך געוואָרן מיט איר ווי אַלטע באַקאַנטע. די מינדסטע שפּאַסיקע באַמערקונג רופט באַ איר אַרויס א הילכיק, יונג און פריי געלעכטער.

שבת נאָכמיטאָג האָט מען געגעסן בעבלעך מיט חזיר און פאַר־ביסן מיט וואַרים ברוין ברויט. געזעסן זיינען מיר צוזאַמען, די אַלטע, מילדרעד און ס׳ניו־יאָרקער פּאָרל. מיסטער טעילאָר האָט זיך פון אונז נאָך געהאַט אויסבאַהאַלטן. איז געקומען צוריי־ד וועגן קאַלעדזש. האָט די אַלטע זיך נאָכגעפרעגט באַ מילדרעדן וועגן די מנהגים אין וועלזלי. האָט מען געלאַכט און געלאַכט. ווייל די אַלטע איז שאַרפ־זיניק און וויציק. און אַז זי האָט אָנגעהויבן אימיטירן די פּראָפע־סאָרן פון אירע טעג, איז טאַקע געווען פון וואָס צו לאַכן. מיסיס טעילאָר האָט געענדיקט צוויי קאַלעדזשעס — וועלזלי און קאָרנעל. אין אירע שופלאַדן ליגן נאָך „מיינע ליטעראַרישע לייכטזיניקייטן — לידער, עסייען, רייזע־איינדרוקן און בכלל פילאָזאָפישע אויסברוכן", דער זון הענרי האָט, ווי זיין פאָטער, געענדיקט האַרוואַרד. נאָר מיט איר אינגסטן זון עוועלעט איז גלייך אינאָנהייב געווען צרות. ווען ער האָט געהאַלטן באַם ענדיקן ס׳ערשטע יאָר, האָט ער אַהיימגעשריבן

צום טאַטן אַזוי: „פּאָטער, ס'איז אַרויסגעוואָרפן דיין געלט. דער אוניווערסיטעט גיט מיר גאָרניט, פּונקט ווי ער האָט דיר און מיין ברודער הענרי גאָרניט געגעבן". אָט אַזוי ווי איר הערט.

מיר האָבן געהערט. ניט געוואָגט צו פרעגן, נאָר געוואוסט, אַז איידער מיר וועלן פאַרלאָזן, וועלן מיר זיין אַ סך בעסער אינפאָרמירט, ווי ווען מיר זיינען געקומען אַהער. דער נאָמען עווערעט איז פאַר אונז געוואָרן אַ מין שליסל צום טעילאָר הויז. מע האָט עווערעטן, ווייזט אויס, שטאַרק ליב און ניט־ליב דאָ.

די אַלטע האָט באַמערקט, אַז מיר וואונדערן זיך וועגן איר זון עווערעטס האַנדלונג בנוגע זיין שטודיום. זי האָט פאַרנאַכט, בא דער וועטשערע, פאַרקירעוועט דעם שמועס צוריק אַף עווערעטן. מיר האָבן אויך באַמערקט, אַז הענרי דזשוניאָר איז געווען זייער אומצופרידן, ווען די מאַמע האָט אָנגעהויבן רעדן וועגן זיין אינגערן ברודער. דאָס האָט נאָך מער גערייצט אונזער נייגיר וועגן עווערעטן.

— איך דענק, אַז ער איז גערעכט, מיין זון עווערעט. ווען איך הער ווי מענטשן גייען אויס פון הונגער בא אונז, אין רייכסטן לאַנד פון דער וועלט, דאַן פרעג איך זיך אַליין די פראַגע: וואָס טוט קאָלעדזש־בילדונג אויף? אָט די גזעצגעבער און באַנק־פּרעזידענטן האָבן דאָך געקראָגן די פיינסטע בילדונג. האָט דאָס לערנען געמאַכט פון זיי בעסערע מענטשן? ניין און נאָכאַמאָל ניין! ווען איך זאָל דאַרפן נאָכאַמאָל איבערלעבן מיין לעבן, וואָלט איך געזאָגט, אַז דער ציל פון בילדונג דאַרף זיין אויסצולערנען די סטודענטן ווי צו מאַכן אַ בעסערע וועלט, ניט ווי צו פאַרזיכערן זיך מיט בעסערע פּאָסטנס און באַשווינדלען די ניט־געבילדעטע . . .

עס האָט אונז איבערראַשט איר אָפנהאַרציקייט און דירעקטקייט. דעמזעלבן פאַרנאַכט האָט זי אונז פּלוצים אַ פרעג געטאָן: „אפשר רעדט איך צו ליבעראַל פאַר אייך? איך קאָן אייך ניט. מעגלעך, אַז איר זייט רעליגיעז, כאָטש אידן, אַ דאַנק זייערע אייביקע ליידן, דאַרפן זיין אַף דער זייט פון די אונטערדריקטע, נאָר מיר זעען ווי די רעליגיעס גייען האַנט אין האַנט מיט די רייכע און אונטערדריקער. איך בין עפּיסקאָפּאַליש און מר. טעילאָר איז אַ קאָנגרעגיישאַנאַליסט".

ווער איז פאָרט עווערעט און וואו איז ער? מיר האָבן, פאַר־

בייגייענדיק, געשטעלט איר די פראַגע. אַף דעם האָט זי געענטפערט אַף איר שטייגער:

— עווערעט איז אין ראַקלענד. ער טוט אַרבעט צווישן פינישע אַרבעטער. ווען איך זע אים אָנקומען אין זיין „פליווער", ווייס איך, אַז עפּעס דאַרף ער. „מוטער", פּאַלט ער אַריין, „וואו זיינען די מאַטראַצן? גיב מיר אַ זאַק קאַרטאָפל . . . מוטער, העלף מיר שאַפן אַ הונדערטער פאַר די אַרבעטלאָזע וועטעראַנען . . . " אָט אַזוי ווי איר הערט. לעצטן יאָר, בּאַ אַ דעמאָנסטראַציע, האָט אַ „קאָפּ" אים געגעבן אַ זעץ. איר פאַרשטייט, מיין עווערעטן געגעבן אַ זעץ. נו, דער „קאָפּ" איז געפלויגן מיטן קאָפּ צו דער ערד . . . איר האָט געזען מיין הענרין? עווערעט איז מיט אַ קאָפּ העכער פון אים און ברייטער אויך. ווען ער איז אַלט געווען אַזוי ווי עדי (איר זעקס־יעריקער איייניקל) האָט ער שוין באַוויזן גבורות אין שווימען.

אין דער אַלטער האָט געבּרויזט אַ וואולקאַן. זי האָט דערוואַרט דריי באַרדערקעס, קאַלעדזש־מיידלעך פון באָסטאָן, און כאָטש מילדרעד איז געווען פאַרנומען מיטן צוגרייטן צום טיש און אין קיך, דאָך האָט זי געגעסן מיט אונז צוזאַמען און בּאַם עסן האָט די אַלטע קיינמאָל ניט גערעדט וועגן הויז־פּליכטן, נאָר אויסגענוצט די געלעגנהייט זיך אַראָפּצורעדן פון האַרצן וועגן דער פּאָליטישער לאַגע פון לאַנד. איבערהויפּט איז מילדרעדס פּאָזיציע ווי אַ סטודענטקע אַטאַקירט געוואָרן. די גוטמוטיקע מילדרעד האָט ניט פאַרשטאַנען וואָס עס ברויזט אַזוי אין דער מיסיס טעילאָר. זי איז געווען רעזערווירט און מיר האָבן ניט געקאָנט דערגיין וואָס זי טראַכט בּאַ זיך. אין איר פרייער צייט האָט מילדרעד זיך אַריינגעזעצט איינע אַליין אין אַ קאַנו און זיך געלאָזט שווימען איבער דער בוכטע, מיטנעמענדיק מיט זיך אַ בוך צום לייענען. בּאַם טיש אָבער האָט זי אויסגעהערט דער אַלטערס קיבעצערייען, זיס געשמייכלט און טאַקטיש אויסגעמידן צו פאַרפירן אַ דיסקוסיע.

— מילדרעד טייערע, האָסט אויפגענומען אַ קורס אין עקאָנאָמיע אין וועלזלי, יאָ? נו, מיר דוכט זיך, אַז דיין קורס איז געווען אַ חוזק. ווייסטו ווי עס לעבט זיך דעם פאַרמער אין דער וועסט, דעם שער־קראַפּער אין דער סאַוט, און דעם אַרבעטער אין די מילס

פון ניי־ענגלאַנד? דער בעסטער קורס אין עקאָנאָמיע וואָלט געווען זיך דורכפאָרן איבערן לאַנד, אַזוי ווי עווערעט, „היטש הייקינג", און אויספרעגן די מענטשן און זייערע קינדער וועגן זייער לעבן. וואַרף אַוועק דיינע ביכער איבער עקאָנאָמיע, מילדרעד. האַלעוויי וואָלט איך געווען אינגער, וואָלט איך אַזוי געטאָן און נאָכהער וואָלט איך אומעטום דערציילט דעם אמת וואָס איך האָב געזען . . . ווען איך טראַכט זיך אַריין אין מיין לעבן, זע איך, אַז ס'איז געגאַנגען אין ניוועץ. געלעבט אין ראַסקאַש און געוואָרן פעט. פאַרזוכט פון אַלע פאַרגעניגנס. אַרומגערייזט איבער דער וועלט. צוואַנציק יאָר צייט יעדן סעזאָן געמאַכט אַ רייזע אין אַן אַנדער לאַנד. איך קאָן פּאַריז ווי איך קאָן מיין באָסטאָן. יאָ, אַ שיינע וועלט באַשאַפן פון באַ־שאַפער פאַר אַלעמען גלייך, נאָר וויפל געניסן פון איר? נו, איך דענק, אַז כ'רעד צופיל. איר, ניו־יאָרקער, מוזט זיין געוואוינט צו אַזעלכע רייד, נאָר אַהער זייט איר דאָך געקומען זיך אָפּרוען, ניט אַזוי? און דו, מילדרעד, מוזט טראַכטן, אַז מיסיס טעילאָר איז עובר בטל.

### 3

מיר האָבן אויסגעשפּירט דאָס אינזעלע. אונזער וועג־ווייזער איז געווען דער זעקסיאָריקער, באָרוועסער עדי, דער אַלטערס אייניקל פון אַריזאָנאַ. פון אַריזאָנאַ ביז מעין האָט מיט אים אַן „אומגליק" פּאַסירט. ער האָט געדאַרפט שיך טראָגן אַף די פיסלעך. ער איז צו דעם ניט געווען צוגעוואוינט. „נאַט, זעט, מיינע „בליסטערס", נאָך איצט סימנים פאַראַן". לויפט ער פאָרויס, עדי, און רופט אויס דעם נאָמען פון יעדן שכן פון געגנט. „דאָס איז מאָפּעט'ס הויז. ער האָט פיינט, אַז מע רעדט הויך ווען מע גייט פאַרביי זיין הויז . . . דאָ וואוינען די קעבאָטס. זיי האָבן אַ יאַכט . . . אָן דאָרט, איר זעט? דאָ וואוינט קעפּטן דיק מיט די ווייסע וואָנצעס. ער האָט מיר צוגע־זאָגט צו נעמען אַף זיין שיף. ווען איך וועל אויסוואַקסן וועל איך זיין אַ קעפּטן און אַרומפאָרן איבער אַלע אינזלען פון מעין . . . "
עדי איז דאַר, דאָס פּנימל פול מיט קלייען, זיין קעלבל איז דין,

כמעט מיידליש. ער איז צו ערנסט פאַר זיין עלטער. זיין טאַטע העברי איז אַנגעכמורעט. די באָבע צאַרנט. דער זיידע האַלט זיך אָפּגעזונדערט פון אַלעם. עדי'ן פעלט די צאַרטקייט פון אַ מאַמען. ער פּרואווט זיך טוליען צו אונז, נאָר עפּעס צעשיידט אונז. מילדרעד איז פריש, יונג, פריינטלעך, נאָר קאַלט.

עדי האָט אונז איינגעלאַדן גיין קלייבן יאַגדעס. ער האָט אונז געוואָרנט וואו מע קאָן זיך צעשטעכן די הענט און אָנשטאָט צו פרעגן פראַגעס, האָט ער אונז געגעבן אינפאָרמאַציע און געהאַלטן אין איין באַלאַקען.

— איך האָב דאָ בעסער ליב צו זיין, ווי אין אַריזאָנאַ, וואו מע זעט אַזויפיל אייזלען. מיין מאַמע איז געווען קראַנק דאָרט. זי איז געלעגן אין אַ שפּיטאָל. די באָבע זאָגט, אַז זי וועט פאַרבלייבן אין שפּיטאָל. איך האָב ניט ליב קיין שפּיטאָל. עס שטינקט דאָרט. די באָבע איז גוט צו מיר, נאָר דער זיידע איז בעסער. ער לאָזט מיך טאָן וואָס איך וויל נאָר. זי לאָזט מיך ניט באָדן זיך, ווען דער צופלוס קומט אָן. פאַרן טאַטן האָב איך שטאַרק מורא. ער פלעגט מיך אַמאָל שטאַרק שלאָגן אין אַריזאָנאַ, נאָר דאָ לאָזט אים די באָבע ניט.

— איר האָט ליב אַ הונט? אונזער הונט פעל איז אַ גרויסער פרעסער. וויפל מע גיט אים, וויל ער נאָך . . .

דער קליינער עדי האָט אַ פּאָר חברים אין געגנט. ער קומט אָפּט אהיים אַ צעשלאָגענער. מיט זיין שכנטע פלאָ האָט ער זיך האַלט צו שפּילן, נאָר מיט איר ברודער אַל, ניט. איינמאָל האָבן מיר באַמערקט, אַז צוריקקומענדיק פון זיינע חברים האָט ער אונז שטאַרק באַקוקט, פון דער זייט. מיר זיינען געזעסן אָפן גאַניק און געשפּילט דאָמינאָ. עדי איז צוגעקומען, געוואָלט עפּעס זאָגן און זיך איינגעהאַלטן. עדי האָט זיך צוגעזעצט און באַקוקט זיינע „בליסטערס" און אָט אַזוי מיטן קאָפּ אַראָפּגעלאָזט, האָט ער זיך געווענדט צו אונז מיט פאַלגנ־דיקער פראַגע:

— איר ווייסט, איר קוקט אויס ווי אידן? זייט איר טאַקע אידן? — און איידער מיר האָבן אים באַוויזן צו ענטפערן, האָט ער אַרויסגעגעבן זיין פּסק, „איך האָב ניט ליב קיין אידן. קיינער האָט

זיי ניט ליב. נאָר אייך האָב איך יאָ ליב. איך ווייס ניט פאַרוואָס מע האָט ניט ליב קיין אידן. אונזער שכן ראַקוועל זאָגט, אַז אידן און ניגערס זיינען ניט גוט. איך וועל מוזן פרעגן בּאַ דער באָבען פאַרוואָס ראַקוועל האָט זיי ניט ליב".

איינגיכן האָבן מיר באַקומען די געלעגנהייט צו באַקאַנען זיך נעענטער מיט הענרין, עדים פּאָטער און טאַטע אַ דאַנק דעם קליינעם. מיר האָבן געקליבן יאַגדעס ווייט פון הויז. מיטאַמאָל האָט עדי אָנגעשפּיצט די אויערן און געזאָגט: „מיר דוכט זיך, אַז די „טין ליזי" (פּאָרדל) קומט. דער טאַטע פאָרט מסתּם צום הירשן־אינזל צו מיין פעטער עיוערעטס קעבין. מיין זיידע, ווען ער פאָרט ערגעצוואו נוצט ער די שעווי" (שעוראָלעי מאַשין).

דער קליינער האָט געטראָפן. דער טאַטע זיינער איז אָנגעקומען אין טראָקל. עדי האָט זיך געבעטן בּאַ אים, אַז ער זאָל אונז מיט־נעמען צום הירשן־אינזל. דער קליינער האָט זיך אויסגעצויגן אַף זאַכן, וואָס זיינען געלעגן פון הינטן און מיר האָבן זיך אריינגע־קוועטשט מיטן טרייבער פון פאָרנט.

4

שמאָלע בריקלעך פאַרבינדן איין אינזל מיטן אַנדערן. דער וועג איז אַ בערגלדיקער. ריח פון סאָסנעס פאַרשווינדט און עס דער־טראָגט זיך דער ריח פון פיש און געזאַלצנס און ים. די מעוועס פאַרהילכן די לופט מיט זייער געפלאַטער און קוויטשערייען. דער וועג שלענגלט זיך. דער טרייבער איז געניט. ס'איז שווער צו פאַרפירן אַ שמועס. הענרי איז לאַנגזאַם מיט דער צונג. די מאַשין פאָרט, דוכט זיך, גלייך אין ים אריין. מיר פאַרקירעווען באַרג ארויף. אַפן שפּיץ — אַ לאָג קעבין. פון הינטן, וואַלד. פון פאָרנט, ים. מיר בלייבן שטיין.

שטיינערנע טרעפּלעך פירן ארויף צו אַ ברייטער פּיאַזע. מיר גייען אריין אין קעבין. ריח פון סאָסנע־געהילץ. אַ גרויסער פייער־פּלאַץ. איבער אים אַ לאַנגע, שוואַרצע ראַם, אין וועלכער עס זיינען

איינגעפּאַסט באַקאַנטע פאָטאָגראַפישע בילדער. פון אויבן: ביל העיוואָוד, יודזשין דעבס, טשאַרלס רוטענבערג און וויליאַם ז. פאָסטער. אין צענטער: מאַרקס, לענין, דעליאָן. אונטן: סאַקאָ און וואַנזעטי, טאָם מוני און אַ בילד פון אַ דערהרגעטן באָנוס-וועטעראַן.

פון ביידע ווענט אַרום דעם פייערפּלאַץ הענגען אויסגעצוויגענע הירשן פּעלן. ביכער־פּאָליצעס באַ די ווענט. אַ שטרויענער שטול און אַ טישל. אַף אים פּאַמפּלעטן וועגן אַרבעטער־פראַגן.

הענרי איז פאַרנומען אין קיך. מיר גייען אַריין צו אים. ער פּאָרעט זיך אַרום אויוון. ס׳איז דאָ אַ סך צו פאַרריכטן. ער ווענדט זיך צו אונז: „איך האָב דאָ אַרבעט פאַר אַ פּאָר שעה. איר קאָנט גיין שווימען, אָדער טאָן וואָס איר געפעלט".

ניין. דער אינסטינקט פון דער באַלעבאָסטע וואַכט אויף באַ מיין פרוי. זי וועט העלפן. מיר וועלן העלפן. הענרי איז צופרידן. ער טיילט אַלעמען איין זיין פּאָרציע אַרבעט. דער קליינער דאַרף מיט אַ שמאַטע אַרומווישן דעם שטויב. איך וועל פּאָמפּען וואַסער. מיין פרוי דאַרף ברענגען אָרדענונג אין קיך. הענרי וועט זיך פּאָרקען באַ דער פּלאָמבינג.

ווי שטיל דאָ איז. עדי פייפט. איך האָב שוין לאַנג אַזוי שווער ניט געהאָרעוועט. נאָר כ׳פיל ווי עס קומט מיר צו אַ שטיק געזונט. איז פאַראַן אַ ניו־יאָרק אַף דער וועלט? אין אַ וואָך אַרום וועט מיך די סאָבוועי פאַנגען. היינט איז דער אינזל מיינער. איך שריי אויס פון זאָרגלאָזיקייט. עס ענטפערט מיר דאָס ווידער׳קול פון וואַלד.

הענרי שלאָגט פאָר מע זאָל זיך אָביסל אָפּרוען. ער פאַררויכערט זיין ליולקע און מיר זעצן זיך אויס אַף די שטיינערנע טרעפּלעך. עדי גייט אַוועק זוכן הירשן . . . הענרי שווייגט אַ ווייל, נאָר באַלד באַ־קומט זיין צונג לשון.

— אַ קליין אינזעלע איז דאָס. דריי און אַ האַלב מייל די לענג, אַנדערהאַלבן מייל די ברייט. מיר פאַרמאָגן באַ אַ פערצן אַקער. דאָס לאַנד באַלאַנגט צו עווערעטן. אַ מתנה פון זיידן. עווערעטס האָט דעם קעבין אַליין פּלאַנירט און אויפגעבויט. אַ פיין שטיקל אַרבעט. אַ שיין פּלאַץ. עווערעט פלעגט דאָ אָפּט פאַרברענגען, דערציילט די

מוטער. ווען דער פאָטער פלעגט אהערקומען, פלעגט ער אים אָפּט טרעפן איבער ביכער. לעצטן יאָר פלעגט עווערעט אהערברענגען אַרבעטלאָזע, קראַנקע מענטשן, איינאָרדנען זיי דאָ מיט שפּייז און קאָלדרעס און אַליין פאַרלאָזן און צוריקקומען אין א וואָך אַרום מיט א נייער פּאַרטיע היימלאָזע. ער מיינט וואָס ער זאָגט, עווערעט.

— איר האָט געזען באַ אונז אינדערהיים אַרבעט אַף די לאַנען א מיטליעריקער מאַן. דאָס האָט אים עווערעט געבראַכט פון בענגאָר. אַן איינזאַמער מענטש, דער מעק. ער האָט קיינעם ניט אַף דער וועלט, א צעבראָכענער שאַרבן. אַזעלכע ווי ער זיינען דאָ אין די מיליאָנען באַ אונז אין לאַנד.

הענרים פּנים לעבט אויף ווען ער צערעדט זיך. נאָר אַרום די ווינקלען פון מויל לויערט אַן אומעט. דער מענטש האָט אַראָפּגע־נידערט פון הויכן און אַריינגעקוקט אין אָפּגרונט אַריין.

— איר מוזט שוין זיין הונגעריק. זיך פאַררעדט. מיר נויטיקן זיך אַזוי שטאַרק אין געלט, אַז מיר מוזן פאַרדינגען עווערעטס קעבין צו א דאָקטאָר פון באָסטאָן.

— דער פאָטער אונזערער איז ניט שטאַרק צופרידן פון אונזער נייער אונטערנעמונג, נאָר וואָס קאָן מען זיך העלפן? איר דאַרפט זיך באַקאָנען מיטן פאָטער. ער איז זייער א וואוילער מענטש. צוויי זאַכן דערקאָנט ער, מיין פאָטער: דאָס וועטער און דעם מענטשן. איין קוק פון אונטער זיין ברייטן שטערן און ער דרינגט דיך דורך, ווי עס דרינגט א שטיינדל דאָס וואַסער דורך.

דעם גאַנצן וועג אהיים האָט הענרי געשוויגן, ווי עס וואָלט אים באַנג געטאָן וואָס ער האָט פריער צופיל גערעדט. אויך באַם עסן האָט ער געשוויגן. אין אָוונט האָט ער אָנגעטאָן זיין צען־גאַלאָנדיקן הוט, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט פון אַריזאָנאַ און איז אַוועק צום האַפן. מעדי האָט זיך געלייגט א נאַקעטער אין בעטל אַף דער וועראַנדע, ניט געקאָנט אַנטשלאָפן ווערן און געזונגען לידער פון דער וועסט. אין א וויטן צימער האָט זיך געהערט דאָס הוסטן פון אַרבעטער מעק. די אַלטע איז אַרויפגעגאַנגען שלאָפן, די טרעפּ האָבן געקרעכץ אונטער איר לאַסט. א מעווע האָט ווילד געקוויטשעט אַרום הויז.

5

אונזער באגעגעניש מיטן מיסטער טעילאָר איז פאָרגעקומען אזוי. די אַלטע האָט אונז געמאָלדן: „מיר'ן היינט האָבן א גאַסט בא אונזער טיש. מיסטער טעילאָר וועט עסן מיט אונז צוזאמען. זינט ער האָט געליטן פון זיינע געשעפטן, האַלט ער זיך אָפּגעזונדערט און געפינט טרייסט אין ארבעט ארום הויז".

— מיסטער טעילאָר, כ'וויל זאָלסט זיך באַקאָנען מיט אונזערע געסט פון ניו־יאָרק.

אביסל העכער פון מיטלוואוקס, שלאַנק און גלייך, ווייסע האָר, שיין פארקאמט, ווייסע, געדיכטע ברעמען, א פליישיקע נאָז מיט אן אראָפּהענגענדיקן שפּיץ, א פול מויל מיט ווייס־בליסטשענדיקע ציינער, א ברייטער רונדיקער שטערן, גרוי־בלויע קליינע אויגן טיף אריינגע־פּאסט, א שטרענגלעכער פון אויבן־אראָפּיקער בליק, דינע פארמאכטע ליפּן, א שפּיציקלעכע מאָרדע, גלאט ראזירט, א פּנים קלוג, נאָר פאר־שלאָסן, — האָט מיסטער טעילאָר אונז אויפגענומען בעסער ווי מיר האָבן דערוואַרט. זיין האַנט־דרוק איז געווען ווארים און אויפריכטיק.

— איך בין צופרידן אייך צו האָבן מיט זיך, מיינע גוטע מענטשן. מיין פרוי האָט מיר א סך דערציילט וועגן אייך.

באם עסן האָט ער געשוויגן, בלויז געזאָרגט זיך, אז קיין זאך זאָל ניט פעלן. איבערהויפּט האָט ער אויפגעפּאסט אָפּן ארבעטער, אז יענער זאָל עסן געגוג. טעדי האָט דעם זיידן אריינגעקוקט אין פּנים און אים פארשטאַנען אָפּן בליק. און דעם זיידנס בליק איז געווען געטריי.

נאָכן עסן זיינען מיר אַלע ארויס אָף דער ווערענדע. מיסטער טעילאָר האָט פארוויכערט זיין ציגאר און זיך איינגעהערט אין דער אַלטערס רייד. ווען זי האָט אים געפרעגט: „וואָס דענקסטו, פּא?" האָט ער געענטפערט ניט ווילנדיק, דאָס וואָרט איז פון זיין מויל ארויס ווי דורך א זאיער. ער האָט זיך פארטיפט אין זיין באַסטאָנער צייטונג, נאָר מיט איין אויער זיך צוגעהערט צו אונז.

עס איז געווען אָכט אין אָוונט. די אַלטע איז אוועק שלאָפן. איך האָב געטראַכט, אז מיר דארפן אויך זאָגן א גוטע נאכט, נאָר

מיסטער טעילאָר האָט מיטאַמאָל זיך געווענדט צו אונז און געזאָגט: „איך פאַרהאָף, אַז איר גייט נאָך ניט שלאָפן. אויב אַזוי, לאָמיר אַביסל אַ שמועס טאָן".

מיר זיינען אריין אינעווייניק, זיך אויסגעזעצט ארום קאַמין און דאָס פּנים פון מיסטער טעילאָר האָט אויסגעקוקט מיסטעריעז און פראָפעטיש. אויך זיין קול האָט געהאַט עפּעס אין זיך, וואָס האָט ארויסגערופן אי סימפּאַטיע, אי דרך ארץ.

— איר אין ניו־יאָרק דאַרפט וויסן וועגן אַ סך זאַכן וואָס מיר ווייסן דאָ ניט. וואָס־זשע זאָגט מען דאָרט וועגן די שלעכטע צייטן אין וועלכע מיר לעבן אצינד? ווי אַזוי נעמען די מענטשן אויף דעם קריזיס? פאַרוואָס שווייגט מען? איך האָב זיך קיינמאָל ניט פאַר־געשטעלט, אַז מיר וועלן דערגיין צו דעם, אַז מע זאָל שיסן אויף אומ־גליקלעכע ארבעטלאָזע און נאָך אויף מלחמה־וועטעראַנען דערצו . . .

מיין זון עוועריט, וועמען איך דערוואַרט אין אַ וואָך ארום, ברענגט מיר די לעצטע נייעס פון דעם, וואָס עס טוט זיך בא די מאַסן. ער זאָגט, אַז עפּעס וועט געשען בא אונז אין לאַנד. איך גלויב אָבער ניט אין דעם. די קירך וועט ניט דערלאָזן.

ער איז אַנטשווּינן געוואָרן. פאַרדרייכערט נאָך אַ ציגאַר און זיך שטאַרק פאַרטראַכט. מיר האָבן אים דערציילט וועגן ארבעט־לאָזיקייט און קאַמף אין ניו־יאָרק. ער איז געווען שטאַרק פאַרינ־טערעסירט. זיין בליק איז געווען געצילט אָפּן דערציילער. ווען מיר האָבן געענדיקט, האָט ער ווידער אָנגעהויבן.

— איך ווייס ניט וואָס עס וועט זיין מיט מיין העגרין. זיין פרוי איז אים געשטאָרבן. עדי ווייס ניט דערפון און זאָל ניט וויסן. העגרי האָט אַ גוטע בילדונג. דאָ אָפּן אינזל וועט ער צו קיין תכלית ניט קומען. געשעפט איז טויט. געלט איז ניטאָ. עפּעס מוז געשען. און אפשר איז עוועריט גערעכט.

די שטימונג איז געווען אַ געדריקטע. עס האָט זיך דערהערט דאָס בילן פון הונט און דער אַלטער האָט זיך מיט אונז געזעגנט און איז אַרויס.

ווען מיר זיינען אריינגעקומען אין אונזער צימער, האָט זיך גע־הערט דאָס קייקלען פון אַ דונער ערגעץ וויים. בליצן האָבן געלאָזט

אויף אַן אינזל אין שטאָט מעין

וויסן, אַז זיי קומען אָן, כאָטש אַ פולע לבנה האָט זיך נאָך געשפּיגלט אין גלאַטן, רואיקן וואַסער. מעוועס האָבן געכיכיקעט, אַ פויגל האָט ערגעץ־וואו געוויינט, ווי אַ ניי־געבאָרן קינד. נעענטער זיינען די שטורעם־וואָלקנס צוגעקומען צו דער לבנה. בליצן האָבן אַריינגעוואונקען אין צימער יעדע רגע. דאָס קייקלען פון דונערן איז געוואָרן העפטיקער. אויס לבנה. די וואַסערן האָבן זיך צעברויזט קעגן פעלזיקן ברעג. עס האָט אַ כליאַפּ געטאָן אַ שלאַקס רעגן.

מיר האָבן געוואַרט מיט אומגעדולד אַפן אָנקומען פון עווערעטן.
.1934

# אַ הויז אין טאָל

1

אַ שטאָק־פינסטערער נאָוועמבער־אָוונט. פון איבערן וועג, אַפן באַרג, הויערט דער געדיכטער וואַלד ווי אַ שוואַרצע וואַנט. ערגעצ־ווייט אויבן, אַפן הימל, פינקלען שטערן העל, נאָר דאָ אונטן, אַפן וועג, דערגרייכט זייער ליכט ניט. קעידי טרעפט דעם וועג אין דער פינסטער. פון איר הייזל אַפן בערגל צו די קאַפּלאַנס אין טאָל איז אַ קורצער מהלך, נאָר פון היימלעכקייט וועגן לאָזט זי זיך פירן פון איר שיין־וואַרפער.

אַ גאַנצן זומער באַווייזט זיך קעידי זעלטן באַ די קאַפּלאַנס, נאָר ווען דער פאַרם־סעזאָן איז פאַריבער, סוף סעפּטעמבער, אַרבעט איז דאָ ווינציק, סיי אין פעלד, סיי אין שייער, — דאַן דערקאָנען די קאַפּלאַנס אין די אָוונטן אירע טריט און זאָגן: „קעידי“.

ס'איז געווען אַרום אַכט אין אָוונט. פאַ קאַפּלאַן האָט אַריינגעוואָרפן אַ שייטל האָלץ אין קיך־אויוון אַריין, זיך געוואַשן די הענט, זיי אָפּגעווישט מיט אַ לאַנגן היימישן האַנטוך, וואָס איז געהאַנגען הינטער דער טיר, און זיך געזעצט עסן. קעגנאיבער אים באַם טיש האָט שוין געגעסן פּאַוועל, קאַפּלאַנס אַרבעטער. באַם צווייטן, גרעסערן טיש, זיינען געזעסן מאַ קאַפּלאַן, די טאָכטער מעי און איר טעכטערל, דאָס אייניקל, די צען־יאָריקע עוועלין. מעי האָט אָנגעשטעלט די ראַדיאָ, וואָס איז געשטאַנען אין קיך און אַלע האָבן זיך איינגעהערט צו נייעס פון טאָג.

די אַריינקומענדיקע קעידי איז געבליבן שטיין באַם אויוון און זיך אויך איינגעהערט. זי האָט שטילערהייט אָוועקגעלייגט דעם שיינוואַרפער אין אַ ווינקל פון פענסטער, אויפגעשפּיליעט איר שווערן, שוואַרצן, לאַנגן סוועטער און זיך אַ גלעט געטאָן דעם קאָפּ גלאַט־פאַרקאַמטע מענעריש־געשאָרענע ברוינע האָר, וואָס זיינען סיי־ווי געהאָרכזאַם געלעגן אַף איין זייט שטערן.

— מעי, פּליז, — האָט זי געזאָגט מיט אַ שמייכל, ווען מעי האָט

זיך געהאַט אויפגעהויבן פון פּלאַץ צו נעמען עפּעס פון אַלמער. מעי האָט געזאָגט „אַלראַיט" און איז אריין אין אַלקערל און פון דאָרט געבראַכט אַ פּעקל פּאַפּיראָסן פאַר קעידין.

ערשט דאַן, מיטן אָנגעצונדענעם פּאַפּיראָס, וואָס זי האָט לײדנ־שאַפטלעך פאַרצויגן עטלעכע מאָל און דעם רויך אריינגעבלאָזן אין קאָרידאָר אריין, האָט זיך קעידי אוועקגעזעצט אַ בארואיקטע לעבן אויוון.

די נייעס אַף דער ראַדיאָ האָט ארויסגערופן אָפּרופן בא מעי׳ען, מאַ האָט אריינגעוואָרפן אַ וואָרט, פּאַוועל האָט געוואָלט מע זאָל אים פּארטייטשן עפּעס, קעידי האָט ארויסגעזאָגט אַ מיינונג, עוועלין האָט געפונען פון וואָס צו לאַכן אַפן קול. דער איינציקער וואָס האָט געשוויגן איז געווען פּאַ קאַפּלאַן. געערדט האָט ער בלויז דאַן, ווען אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז פּאַוועל האָט ניט געגעסן גענוג. „עס, פּאַוועל, פאַראַן גענוג." דאָ פּלעגט זיך אריינמישן די מאַ. „וואָס, פּאַוועל, די קאַרטאָשקעס זיינען האַרט?"

— דאָברע, דאָברע, — האָט פּאַוועל אַ מאַך געטאָן מיט דער קלייענדיקער האַנט און אָנגעשטאָפּט אַ פול מויל.

נאָך וועטשערע. מאַ וואַשט די טעלער, די טאָכטער ווישט זיי איבער. עוועלין ליגט אויסגעשפּרייט אַפן לינאָלעי־דיל און טוט איר היימאַרבעט. פּאַ לייענט זיין אידיש בלאַט אין אויסגעריבענעם ווייכן שטול. פּאַוועל רויכערט מאַכאָרקע און שטאַרט מיט זיינע קליינע פאַרנעפּלטע אויגן אין רוים. קעידי רויכערט און האַלט אָנ־געשפּיצט די אויערן צו הערן טריט פון דרויסן.

אויסער די קאַפּלאַנס און פּאַוועלן ווייס קיינער ניט, אַז קעידי רויכערט. איר „זינד" באַגייט זי דאָ בא די קאַפּלאַנס אין קיך, וואו זי קויפט פון מעיען דאָס פּעקל פּאַפּיראָסן. איר מאַן וואָלט איר דיביינער אָנגעבראָכן, ווען ער דערוויסט זיך. ווען קעידי דערהערט טריט, וואַרפט זי איר סיגאַרעטל אין אויוון אריין.

פּאַוועל טוט אָן זיין קעפּ, מורמלט עפּעס אונטער דער נאָז, נעמט זיין שיינוואַרפער און גייט אין שייער אריין שלאָפן. עוועלין רוקט זיך ביסלעכווייז צו צו קעידין און באַלד ווערט קעידיס אומבאַוועג־לעכער, ערדיקער פּנים זוניק. איר גראָב־באַסאָווע קול, וואָס זי

פּרוּוּט קאָנטראָלירן, אַז עס זאָל זיך ניט צעטראָגן איבער דער קיך, הילכט אָפּ ווי אַ ווידער־קול פון בארג און זי ניט זיך אַ כאַפּ מיט דער האַנט פאַרן מויל און קוקט פאַרשולדיקט אַף די אַרומיקע. קעידי לאַכט פון עוועלינס קונצן און אין אירע האַרטע קליינע אויגן באַווייזן זיך שטיפערלעך, וואָס קיצלען און זאָגן: „מע מעג, קעידי, מע מעג.״

גאָר אָט גייט עוועלין שלאָפן. זי קושט די באָבע, די מאַמע און אַמאָל אויך קעידין. קעידי שאָקלט מיטן קאָפּ פון פאַרגעניגן און אין אירע אויגן באַווייזן זיך טרערן. מאַ זעצט זיך אַוועק שטריקן הענטשקעס פאַר איר אייניקל; מעי נעמט זיך פאַר דער קאָלדרע, וואָס זי קלייבט זיך נעבן אַ מתנה אַ ניי־פאָרל; קעידי רוּיכערט און זוכט אין נעדאַנק וועגן וואָס צו רעדן; זי הויבט נעוויינטלעך אָן פון וועטער. „כ׳האָב נעהערט דאָס פייפן פון דער באַן הינטער די בערג״, זאָגט זי, „מירן האָבן רעגן.״ די באַן איז פיר מייל פון דאַנען און מע הערט נעוויינלעך ניט איר פייפן, נאָר ווען די וואָלקנס זיינען נידעריק, דאַן דערטראָגט זיך איר פאַרוואָרפענער איינזאַמער רוף אַהער אין טאָל אַריין.

מעי נעמט אַרויס פון שופלאָד ס׳טעשל קאָרטן, קעידי רוקט זיך צו צום טיש און מע פאַרטיפט זיך אין אַ קאַסינאָ. מע שפּילט אַף פענים און אַז קעידי נעווינט, לאָזט זיך איבער דאָס געלט פאַר עוועלינען. „דאָס איז מיין באַנק״, זאָגט זי. נאָכן שפּילן טרינקט מען טיי און מע פאַרבייסט מיט פּלעצלעך. קעידי זאָגט: „טשאַי פיט, ניע דראָווא רוביט.״

קאַפּלאַנס הויז אין טאָל שטייט אָפּגערוקט ווייט פון די אַרומיקע פאַרמער־הייזער, נאָר אַלע טרעפן דעם וועג אַהער, איבערהויפּט די שווערע הערצער. די טיר איז תמיד אָפן. דער אויוון אין קיך ברענט, בענקלעך פאַראַן נענוג און די מאַ האָט אַ שמייכל פאַר יעדן און פון אירע מילדע שוואַרצע אויגן לייכט אַרויס איר ערלעכקייט און גוט־האַרציקייט. דער פּאַ שווייגט, קוקט איר אין די אויגן אַריין און וועט זיך קיינמאָל ניט אָפּזאָגן צו העלפן וועמען מע דאַרף. ווינציק פאַרמערס אין אַרומיקער נעגנט האָבן זייערע הערצער ניט פאַרטרויט פאַר די קאַפּלאַנס, נאָר קיינער קאָן זיך ניט באַרימען, אַז די קאַפּלאַנס

האָבן אַמאָל פאַר אימיצן אויסדערציילט זייער לעבנס־געשיכטע, כאָטש צו דערציילן האָבן זיי גאָר אַ סך און ניט קיין פריילעכס דערצו. דער לאַנדסמאַן פּאַוועל איז אַן עדות דערפון; קעידי פון אוקראַנע ווייס אַ סך וועגן דעם, נאָר פאַר די הינע שכנים, די אַמעריקאַנער, זיינען די קאַפּלאַנס — שטילע מענטשן, וואָס פאַרדינען זיך ערלעך זייער ברויט.

קעידי האָט די קאַפּלאַנס ליב, כאָטש זי האָט עס זיי קיינמאָל ניט געזאָגט. מאַ רעדט ווינציק, נאָר זי האָט ליב צו הערן קעידין רעדן און פאַר איר טאָכטער מעי פאַרטרויט זי: „ווייסט, טאָכטער, זי איז זייער אַ וואוילער מענטש. אַ שאָד, וואָס זי האָט אַ מאַן אַ מאַשעניק, אַ פּאַסקודע . . . זי דאַרף אים פאַרלאָזן, דעם פּיאַניצע. ער קאָן איר נאָך אַ מיתה אָנטאָן.”

מעי סימפּאַטיזירט מיט קעידין, נאָר זי ענטפערט ניט דער מאַמען. די פּראָבלעם „מאַן” ענגבערט איר מח און האַרץ און ס'איז איר שווער צו רעדן וועגן דעם. זי איז ניט מקנא קעידין. בעסער לעבן אָן אַ מאַן, איידער מיט אַ מאַן וואָס שלאָגט. קעידי קומט אַמאָל אַריין מיט אונטערגעשלאָגענע אויגן. . . .

אָט אַזוי שטייענדיק איבערן אויוון האָט זיך מאַ צוגעהערט צו קעידיס לעבנס־געשיכטע. מאַ פלעגט בלייבן שטיין מיטן לעפל אין האַנט, אַמאָל פלעגט זי פאַרגעסן אַרויסצונעמען די פאַן געבעקס אין צייט און זיך ערשט אַ כאַפּ געטאָן, ווען די קיכלעך האָבן זיך שוין גע־רויכערט — אַזוי אַריינגעטאָן איז זי געווען אין קעידיס דערציילן. קעידי פלעגט רעדן כאָכלעש, מיט אָפּגעהאַקטע זאַצן, מיט אוקראַיני־שער, געזונטער פאָלקס־חכמה, געבראַקט גלייכווערטלעך, אונטערגע־זונגען אין איר רעדן. דאָס גראָבע קול האָט געשניטן אין אויער, נאָר מאַ האָט געפילט אַזאַ נאָענטקייט אין קעידיס דערציילן. זי האָט זיך אַריבערגעטראָגן צוריק צו איר איינענע קינדעריאָרן; צו איר דערעווניע לעבן פּראָסקוראָוו, צו די ליבע קינדעריאָרן און שפּעטער — צו די בלוטיקע פּאָגראָם־יאָרן.

איינמאָל האָט זיך קעידי ביטער צעכליפּעט. איז זי געשטאַנען מיטן פּאַפּיראָסל צווישן די פינגער, די מענערישע קעידי, מיט דער אינגלישער פריזור, אַ געזונטע אַזאַ, מיט פעסטע פּלייצעס, מיט אַ

ברוינעם קאָרק, מיט צערעפּעטע גראָבע הענט, ווי אַ היימישער פּויער, — איז זי געשטאַנען און געוויינט ווי אַ הילפלאָז קינד, וואָס האָט פאַרלאָרן די מאַמע אין דער פרעמד, און זיך געווישט די הייסע גרויסע טרערן, ווי באָב, מיטן אַרבל פון אַלטן שוואַרצן סוועטער. מאַ איז צוגעגאַנגען צו איר, אַליין מיט טרערן אין די גוטע מאַמעשע אויגן, אָנגענומען קעידין פאַר דער האַנט, זי אַוועקגעזעצט לעבן טיש און זי באַרואיקט, גלעטנדיק איר גלאַטע גריווע, גלעטנדיק איבערן סוועטער, באַרירנדיק די גרויסע האַרטע בריסט אירע.

און דערציילט האָט קעידי געהאַט וועגן איר אייגענעם טאַטן, וואָס איז געווען אַ גרויסער שיכור און געשלאָגן די מאַמע און אַלע קינדער אין הויז, און ווי די מאַמע האָט פון אַזאַ זעץ אין בויך זיך מער ניט אויפגעהויבן. נאָר צעכליפּעט האָט זיך קעידי דאָן, ווען זי האָט דערציילט ווי איר טאַטע, וואָס איז אינעווייניק פאַר'שרפ'ט געוואָרן פון ביטערן טראָפּן, האָט זיך די פיס ניט געקאָנט דערוואַרעמען אין בעט און געצוואונגען איר, די 13-יעריקע קעידי, צו שלאָפן אין זיין בעט, צופוסנס און ער פלעגט איר אין שלאָף מיט די שטינקענדיקע פיס זיינע זעצן אין בויך, און דערפאַר ליידט קעידי ביזן היינטיקן טאָג. זי קאָן קיין קינדער ניט האָבן אָן אַן אָפּעראַציע, זאָגן די דאָקטוירים. קעידי חלשט האָבן אַ קינד, זי איז 33 יאָר אַלט, נאָר ערשטנס, האָט זי מורא פאַרן מעסער און, צווייטנס, דערמאָנט איר אייגענער מאַן איר אין טאַטן אירן און זי וואָלט אים דערהרגעט, אויב ער וואָלט זיין לאַפּע אַפן קינד אַרויפגעלייגט . . . ווען דער טאַטע איז געשטאָרבן האָט זי קיין טרער ניט געלאָזט. די „באַבעס" פון דאָרף האָבן געזאָגט: „וויין!" און זי האָט געענטפערט: „פאַרוואָס זאָל איך וויינען? ער האָט די מאַמע אומגעבראַכט, כ'אָל וואָלט ער „זדאָך", איידער ער האָט די מאַמען אָנגערירט."

אַ מומע פון ניו-דזשוירזי האָט קעידין אַריבערגעבראַכט קיין אַמעריקע. זיבעצן יאָר איז זי דאַן אַלט געווען. גלייך אין אַ קליידער-פאַבריק זי פאַרשפּאַרט. די שכירות באַ איר צוגענומען. פאַר דער שיפסקאַרט שוין לאַנג געהאַט אויסגעצאָלט, נאָר די מומע האָט געפאָדערט נאָך און נאָך. דאָס איז אָבער געווען אַ האַלבע צרה. די ערגסטע זאַך איז געווען, וואָס איר פעטער האָט פאַרלאַנגט מער.

ער איז שוין דאַן געווען איבער די 50־גער, נאָר ער האָט געהאַלטן אין איין קריכן צו איר, ביז זי האָט אים איינמאָל, ווען די מומע איז אַרויס איינקויפן און ער האָט זי, אין קיך, אַרומגעכאַפּט, דערלאַנגט אַזאַ שטויס אַפּ פון זיך, אַז ער איז אַרויפגעפאַלן אַפן ברענענדיקן אויוון און זיך אָפּגעבריט די דלאָניעס. זי האָט אַ שפּיי געטאָן אַף אים און זיך צעוויינט. אינמיטן נאַכט האָט זי איינגעפּאַקט איר קלומעקל און איז פאַרטאָג אַוועק קיין ניו־יאָרק.

אָט אַזוי האָט קעידי דורך די לאַנגע האַרבסטיקע און ווינטער־אָוונטן דערציילט דער מאַ איר לעבנס־דערפאַרונגען אין אוקראַינע און אין אַמעריקע. מאַ האָט פאַר זיך דערזען אַ פיין פילנדיקן מענטשן, וואָס האָט ניט געהאַט קיין מעגלעכקייט צו אַנטוויקלען זיך און צו לערנען. אַ מענטש אַ געזונטער, אַ נאָרמאַלער פיזיש און גייסטיק, מיט אויסגעשטרעקטע הענט צו דער וועלט, גרייט צו ליבן און דינען, נאָר וואָס האָט קיינמאָל פון קיין וואָרימקייט ניט גע־וואוסט, קיינמאָל פון די זיסקייטן פון לעבן ניט געגאָסן.

קעידי האָט דערציילט ווי אַזוי זי איז אין ניו־יאָרק אַריין צום גלח צו קאָנפעסיע. ס'איז געשטאַנען אַ לאַנגע ריי מענטשן און גע־וואַרט. ענדלעך האָט זיך קעידי דערוואַרט און מיט אַ ציטערדיק האַרץ צוגעקומען צו אים. אַלץ וואָס זי האָט פאַרמאָגט איז געווען 50 סענט. זי האָט עס דעם גלח דערקלערט. ער האָט אַף איר אַ בייזן קוק געטאָן און אַ פיר געטאָן מיטן לאַנגן פינגער: „אַרויס פון דער ריי!" איר שאַנד איז געווען גרויס. דער עולם האָט געקוקט אַף איר פאַרדעכטיקט.

פון דאַן אָן איז זי מער אין קירך ניט געגאַנגען.

עס איז איר געווען שלעכט אין ניו־יאָרק. זי האָט ניט געקאָנט פאַרטראָגן די סאָבוועי מיטן געדרענג. געאַרבעט האָט זי שווער מיט אַ פרעס־אײַזן, נאָר דאָס האָט איר ניט געאַרט. די איינזאַמקייט איז געווען ערגער פון אַלץ. אַ יונגער מענטש, איינער אַליין אַף דער וועלט; ניט געקאָנט לייענען אָדער שרייבן; געבענקט נאָך איר שוועס־טער אין דאָרף. איז זי געשטאַנען בײַ דער אַרבעט און אונטערגע־זונגען די דאָרפישע לידער און געלאָזט אַ טרער. אַרום זיך האָט זי תמיד געפילט וואולגאַרע בליקן פון מענער און אינגלעך. דער פליכע־

וואָטער פאַרמאַן פלעגט פאַרבייניייענדיק איר געבן אַ קניפּ אין ליב, פלעגן זיך אירע פולע באַקן אָנצינדן צונטער־רויט, האָט זיך דער שאַפ געקאַטשעט פון געלעכטער.

זי האָט געבענקט אַהיים, צו די פאַרחלומטע פאַרנאַכטן, צו דער שוואַרצער און גרינער ערד.

אין הויז, וואו זי איז איינגעשטאַנען, האָט זי זיך אָנגעטראָפן מיט אַ זעמליאַק, מיט אַ לאַנדסמאַן פון זעלבן אויעזד. ער איז געווען מיט אַ 15 יאָר עלטער פון איר, נאָר אויך אַזאַ געזונטער, אַזאַ דעמב ווי זי. גערעדט האָט ער צו איר פּאַטערלעך, ניט געקראָכן גלייך מיט די לאַפּעס, ווי אַנדערע. זיך געבייזערט אויף איר וואָס זי רויכערט (זי האָט אָנגעהויבן רויכערן צוליב איינזאַמקייט). ער האָט געזאָגט: „נאַסן־מוידן רויכערן".

איז איר געפעלן געוואָרן זיין צוגאַנג. די באַלעבאַסטע פון הויז האָט איר צוגערעדט זי זאָל חתונה האָבן מיט אים. ער איז געווען אַ מוליער, אַ גוטער פאַרדינער. מיט דער צייט איר זיין באַנקביכל געוויזן. צודרינגלעכער געוואָרן. זיך אָנגעהויבן איינעסן מיט טענלעכע וויזיטן. ס'האָט זיך אָנגעהויבן הערן בראָנפן פון זיינע וואָנצעס. ניין, אַזאַ וועט זי ניט נעמען. בעסער בלייבן אַליין . . .

עס האָבן זיך צו איר געשאַרט פּראַנטן, אַמעריקאַנצעס, נאָר זי האָט ניט געקאָנט פאַרטראָגן די ביינערדיקע, אויסגעטריקנטע בחורים, מיט די זיידענע שניפּסלעך און גלאַנציקע האָר. עס האָט איר געצויגן צו ערדישעס, פולעס, ברייטפּלייציקייט, וואָניקייט.

און ווידער האָט דער זעמליאַק איר די הענט געקושט. געשוואָרן זיך, אַז ווען זי וועט אים נעמען, וועט ער מער קיין טרונק ניט פאַר־זוכן. ער האָט גערעדט וועגן זייער דערפל, וועגן אַמאָליקע צייטן, גערעדט איר לשון און געבענקט ווי זי, נאָך ערד, נאָך ראַכוועס און רו.

— מירן פאַרלאָזן די שטאָט, קויפן אַ שטיקל ערד, האָבן איינענע בהמות, האָדעווען עופות, לעבן מיט לייטן צוגלייך, — האָט ער איר פאַרזיכערט אין די זומערדיקע פאַרנאַכטן.

דאָס האָט געווירקט אויף איר. איז מען אַרויסגעפאָרן אין די

בערג זוכן ערד. ער האָט געשאָלטן אידן, נאָר זיין ערד געוואָלט האָבן לעבן זיי. זיי האָבן זיין שפּראַך פאַרשטאַנען. איר, ווידער, האָט געצויגן צו אידן, ווייל זיי זיינען געווען גוט צו איר. ניט די מענער, נאָר די פרויען. עס איז איר געווען היימלעבער מיט זיי. האָט מען נעקויפט אַ פאַרם אין די קעטסקילס. געהאָרעוועט פון פרי ביז שפּעט אין אָוונט און געשאָלטן די קאָמפּאַני, וואָס האָט פון זיי די מילך פאַר פּענים אָפּגעקויפט.

ער (באַם נאָמען האָט קעידי איר מאַן קיינמאָל ניט דערמאָנט) פלעגט זיין וואַרט האַלטן פינף מאָל אין וואָך. שבת און זונטיק פלעגט ער זיך אָנשיכורן און זי ממיתן. זי איז געווען שטאַרקער פון אים. זי וואָלט אים מיט איין קלאַפּ פון איר מוסקולירטן, שטאָלענעם אָרעם, אוועקגעלייגט, נאָר זי האָט אים קיינמאָל ניט אָנגערירט. ער איז איר מאַן געווען.

קיין פריינט האָבן זיי ניט געהאַט. איבערהויפּט ער. אַ בעזי לודנער אַזאַ. זיך אָנגעגעסן, און ווי ס׳איז געוואָרן נאַכט, האָט אים צום בעט געצויגן. זי פלעגט זיך אַרומדרייען און גענעצן, גענעצן און אין בעט ניט געקאָנט אַנטשלאָפן ווערן. ער האָט געכראָפּעט און זי האָט זיך אין איר טאַטן דערמאָנט, אין די קינדעריאָרן זיך געזעען און מיט טרערן דאָס קישן באַנעצט.

ס׳איז איר אומעטיק געווען, גאָר אומעטיק. נאָך אַ גוט וואָרט געבענקט, צו מענטשן זיך גענטערן געוואָלט. ער האָט ניט געוואָלט.

די קאַפּלאַנס האָבן אונטן אין טאָל עופות געהאָדעוועט און אַ קרעמל געהאַלטן זומערצייט. זיי האָבן באַ איר אַמאָל מילך געהאַט געקויפט. זי האָט באַ זיי פריינטשאַפט געזוכט און געפונען. איז שוין אַכט יאָר צייט ווי קעידי האָט איין געטרייען פריינט אין איר לעבן — מאַ קאַפּלאַן. זי פילט עס. זאָל אימיצער קראַנק ווערן באַ די קאַפּלאַנס, וועט קעידי אַרומגיין אַ פאַרזאָרגטע און ניט אָפּטרעטן פון הויז ביז שפּעטער נאַכט. און זאָל זי קראַנק ווערן, וועט די ערשטע דערפון וויסן מאַ קאַפּלאַן און וואָס זי וועט איר הייסן טאָן, וועט זי פאָלגן.

קעידי מוז רויכערן. איר מאַן האָט אויך זיין וואָרט ניט גע־האַלטן. און ווידער ווייס זי, אַז אַנשטענדיקע פרויען רויכערן הייַנ־טיקע צייטן. ס'איז גוט פאַר די נערוון. נאָר דעם מאַן וועט זי ניט דערצאָרענען. נאָכן רויכערן קייט זי מינט־צוקערקעס, ס'זאָל דער טאַבאַק־ריח פון איר מויל זיך ניט הערן.

זי וואָלט אַוועק פון מאַן. זי וויל מע זאָל זי ליב האָבן, ניט שלאָגן. אַ געטרייַע ווייב איז זי. אַ קינד וואָלט זיך וועלן האָבן, איידער עס ווערט צושפעט. שיעור ניט אַמאָל אַוועק פון מאַן. געווען איז עס מיט אַ פּאָר יאָר צוריק. עס האָט זיך צו איר געהאָט צוגעשאַרט אַן אַמעריקאַנער בחור. דער איינציקער זון פון אַן אַלטן פאַרמער אין יענער געגנט. אַן אַלטער בחור. געקומען צום מאַן וועגן עפּעס אַן ענין. אַלע דריי זיינען אַרוים אין פעלד, באַ־קוקט. פרענק — אַזוי האָט געהייסן דער גאַסט — האָט באַטראַכט און באַטאַפּט די בהמות און צוזאַמען זיינען אַלע דריי אין שטעטל אַריינגעפאָרן, איינגעקויפט און צוריק אַהיים געפאָרן אין פרענקס קאַר.

פרענק איז געוואָרן אַן אָפטער גאַסט באַ זיי. ער האָט איר געוואָלט העלפן באַ דער אַרבעט אין פעלד. אַ הויכער, אַ דאַרער, מיט אַ גרויסער ליולקע צווישן די פאַרמאַכטע ליפּן, מיט אַ קול וואָס איז אַי געווען האַרט, אַי געוואַרעמט.

דער מאַן אירער האָט געשוויגן, ווען ער פלעגט דערזען פרענקן. פרענק איז אויך געווען אַ שווייַגער. פלעגט ער ווינטער צייט אַרייַנ־קומען אין קיך, באַגריסן זיך מיט איר מאַן און פּיפּקען. זי פלעגט רעדן צו אים, אויספרעגן וועגן שניי, וועגן די בהמות אין זיין שטאַל. ער פלעגט ענטפערן מיט אַ האַלב מויל, נאָר זי האָט גוט געפילט, אַז ער עסט זי מיט זיינע בליקן.

פרענק האָט אויפגעהערט אַריינקומען צו קעידין אין הויז, נאָר ער פלעגט זי אָפּוואַרטן אין אָוונט, ווען זי פלעגט אַרויסגיין פון די קאַפּלאַנס. איינמאָל און נאָכאַמאָל. געוואָלט זי אַריינגעמען אין זיין קאַר, זיך דורכפאָרן. קעידי האָט דערפילט, אַז זי ווערט ווי ניי־געבאָרן, נאָר זיך אָנגענומען מיט כח, געזאָגט „ניין" און אויסגע־

שטרעקט איר האַנט צו פרענקן אַף „גוטע נאַכט", נאָר די האַנט איז געווען הייס, כאָטש אין דרויסן איז געשטאַנען אַ בייסיקער פראָסט.

איינמאָל אין יאָר פלעגן די פּאַרמערס פון געגנט זיך צוזאַמענקומען, ערב די רעגירונג־וואַלן, אין שטעטל און טאַנצן און זיך משמח זיין. קעידי מיטן מאַן פלעגן אויך טאַנצן. האָט פּאַסירט, אַז פרענק האָט קעידי'ן איינגעלאַדן צו אַ טאַנץ. קעידי האָט, ניט געטראַכטערהייט, אָנגענומען. דער מאַן איז געזעסן און געברענט. פרענק האָט זיך געפילט האָפּערדיק, זיך פאַרנייגט פאַרן מאַן און אים באַדאַנקט און ליידנשאַפטלעך געשמייכלט צו קעידין. דער מאַן האָט עפּעס אַ מורמל געטאָן אונטערן נאָז. פרענק האָט עס באַמערקט. קעידי איז גלייך פאַרשוואונדן מיטן מאַן פון זאַל. אַפן וועג אַהיים האָט ער געסטראַשעט צו דערהרגענען פרענקן. קעידיס לעבן איז געוואָרן נאָך מער מיזעראַבל.

פרענק איז מער ניט געקומען. ער פלעגט אויסמיידן זיך צו טרעפן מיט קעידין אָדער איר מאַן אין שטעטל. נאָר איינמאָל, ווען קעידי איז אַרויס פון די קאַפּלאַנס האָט ער געוואַרט אַף איר. עס איז געווען אין האַרבסט. די נאַכט איז געווען שטאָק־פינסטער. זיינען זיי געלעגן אַפן נאַסן גראָז, אַף קאַפּלאַנס ערד. פרענק האָט זיך געבעטן בא איר, אַז זי זאָל אַוועק מיט אים. געלט האָט ער. וועלן זיי אַוועק צו קרובים אין דער סאוט און דאָרט חתונה האָבן. קעידי האָט געזאָגט: „ניין". מער איז פרענק ניט געקומען.

מאַ קאַפּלאַן האָט געהאַט אַ חלק אין קעידיס באַשלוסן.

קעידי האָט זיך געהאַט איר לעבנס־פילאָסאָפיע. וועגן דער פרענק־אַפּערע, האָט זי דער מאַ געגעבן איר דעפיניציע. זי האָט באַנוצט דאָס גלייכווערטל: „טשאָרט בעז באָלאָטי ני בודע". ווען די מאַ האָט איר געזאָגט, אַז זי דאַרף אַליין בא זיך באַשטימען, וואָס צו טאָן, האָט איר קעידי געענטפערט מיט אַן אַנדער ווערטל: „אַ סאַם טשילאָוועק ראַזומו ניע מאַיע, באַטשיט". די קליינע מאָנגאָלישע אויגן האָבן געגליט, די שטאַרקע ווייסע ציין האָבן געשטשירעט.

## 2

מאַ קאַפּלאַן און קעידי האָבן זיך פאַרשטאַנען אַפן וואונק.

פּרייטיק אָוונט האָבן די קאַפּלאַנס תמיד געסט. אַזאַ טראַדיציע באַ זיי. מע לאַדט געוויינטלעך איין אימיצן, וואָס גויטיקט זיך אין אַ גוט וואָרט: אַן אַלמנה מיט אירע קינדער. נאָכן סעזאָן איז מען אַזוי איינזאַם אין די בערג און ביטער איז דעם, וואָס איז געטראָפן געוואָרן פון אַן אומגליק.

די מאַ כאַפּט זיך אַריבער מיט איר טאָכטער מעי צו אַן אַלמנה אין הויז אַריין אינמיטן וואָך, אין אַ נאָכמיטאָג. דער מאַ׳ס אויסזען אַליין בארואיקט. זי איז עטוואָס העכער פון מיטלוואוקס. באַטש זי איז שוין אַ באָבע באַלד צען יאָר, האָט זי נאָך קיין איין גרויע האָר ניט אין קאָפּ. די שווארצע גלאַנציקע האָר גלאַט פאַרקאַמט, דאָס מילדע, מאַמישע פּנים גוטמוטיק, נאָר ניט צעקראָכן, ווי באַ אַנדערע ענלעכע מאַמעס און באָבעס, די הויט איז נאָך גלאַט, גע־זונט. זי איז די געבאָרענע באַלעבאָסטע, ניט בלויז פון איר אייגן הויזגעזינט, נאָר אַלעמענס ווירטין, פון קדמונים אָן. זי ווערט קיינמאָל ניט אַנטוישט און געפינט אַ טרייסט־וואָרט, וואָס מוטיקט אין פינסטערע מינוטן. עס איז גוט מיט איר צו זיין אין אַן עת צרה. איז דערפאַר, ווען מאַ באַווייזט זיך אַף דער שוועל, ווערט ליכטיקער, גלייכן זיך קנייטשן אויס אַף פאַרצאָגטע צורות. זי הערט זיך איין מער ווי זי רעדט און צום סוף גיט זי אַ מאַך מיט דער האַנט: „ניט געזאָרגט. מע דאַרף קאָנען אַלץ אַריבערטראָגן, גלויבט מיר; ס׳זיינען דאָ נאָך ערגערע צרות אַף דער וועלט.״ די אַלמנה רעדט זיך דערוויל אויס איר ביטער האַרץ און די מאַ איז אַ גוטע צוהערערקע. דער באַזוך ענדיקט זיך געוויינטלעך מיט מאַ׳ס איינ־לאַדונג: „קומט אַריבער צו אונז פּרייטיק צו סאַפּער״. קיינער האָט נאָך דער מאַ ניט אָפּגעזאָגט.

פּרייטיק אָוונט. די אַלמנה איז דער גאַסט און זי רעדט וועגן זיך און איר אומגליק, וועגן פאַרשטאָרבענעם מאַן, וועגן אירע קינדער, וועגן דער געבליבענער פאַרם, וועגן איר צוקונפט. פּאַ קאַפּלאַן זיצט אויבן־אָן באַם טיש. מע זיצט אין קיך באַם גרויסן טיש.

היינט שווייגט ער ניט. ער איז ערנסט, טוט אָן און טוט אויס די האַרנדיקע שפּאַקולן און איז טיף פאַרטראַכט. ער ווייס, אַז צו זיין וואָרט הערט מען זיך צו און די אַלמנה וואַרט אויף זיין עצה. וואָס זאָל זי טאָן מיטן האָטעלכל — פאַרקויפן אָדער אריינגעמען אַ פּאַרטנער; לאָזן דעם בחור ענדיקן קאָלעדזש, צי אים אריינגעמען אין געשעפט . . . פּאַ קאַפּלאַן הערט געדולדיק אויס, דאַן זאָגט ער לאַנגזאַם ארויס זיין מיינונג. די מאַ הערט זיך פאַרכטיק צו, אירע באַקן זיינען איצט ראָזעווע פאַרפלאַמט. זי איז כמעט תמיד מסכים מיטן מאַן און קוקט אים אין מויל אריין מיט שטאָלץ אין איר בליק. אַנדערש איז מיט זייער טאָכטער מעי. זי איז יונג, נאָר פאַרזאָרגט. זי האָט ווינציק גלויבן אין מענטשן און זי זאָגט מער „ניין" ווי „יאָ". דער סוף איז, אַז דער גאַסט פאָלגט דעם פּאַ און ניט מעיען.

זומערצייט זיינען די פאַרמערס פאַרנומען מיט זייערע שטאָטישע באָרדערס. די קאַפּלאַנס האַלטן ניט קיין באָרדערס, נאָר עס מאַכט זיך שוין תמיד, אַז עס פאַרבלאָנדזשעט אימיצער צו זיי אויף נאַכט־לעגער: אַ רעדנער, וואָס איז געקומען מאַכן „קאָלעקשאָנס" איבער די פאַרמס פאַר עפּעס אַ נויטיקן צוועק, אַמאָל איז דאָס אַ ראַדיקאַל, אַ לינקער, אַמאָל נאָר עפּעס אַ כלי קודש, אַ רב'ל — אַלץ איינס — קאַפּלאַנס הויז איז אָפן פאַר יעדן. מע דערלאַנגט דעם איינפּאַכן, נאָר געשמאַקן מאָלצייט, מע באַלייגט דעם גאַסט אין שענסטן צימער. דאָס בעט איז ווייס און ווייך, אין הויז איז שטיל, מע גייט ארום אויף די שפּיצפינגער לכבוד דעם גאַסט. אינדערפרי פרעגט דער גאַסט: „וויפל קום איך אייך?" בלאָזט זיך מאַ אָן: „גייט שוין, גייט, באַצאָלן נאָר!"

קומט מאַ אין שטעטל אריין איינקויפן פאַר דער וואָך, קומט זי אַהיים מיט אַ פּאַק מעשיות. דער פישמאַן, דער קצב, דער גראָסערימאַן — יעדער דערציילט איר וואָס עס האָט זיך פאַרלאָפן. דעמס זון האָט חתונה געהאַט מיט אַ שיקסע; דער פאַרמער אויף יענער זייט טייך בויט אַ ניי הויז; שכנים אָפן וועג צום ווייסן באַרג האָבן זיך געשלאָגן; דער אַנטיסעמיט, דער פּאָסטמאַן, האָט געזאָגט אַזוי און אַזוי. מאַ הערט אַלעמען אויס, קומט אַהיים און דערמאָנט זיך יעדעס מאָל אַן אַנדער מעשה. „הערסט, מיין מאַן, דער קצב

דערציילט . . . " פּאַ הערט, פרעגט אויס און צום סוף גיט ער זיך א קראַץ דעם שטערן און זאָגט: „ניטאָ וואָס צו הערן".

די טאָכטער מעי טרייבט די קאַר. אפן וועג צום אָדער פון שטעטל קלייבט זיך באַ זיי אָן א פולע קאַר. מאַ קאָן יעדן דורכגייער. רופט זי צו דער טאָכטער: „מעי, אָט גייט מיסיס פלענעגען. נעם זי אריין". די קינדער פון סקול, וואָס וואוינען אין איר געגנט, ווייסן שוין, אז מאַ קאַפּלאַן, אויב זי וועט אָנקומען מיט דער קאַר, וועט זי זיי צונויפקלייבן. מעי איז אָפט אומצופרידן דערפון. זי איילט זיך, מע וואַרט אמאָל אינדערהיים אַף געוויסע זאַכן. דער פּאַ האָט זי עקסטרע געשיקט אין שטעטל, אָנגעזאָגט, אז זי זאָל זיך אונטעראיילן און ווען זי קומט אהיים גיט ער איר, צום הונדערטסטן מאָל א חלק: „שטענדיק דיזעלבע מעשה. אז דו פאָרסט אין שטעטל אריין, פארגעסטו צוריקצוקומען". מעי הערט אויס, נאָר זי וועט ניט וואַרפן די שולד אַף דער מאַמען.

ארומיקע שכנים וועלן אריינקומען צו די קאַפּלאַנס און זיי בעטן, אז ווען זיי וועלן פאָרן אין שטעטל, זאָלן זיי אזוי גוט זיין און איינקויפן עפּעס פאַר זיי. די קאַפּלאַנס האָבן עס ניט ליב צו טאָן, נאָר אָפּזאָגן וועלן זיי ניט. דערפאַר אָבער ווען זיי נויטיקן זיך אין עפּעס און קאָנען ניט פאָרן אין שטעטל, וועלן זיי באַ די שכנים קיין טובה ניט בעטן. אזאַ נאַטור באַ זיי.

מיט די קריסטן פון געגנט לעבן די קאַפּלאַנס גוט און די קריסטן רעספּעקטירן די קאַפּלאַנס מער ווי די אַנדערע אידישע איינוואוינער. עס איז אָבער געווען א צייט, ווען די קאַפּלאַנס האָבן זיך דאָ געפילט ווי אומגעוויינטשע פרעמדע. מע האָט זיי דאָס אָפן געזאָגט. עס איז זיי געווען גאָר שווער די ערשטע צייטן. איבערהויפּט דאַן, ווען זיי האָבן זיך געגויטיקט אין א גוט וואָרט, אין א פריינטלעכן בליק. ביטערע צייטן זיינען דאָס געווען. מאַ און פּאַ רעדן זיך אמאָל איבער וועגן דעם, ווען קיינער הערט ניט.

אין הארבסטיקע פאַרנאַכטן גייען די קאַפּלאַנס אַף א שפּאַציר. מע גייט געוויינטלעך איבערן געפלאַסטערטן מלוכה־וועג. מע באַקוקט די הייזלעך פון ביידע זייטן, די פאַרלאָזענע האָטעלן, וואו ערשט ניט לאַנג צוריק פלעגן שטאָטישע איינוואוינער אויסרוען זיך און איבער־

עסן, שפּילן קאָרטן גאַנצע טעג און אַרומפּאָרן איבער דער געגנט דורך די נעכט זינגענדיק און קוויטשענדיק. די קאַפּלאַנס באַקוקן די ביימער און קוסטעס אַרום. יעדע זאַך דאָ איז זיי באַקאַנט און נאָענט. זיי באַמערקן וואו מע דאַרף שוין לייגן אַ נייעם דאַך, וואו מע וואָלט געדאַרפט אַ פּאַרב טאָן ס׳הויז. זיי פילן זיך דאָ ווי אייגענע, אַט דאָ ווילן זיי שוין אויסלעבן זייערע יאָרן, דאָ וועט ליגן זייער געביין. (אַמאָל, ווען עס שטאַרבט אין האַרבסט אַ איד פון געגנט, באַגלייטן אים די קאַפּלאַנס אַפן בית עולם, וואָס געפינט זיך עטלעכע מייל פונדאַנען, לעבן שטעטל. דאַן פאַרקלייבן זיך די קאַפּלאַנס אַף זייער שטיקל ערד, וואָס זיי האָבן נאָך מיט אַ פּאָר יאָר צוריק אָפּגעקויפט, דאַן ווען די ערדה איזן האָט איינגעהאַנדלט לאַנד פאַר דעם צוועק. זיי ווילן ליגן איינע לעבן אַנדערן. (ווענן דער טאָכ־טער און ווענן אייניקל האָבן זיי ניט געוואָלט טראַכטן. זיי ווילן מסתם אַוועק אין דער גרויסער שטאָט.) שטייט אַזוי דאָס עלטערע פּאָר פּאָלק און קוקט אַף דער נאָך גרינער ערד, וואָס ווערט שוין קאָלירנרייך — רויטע פּאַסן גראָז, געל גראָז, פאַרוועלקטע בלומען אומעטום, ריח פון האָבסט און באַלד וועט זיין אַ ווייס, ווייס פעלד; אַלץ וועט פאַרדעקט ווערן מיט יענער ווייסער, ווייטער, ווינטער־וועלט. שטייט דאָס פּאָר פּאָלק, די קעפּ געבויגן, מאַ רוקט זיך צו נענטער צום מאַן, נעמט אים אונטערן אָרעם און דריקט צו אירע פינגער צו זיין לייב, ווי זי וואָלט ווילן פילן צי ער איז מיט איר.)

אַט אַזוי אַפן שפּאַציר איבער דעם געפּלאַסטערטן וועג, אין די שטילע, געזונטע האַרבסט פאַרנאַכטן, ווען די לופט קרעפּטיקט און די לאַנדשאַפט פיבערט, דאַן דערמאָנען זיך די קאַפּלאַנס אין אַמאָליקע יאָרן, אין דער צייט ווען זיי זיינען געקומען אַהער און נאָך אַ סך פריער, ווען מעי איז אַ קינד געווען און ווען נאָך דריי קינדער האָבן זייער לעבן באַרייכערט. מעי גייט אָפּט מיט אַף די שפּאַצירן. זי הערט זיך איין, זי פרעגט איבער דיזעלבע פראַגעס צו הונדערטסטן מאָל, זי קאָן ניט שלום מאַכן מיט איר אייגענעם געדאַנק. אירע אויגן פילן זיך אָפּט אָן מיט טרערן, נאָר זי פאַרבאָרגט זיי פון די עלטערן. אַמאָל שליסט זיך אויך עוועלין אָן אין שפּאַציר, נאָר דאָס איז בא דער קליינער אַ יום טוב, אַן אויסנאַם. זי דאַרף זיך שטאַרק

איינבעטן בא דער באָבען, אַז זי זאָל קענען מיטניין. דער שפּאַציר באַלאַנגט צו דער מאַ. דאָס זיינען אירע טייערסטע מאָמענטן אין איר איצטיק לעבן. די טאָכטער מעי פילט עס און זי וואָלט ניט וועלן מיטניין; נאָר עס ווערט איר אַליין אומעטיק אין די פאַרנאַכטן און זי ווייס, אַז זי בעט זיך פּשוט איין בא דער מאַמען.

ווענן וואָס מען זאָל אַף די שפּאַצירן ניט אָנהויבן רעדן, ווערט מען שטענדיק אַרויפקומען אַף אַמאָליקע יאָרן. אַט רעדט מען, דוכט זיך, וועגן אַזאַ נאָענטער זאַך, ווי וועגן דער פערלמוטערדיקער הון, וואָס פּראַוועט יחידות לעצטנס, און — דערפון זאָל זיך אַנטוויקלען אַ שמועס וועגן עופות־הענדלערקעס אַפן מאַרק אין פּראָסקורעוו. אַט רעדט מעי וועגן איר קאַר און דאָס זאָל אַרויספירן דעם פּאַ אַף אַ שמועס וועגן ראַספּלאָשעטע פערד װאָס זיין פּאָטער, איר זיידע, וועלכן זי האָט קיינמאָל ניט געקאָנט, האָט איינגעצאַמט אין שטעטל, אין אוקראַינע. מע פאַרגלייכט די הינע לופט מיט דער היימישער, מע דערמאָנט זיך אין דעם טעם פון ברויט, אין טעם פון די היימישע גרינסן, אין פלייש און מע פּרואווט אפילו פאַרגלייכן די היימישע הינט מיט די הינע.

נאָר שטענדיק קומט די מאַ צוריק אַף איין הויפּט־שמועס — אַף די קינדער, וואָס זיינען אומגעקומען אַף קידוש השם, אין די פּאָגראָמען. שמעון און דודל און חנה. שמעון וואָלט היינט אַלט געווען אַ יאָר 33, זאָגט פּאַ און מאַ רעכנט עס אויס צום טאָג — אַ וואָך נאָך סוכות וואָלט ער געוואָרן 33. אַ אינגל פון 15 איז ער געווען, ווען דאָס גרויסע אומגליק האָט פּאַסירט. און דוד׳ל איז מיט דריי יאָר אינגער געווען. אָך דודל! ס׳אַרא ליכטיק פּנים דאָס האָט געהאַט, ס׳אַרא גמרא קעפּל . . . חנה איז די עלטסטע געווען. אַז מעי איז זעקס און דרייסיק, וואָלט חנה איצט געווען אַרום פערציק . . .

מאַ קוקט אין ווייט, ווען זי רעדט וועגן די זאַכן. פּאַ קוקט אַראָפּ אַף זיינע שפּיץ שיך. ער פילט זיך נאָך אַלץ ווי שולדיק פאַר דער מאַ, וואָס דאָס אומגליק האָט זיי געטראָפן, כאָטש זיי זיינען אַליין שיעור ניט אומגעקומען. וויפל האָט געפעלט, אַז מע זאָל אים, דעם פּאַ, די אויגן אויסשטעכן? מעיען גייט תמיד דורך אַ שוידער

איבערן לייב, ווען די עלטערן רעדן וועגן דעם. כאָטש זי געדענקט אויך גענוג פון יענער צייט. אמת, זי האָט דעם פּאָגראָם ניט איבער־געלעבט. זי איז דאַן געווען באַ קרובים אין קיעוו, זיך געלערנט, נאָר ס׳איז דערגאַנגען צו איר. ווען זי איז אַהיימגעקומען, האָט זי נאָך גענוג בלוטיקע שפּורן געפונען. דעם טאַטנס קאָפּ איז געווען פאַר־באַנדאַזשירט; די מאַמע, וואָס איז נאָך דאַן אַ קראַסאַוויצע געווען, האָט געשוויגן און איר שווייגן האָט געשריען מיט טויזנט קולות.

צוויי טעג האָט דער פּאָגראָם אָנגעהאַלטן. דער טאַטע, דער חשובסטער סוחר געווען. זיין הויז איז געווען דאָס ציל־ברעט פון די מערדער, כאָטש ער איז געווען באַליבט באַ אַלע איינוואוינער, אידן און ניט־אידן צוגלייך. דאָס הויז מיטן געשעפט איז אים אריבער פון זיין טאַטן בירושה.

דודל איז אַפּן וועג פון חדר געפאַלן. שמעון האָט ניט געוואָלט אַנטלויפן, דעם טאַטן געוואָלט באַשיצן, האָט מען אים מיט אַ שטיק אייזן איבערן קאָפּ דערלאַנגט. דער טאַטע איז געלעגן אַ פּאַרבלוטיק־טער לעבן אים און ער האָט זיין לעבן צו פאַרדאַנקען געהאַט דעם גוי פּאַוועל, וואָס אַרבעט היינט באַ אים. פּאַוועל האָט דאַן געאַרבעט אין דערבייאַיקן הויף. ער האָט מיט די מערדער איינגעטעהנעט און שיעור אַליין ניט שלעכט אָפּגעשניטן. די רוצחים האָבן קאָפּ־לאָנען געוואָלט די אויגן אויסשטעכן, ער זאָל זאָגן וואו זיין ווייב איז. זי האָט זיך געהאַט אויסבאַהאַלטן באַ גויעשע שכנים. נאָר איר מאַן און די קינדער איז ניט באַשערט געווען זיך צו ראַטעווען. זי האָט דודל געזען אַ צעהאַקטן אין אָרון. צעלעכערטע באַקן, אַ צעבראָכענע האַנט, אַ צעקאַליעטשעטער פוס . . . שמעון איז גע־לעגן אין הויף פון איר איינגן הויז, מיט אַ צעעפנט מויל, ווי ער וואָלט וועלן צום לעצטן מאָל אויסשרייען זיין אומשולד צו דער וועלט. אַפּן פּנים און לייב איז קיין סימן פון מאָרד ניט געווען, נאָר דער הינטער־שטער טייל קאָפּ איז געווען קלעפּיק, רויט־שוואַרץ. איין זעץ האָט אים אָפּ אייביק צוגענומען פון איר.

הנה האָט געהאַט אַ מיידעלע פון אַ יאָר צוויי. זייער ערשט איייניקל, שרהלע, אַ נאָמען נאָך דער מאַ׳ס מוטער. חנה איז אַרויס פון פּאָגראָם אומבאַשעדיקט. איר מאַן איז געווען אַ זיידענער בחור,

א לערנער, געשטאַמט פון גרויסן יחוס. חנה האָט געלויכטן ווי זיבן זונען. נאָכן אומגליק האָט מען באַשלאָסן קיין אַמעריקע צו פאָרן. אַלע צוזאַמען. מע האָט טאַקע קאַפּלאַנס הויז געהאַט צעראַבירט, נאָר מזומן איז געבליבן. אין טאָג פון אַוועקפאָרן איז חנהס קינד קראַנק געוואָרן. מע האָט אָפּגערעדט, אַז זי מיט איר הויזגעזינט וועלן זיך אין אַ וואָך אַרום אַרויסלאָזן פון גהינם. די קאַפּלאַנס האָבן זיך אַף דער שיף אויפגעזעצט אָן זיי. די קאַפּלאַנס זיינען אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק און זיך געזעצט וואַרטן אַף די איבעריקע דריי נפשות. געוואַרט אַף איין שיף, אַף אַ צווייטער; זיך אָנגע־פרעגט טעלעגראַפיש, געלאָפן צו „די הויכע פענסטער". שטומע צינגער געווען, נאָר ניו־יאָרק איז אַ אידישע שטאָט, מע האָט גע־האָלפן זיך צוזאַמענרעדן. קיין וואָרט פון דאָרט.

א פּייאַיקער מענטש איז געווען קאַפּלאַן. אין קיין שאַפּ האָט ער ניט געוואָלט גיין אַרבעטן. גלייך זיך צו מסחר גענומען. די אשת־חיל איז געשטאַנען בא זיין זייט, מעי האָט די שפּראַך געלערנט און אַרויסגעהאָלפן אין קרעמל. נאָר אַלעמענס קעפּ זיינען געווען אַף „דאָרט". געמיינט אַז עפּעס האָט מיטן קינד זיך פאַרלאָפן, אפשר שוועריקייטן מיט די פּאַפּירן. ענדלעך איז אַ בריוו אָנגעקומען, אַ פרעמדער בריוו, מיט אַ געצאַצקעט כתב, מיט אַ סך לשון קודשדיקע פּסוקים, אַ בריוו פון ראש הקהל, ר' זאב סאָסאָווער. ניט קיין גוטע בשורה האָט ער געשיקט. חנהס קינד איז גענעזן געוואָרן, נאָר חנה, די מאַמע, האָט זיך אַוועקגעלייגט מיט אַ „טיף" און זי איז פאַר־שרפט געוואָרן. איר מאַן איז אַ שברי כלי געוואָרן. ער איז מיטן קינד צוריק צו זיינע עלטערן אַוועק. גייט אַרום אַ מרה שחורה־דיקער, וויל קיין אַמעריקע ניט פאָרן, וויל קיין בריוול ניט שרייבן...

וואו אַ שטראָף, האָט זיך עס אַף דער משפּחה קאַפּלאַן אויסגע־גאָסן, וואו אַן אומגליק, האָט עס זיי געטראָפן. נאָר די מאַמע קאַפּלאַן האָט איר אומגליק געקאָנט אין זיך האַלטן. פרעמדע האָבן זייערע אייגענע צרות געהאַט. האָט זי זיך מיטן מאַן פאַרשלאָסן, האָבן זיי איינע פאַר די אַנדערע זיך אויסגעבליבעט. איז זייער האַפּ־נונג געווען: דערלעבן צו זען זייער אייניקל. האָט מען מעשים צעאַרבעט דעם אײדים אַראָפּצוברענגען. בריוו געשיקט צו זיינע

עלטערן, צו אַלע באַקאַנטע אין דער היים, צוגעזאָגט אויפצופּאַסן אַף אים און דעם אייניקל, געשיקט געלט פּאַר אַ שטיין פּאַר דער טאָכ־טער, געשיקט צדקה פּאַר אָרימע לייט, פּאַרן הקדש. דער איידים האָט קיינמאָל מיט קיין איין וואָרט ניט געענטפערט. און ביזן היינ־טיקן טאָג ווייסט די משפחה קאַפּלאַן ניט וואָס ס'איז געוואָרן פון זייער אייניקל און פון זייער איידים.

בלויז סלוכן געהערט: ער איז אומגעקומען אין בירגער קריג; ער האָט נאָכאַמאָל חתונה געהאַט. איינס איז געווען זיכער: ער האָט זיך מער אין יענער געגנט ניט געפונען. אַמעריקאַנער לאַנדס־לייט זיינען אַהיימגעפאָרן אַף אַ באַזוך, די קאַפּלאַנס האָבן זיי געלט מיטגעגעבן, צוזאָגן באַקומען אַז מע וועט אויסגעפינען. נאָר יעדער איינער, וואָס איז צוריקגעקומען, האָט דעמזעלבן גרוס געבראַכט: מע ווייסט ניט וואָס איז פון אים געוואָרן. זיינע עלטערן זיינען שוין לאַנג געשטאָרבן, קיינער געדענקט אים ניט, קיינער ווייסט ניט וועגן זיין קינד.

איז געבליבן איין טרייסט בא די קאַפּלאַנס — זייער טאָכטער מעי. זי איז ניט געווען געראָטן אין איר שוועסטער און ניט אין איר מאַמען. ניט שיין, ניט שטאַרק אין כאַראַקטער, ניט געלאַסן ווי דער טאַטע. אַ פאַרביטערטע, מיט אומצופרידן צום ארום, אַלט פאַר דער צייט, געוויינט, געקלאָגט נאָך איר פאַרלאָרענע ברידער און נאָך איר שוועסטער. נאָר פּייאיק איז זי געווען, אויפגעכאַפּט די שפּראַך פון לאַנד, זיך אויסגעטויגט צו אַלץ.

מעי האָט, מיט מזל, חתונה געהאַט. איר מאַן האָט געאַרבעט אין אַ שאַפּ, אַ צושניידער געווען בא מענער־קליידער, אַן אַרים־טאָקראַט אין דער מלאכה. זי האָט זיך באַקאַנט מיט אים אין דער אָוונט־שול, וואו זי האָט זיך געלערנט. אַהיימגעקומען און אָנ־געזאָגט די בשורה, אַז זי גייט אויס מיט אַ באָי. געבראַכט אים צו גאַסט אין הויז אריין. דער מאַמען איז ער ניט געפעלן געוואָרן. דער טאַטע האָט געזאָגט: „ער דאַרף דיר געפעלן, ניט מיר". די מאַמע האָט ניט געקאָנט אָגווייזן געגנוי פאַרוואָס ער האָט ניט נושא חן געווען אין אירע אויגן, נאָר עפּעס האָט זי דערקאָנט אין זיין קול, האָט זי געזאָגט, אַז ער איז ניט פאַר איר איינציק־געבליבן קינד.

י. א. ראנטש

עטלעכע מאָל האָט מעי געהאַט איבעררייד מיט דער מאַמען, ביז די מאַמע האָט, ווי איר שטיינער איז נעווען, באַשלאָסן מער זיך ניט צו מישן. זאָל זיין מיט מזל.

ער איז געווען ראַדיקאַל, ניט געוואָלט קיין צערעמאָניעס. איז מען אַוועק אין סיטי האָל און צוריקגעקומען מאַן און ווייב. די ערשטע צייט געוואוינט בא אירע עלטערן. ער האָט קיין עלטערן ניט געהאַט מער.

די קאַפּלאַנס האָבן אָפּגעשפּאָרט געלט און באַשלאָסן צו פאַר־לאָזן די שטאָט און זיך באַזעצן אַף אַן אייגן שטיקל לאַנד, האָדעווען עופות, האָבן אַ בהמה און לעבן אַ רואיק צוריקגעצויגן לעבן. זיי האָבן צוגערעדט זייער אײדים אַז ער זאָל זיך אָנשליסן אין זיי און זיך אויך באַזעצן אַף אַן אייגענעם באָדן. די שטאָט איז זיי ניט געווען צום האַרצן, די קאַפּלאַנס. זיי האָבן ניט געקאָנט באַגרייפן דעם הוהא, זיי האָבן פיינט געהאַט דאָס יאָגעניש נאָך געלט, עס איז זיי געווען ענג אין שטאָט.

אין די קעטסקיל בערג האָבן געלעבט אידן, וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט שטאָטישע ענינים. די קאַפּלאַנס האָבן דאָרט ניט געוואָלט וואוינען. האָבן זיי זיך אויסגעזוכט אַ פּלאַץ אין די בערג, וואו עס זיינען כמעט קיין אידן ניט געווען. זיי האָבן אָבער געוואָלט זיין נאָענט פון אַ אידישן ישוב און דאָס פּלאַץ איז געווען פּונקט צוגע־פּאַסט פאַר זיי. אַ פּאָר מייל פון דאָרט האָבן זיך געפונען צענדליקער אידישע משפחות.

אָפּגעקויפט דאָס שטיקל לאַנד, אַראָפּגעבראַכט זייער אַלטן פריינט פּאַוועל וואָס האָט געאַרבעט אין ניו יאָרק אין אַ שיך פאַבריק (ער איז אַ קורצע צייט נאָך די קאַפּלאַנס אָנקומען קיין ניו יאָרק, אויך אָנגעקומען אַהער. אַראָפּגעבראַכט האָט אים זיינער אַ פעטער, אַ גלח.) פּאַוועל האָט צענומען די הענט און אויסגעלערנט די קאַפּ־לאַנס די מלאכה. אַליין איז ער אַזוי אַריינגעטאָן געוואָרן אין דער אַרבעט, אַז מע האָט אים ניט געקאָנט אָפּרייסן פון איר. אַלץ וואָלט געווען גוט, ווען עס וואָלט זיך ניט אונטערגערוקט אַ נייע צרה. די אַרומיקע אַמעריקאַנער פאַרמערס האָבן געקוקט קרום אַף זייער נייעם שכן. זיי האָבן ניט געוואָלט האָבן קיין אידישן שכן. זיי האָבן אים

פּשוט אין חרם אַרײַנגעלייגט, ניט געענטפערט, ווען מע האָט זיך באַ זיי אָנגעפרעגט, ניט געוואָלט פאַרקויפן די קאַפּלאַנס קיין פּראָדוקטן.

שווער איז געווען די קאַפּלאַנס צו לעבן דאָן. אף דעם האָבן זיי זיך ניט געריכט. ווען מעי איז אַרויסגעקומען און געזען די שטעכיקע בליקן פון די שכנים, האָט זי אָנגעהויבן צורעדן די עלטערן, זיי זאָלן פאַרקויפן זייער לאַנד און זיך באַזעצן צוריק אין שטאָט. נאָר די מאַמע האָט געזאָגט: „דאָס איז אונזער אייגנס און זיי וועלן זיך איבערבעטן.״

און אַזוי איז טאַקע געשען. די אַמעריקאַנער שכנים האָבן זיך ביסלעכווײַז, אין די ווינטערטעג, דערנענטערט צו די קאַפּלאַנס. זיי איז געפעלן געוואָרן וואָס די קאַפּלאַנס האָבן קיין האָטעל ניט געעפנט. זעענדיק ווי אָרעם עס לעבט זיך זיי, האָבן זיי געגעבן עצות אַז מע זאָל די ערד באַאַרבעטן, מע זאָל אײַנפירן מאָדערנע מאַשינעריע. פּאַוועל איז אָבער געווען דער באַלעבאָס. וואָס ער האָט געהייסן, האָבן די קאַפּלאַנס געפאָלגט. נאָר אַליין איז פּאַוועל אין שייער געשלאָפן, ניט געוואָלט געכטיקן אין הויז. אַ מאָדנער אַזאַ געווען און געבליבן. ניט איינמאָל האָבן אַנדערע פאַרמערס אים געוואָלט געבן מער געהאַלט, אַז ער זאָל קומען צו זיי אַרבעטן, נאָר ער האָט זיך תמיד אָפּגעזאָגט. פּאַוועל האָט געפילט, אַז די קאַפּלאַנס זײַנען זײַנע פרײַנט און דאָס איז באַ אים געווען טײַערער ווי געלט, אין וועלכן ער האָט זיך ניט געגוויטיקט. באַ אַנדערע וועט ער דאַרפן זײַן פאַרשקלאַפט, האָט ער געטראַכט, דאָ איז ער אַליין דער באַלעבאָס און קיין זאָרג האָט ער ניט.

מעי האָט אַ טעכטערל געבאָרן, עוועלין. זומערצײַט איז זי מיטן קינד אַרויסגעקומען צו טאַטע־מאַמע. איר מאַן איז אַרויסגעקומען יעדן סוף וואָך. און דאָ האָט די מאַמע קאַפּלאַן באַמערקט, אַז די טאָכטער קריגט זיך מיטן מאַן, אַז ער גייט אַרום אַן אָנגעכמורעטער. די מאַמע האָט איר געלערנט אַז מיט גוטן קאָן מען אַלץ אויספירן, נאָר די טאָכטער האָט זיך ווינציק וואָס באַראַטן מיט דער מאַמען.

אַזוי זײַנען אַוועק אַ יאָר זעקס. אפן זיבעטן יאָר איז מעי אַרויסגעקומען מיטן טעכטערל אפן פאַרם. נאָר דאָס איז ניט גע־

ווען זומער צייט. געווען איז עס אין א ביטרן ווינטער נאָכמיטאָג. מא און פא האָבן זיך איבערגעקוקט.

מעי איז שוין פאַרבליבן אַפּן פאַרם. די ערשטע צייט פלעגט דער מאַן אירער אַרויסקומען זען דאָס קינד פון צייט צו צייט. שפּעטער איז זי געפאָרן אין שטאָט אים זען. ניט געקאָנט אויס־קומען מיטן מאַן. ער האָט זיין געלט אין קאָרטן פאַרשפּילט. ער איז געווען אַן עקשן. זי איז געווען שטאָלץ און פאַרביסן. קיין שלום צווישן זיי איז ניט געוואָרן. זייערע וועגן זיינע זיך פאַנאַנדער־געגאַנגען.

עוועלין איז דער קרבן געווען. די קאַפּלאַנס האָבן געליטן און געשוויגן. מעי האָט איבערגענומען די באַלעבאַטישקייט. זי האָט געלאָזט אויפבויען א קרעמל באַם וועג, אַף איר עלטערנס לאַנד און זומערצייט פלעגן דורכגייער און פאָרער קויפן בא איר רויכערוואַרג און נאַשערייען. ווינטער פלעגט דאָס קרעמל זיין פאַרמאַכט און בלויז די אַרומיקע פאַרמערס פלעגן אַריינקומען אין הויז און איינקויפן קלייניקייטן, צוליב וועלכע עס האָט זיך זיי ניט געלוינט אין שטעטל אַריינצופאָרן.

די קאַפּלאַנס האָבן געהאַט עצות און גוטע רייד פאַר אַלעמען אין דער געגנט, נאָר פאַר זייער איינציק געבליבן קינד האָבן זיי קיין עצה ניט געקאָנט געפינען. און זייערע גוטע רייד האָט מעי אויסגע־הערט, אויסגעהערט, נאָר געטראַכט בא זיך אַז זיי זיינען אַלטמאָדיש און געזוכט אַן ענטפער אין ביכער, אין ראָמאַנען פון גרויסע שריי־בער. ווייט פון א ביבליאָטעק, פלעגט מעי אויסשרייבן ביכער פון שטאָט, אויסגעבן א פאַרמעגן אַף זיי און נאָכהער זיך טוישן מיט אַרומיקע אינטעליגענטישע יונגע פאַרמערס, וואָס פלעגן אין די ווינטער־אָוונטן א סך לייענען.

די ביכער האָבן געטרייסט, פאַרווײַלט, געהאָלפן פאַרטרייבן די לאַנגווייל, נאָר קיין לעבעדיקן מענטשן האָבן זיי פאַרבייטן ניט גע־קאָנט. אין די זומערדיקע טעג פלעגט מעי אויפלעבן פון דער מענער געזעלשאַפט וואָס פלעגט זיך באַווייזן אין איר קרעמל. זי פלעגט פאַרברענגען אין די אַרומיקע רעזאָרטן טאַנצנדיק ביזן טאָג אַריין. זי פלעגט איינלאַדן צו זיך אַפּן פאַרם מענער־געסט. זיי פלעגן עסן

באַ איר טיש זיי פּלעגן באַוואונדערן איר באַלעבאַטישקייט, זיי פּלעגן, באַם פאַרלאָזן, צוזאָגן צו קומען נאָכאַמאָל אָדער שרייבן פון שטאָט. נאָר מיט דער צייט האָט זי באַגריפן, אַז דאָס זײַנען געווען זומערדיקע טרוימען וואָס זײַנען פאַרגאַנגען, ווי די שיינע זונ־אונטערגאַנגען, וואָס זי פלעגט באַוואונדערן אין די האַרבסט־פאַרנאַכטן.

מעי האָט אָנגעזאַמלט אַ גרויסע מענער באַקאַנטשאַפט אין די זומערס. זי האָט ניט פאַרנאַכלעסיקט צו פאַרשרייבן די אַדרעסן און טעלעפאָן־נומערן פון אירע נײַע פריינט. ווען ס'פלעגט איר, האַרבסט צייט, אָדער אין די ווינטער טעג, ווערן אומדערטרעגלעך צו זײַן אַפּן פאַרם, דאַן פלעגט זי, אין אַ יום־טובדיקער שטימונג, זיך דורכפאָרן קיין ניו יאָרק. זי פלעגט אויפזוכן די סאַמע לעצטע, נײַסטע פריינט און זיך לאָזן פון זיי אונטערהאַלטן. אָט די פריינט וואָס פלעגן זיך ניט קאָנען אָפּלויבן פון איר גאַסטפריינטשאַפט, ווען זיי האָבן באַזוכט איר פאַרם. זיי פלעגן זיך מיט איר זייער דערפרייען, דערמאָנט זיך גלייך אין די זומערדיקע אָוונט, אין איר מאַמען, אין איר קינד, אין „ווי האָט ער געהייסן, דער אוקראַאינישער אַרבעטער?״ אָ, יאָ, פּאַוועל, אין דער פּראַכטפולער לאַנדשאַפט.

ווי אַזוי האָט זיך אַזאַ באַגעגעניש מיט מעיען געענדיקט? מע האָט געפּרוּווט קריגן בילעטן פאַר אַ „סוקסעס״ פּיעסע און עס איז געוויינלעך ניט געלונגען, איז מען אַריין אין אַ מואווי. ניט איינמאָל האָט פּאַסירט אַז דעם פילם וואָס מע האָט געוויזן ווי אַ פּרעמיערע אַף בראָדוועי, האָט מעי שוין געהאַט מיט וואָכן פריער געזען אין שכנישן שטעטל.

און ס'האָט זיך שוין אַזוי געמאַכט, אַז די באַקאַנטע וואָס זי האָט געוואָלט שטאַרק זען, זײַנען גראַד דאַן, ווען זי איז אָנגעקומען, געווען שטאַרק פאַרנומען, אָדער אָנגעגעבן אַלערליי גלויבלעכע תּירוצים, פאַרוואָס זיי האָבן זייער באַשטעל ניט געקאָנט האַלטן. געווען פאַרהייראַטע באַקאַנטע. זיי זײַנען געווען צווישן די פאַרנומענסטע, גאָר ניט דיזעלבע מענטשן וואָס אַף דער פאַרם. די אַלטע בחורים, די שטרויענע און אמתע אַלמנס האָבן דזשענטלמעניש זי

אונטערהאַלטן, אַמאָל זיך דערלויבט צופיל, נאָר תמיד זיך צעשיידט ווי גוטע פריינט.

וואָס עלטער זי איז געוואָרן, אַלץ מער און אָפטער פלעגט מעי קומען אין שטאָט אַריין. קלוג איז זי געווען און ניט געוואָלט זיך וואַרפן צופיל אין די אויגן אַריין. דער אויסוואַל פון פריינט איז געווען אַ גרויסער. צוויי מאָל איז זי דורכן סעזאָן צום זעלבן פריינט ניט געקומען. וואָס עלטער זי איז געוואָרן, אַלץ פריינטלעכער און צוגעלאָזענער איז זי געוואָרן צו די מענער פריינט. איינגעלאַדן זיי אַרויסצוקומען אַפן פאַרם. פלאַץ איז פאַראַן גענוג. אַ צימער אַ פיינער, עסן דער מאַמעס, רו — פאַרטויבט צו ווערן.

האָבן זיך געפונען בעלנים וואָס פלעגן אַרויסקומען אַף אַ וואָך, אָדער סוף וואָך. מעי איז געווען אַ באַניימע. זי פלעגט דעם גאַסט אַרויסווייזן אַזויפיל אויפמערקזאַמקייט און געטריישאַפט, ווי ער וואָלט געווען אַן איינענער ברודער וואָס איז געקומען פון העט־ווי ווייט און ניט קיין ווילד־פרעמדער מענטש, מיט וועמען זי האָט זיך זומער צייט באַקאַנט און די גאַנצע באַקאַנטשאַפט האָט אָנגעהאַלטן אַ דריי טעג. דער אָפשייד פון גאַסט איז אויך געווען אַ העכסט־וואַרימער. אַ דאַנק פאַר דעם און פאַר יענעם. איז ער געווען אַ דזשענטלמאַן, פלעגט ער פון שטאָט איר שיקן אַ בוך, אַ גרויסע שאַכטל קאַנפעקטן. נאָר ס'האָט אויך געטראָפן, אַז ער פלעגט איר קיין צוויי ווערטער מער ניט שרייבן. מער פון אים ניט געהערט, מער אים ניט געטראָפן. מער פלעגט יענער ניט אַרויסקומען אין די מקומות זומער צייט.

וואָס די מאַ האָט געטראַכט וועגן אַט די זאַכן, איז שווער געווען צו טרעפן. מאַ האָט פאַרשטאַנען די טאָכטער, אפשר טאַקע דערפאַר ווייל איר איינן לעבן איז געווען אַ גליקלעכער. טאַקע אַן איינן קינד, איר אומגליק, נאָר אַזוי איז דאָס לעבן פון פרויען. אָט איז קעידים לעבן. פאַ האָט זיך צוגעקוקט צו מעיס מענער־געזעל־שאַפט, געקוקט אַף די געסט, ווי אַף עפּעס אומפאַרשטענדלעכס, אומ־נאַטירלעכס, געפילט אַ שניידנדיק רחמנות צו דער טאָכטער, גערעדט וועגן דעם מיט דער מאַ, אַף די איינזאַמע שפּאַצירן, אין די פאַר־נאַכטן, געקרעכצט, נאָר די ליפּן פאַרביסן. פאַ און מאַ פלעגן זיך

אין אַזעלכע פאַרנאַכטן דערמאָנען אין זייער אייגענער יוגנט. מעי זאָגט טאַטע, אַז איצט לעבט מען אין אַנדערע צייטן, — אַן אָנצורהערעניש, אַז זיינען אַלטמאָדיש, — נאָר לויט זייער שכל דאַרף די וועלט ווערן בעסער, מענטשן דאַרפן קאָנען לעבן שלומדיקער, אָנשטאָט זיך קריגן און ניט קאָנען אויסקומען איינע מיט די אַנדערע. צום סוף איז די זאַך פאַרקערט.

ווי אַזוי האָבן פאַ און מאַ חתונה געהאַט? זי איז אַלט געווען אַ יאָר זיבעצן, געוואוינט אין אַ דאָרף, אַרום איר — בלויז בלאָנדע כלאָפּעס, וואָס האָבן באַטאָג זיך געצלמט און באַנאַכט געזינדיקט. אַ אידישן בחור פלעגט זי זען, ווען מע פלעגט זי נעמען צו קרובים אין שטעטל אַריין. דאָס פלעגט פּאַסירן צוויי מאָל אין יאָר — פּורים און חנוכה. זי פלעגט פאַרגנבעטערהייט קוקן אַפן בחור. ער פלעגט קרייזלען די פּאות, באַ איר פלעגט זיין אויסגעצויגן, בלייך פּנים אַרויסרופן אַ רחמנות געפיל. ווען אַזאַ בחור וואָלט זיך פאַרקליבן אין דאָרף אַריין, וואָלט ער באַקומען רויטע באַקן ווי באַ כלאָפּעס, פלעגט זי טראַכטן.

ווען איר טאַטע איז אַמאָל אַראָפּגעפאָרן אין שטעטל אַריין און איר מאַמע האָט געראַמט און געשייערט מער ווי אַלעמאָל און אירע עלטערע ברידער און שוועסטער האָבן זיך געשושקעט און פאַרלאָזן דאָס הויז, דאַן האָט זי געפילט אַז עפּעס וועט דאָ פאָרקומען. די מאַמע איז דאַן געווען אויסערגעוויינטלעך גוט צו איר, איר אָנגעטאָן דאָס ווייסע קלייד מיט די שפּיצן. אַליין האָט באַ דער מאַמען דאָס פּנים געפלאַמט און זי האָט יענעם טאָג אויסגעקוקט מיט יאָרן אינגער, ווי אַן עלטערע שוועסטער, ניט ווי אַ מאַמע פון פיר זין און פינף טעכטער.

אַן אויסגעצוואָגענער, אַן אויסגעבלייכטער, אַ שעמעוודיקער איז ער געווען, ער — איר באַשערטער. נאָר ער האָט אַף איר ניט געקוקט. געקוקט אַף איר האָבן זיינע עלטערן. זיין טאַטע — אַ איד מיט אַ לאַנגער שוואַרצער ברייטער באָרד, מיט קאַרשן אויגן, קלוגע אויגן אַזעלכע. דער טאַטע זיינער איז איר מער געפעלן געוואָרן דאַן ווי ער, איר באַשערטער. זיין מאַמע — איין אויג אַביסל אַ פאַרמאַכטס, בשעת זי פלעגט קוקן אַף איר צוקונפטיקער שנור; געהאַלטן

אין איין אויסגלייכן דאָס לאַנגע זיידענע קלייד, באַטאַפּט דעם טשיפּיק אַפן קאָפּ, באַנעצט די ליפּן נאָך יעדע פּאָר ווערטער מיט דער מאַמען.

ווי צירלעך איז דאָס אַלץ פאָרגעקומען. דער טאַטע האָט זי צוגערופן און געזאָגט: „דאָס וועט דיין חתן זיין". די מאַמע האָט אַרויסגעהאָלפן: „גיי, טאָכטער, ווייז אים דעם גאָרטן". ווי די מאַמע האָט פאַרשטאַנען וואָס צו זאָגן אין אַזאַ פאַל. „קומט וועל איך אייך ווייזן דעם גאָרטן", האָט זי געזאָגט און אים אַרויסגעפירט אין הויף אַריין. ער האָט זיך געגעבן אַ פאַרטשעפּע אין די שטיינערנע טרעפּ. זי האָט צוגעהאַלטן אים באַם אָרעם. ער האָט אַ ציטער געטאָן און האָט זיך פאַררויטלט. זי האָט אַף אים רחמנות געהאַט. אפשר ווילט איר טרינקען אַ קווערטל מילך?" ער האָט אָוועקגעדרייט פון איר דעם קאָפּ און געזאָגט: „מדאַרפניש".

מע האָט דאַן ניט געטראַכט אָדער גערעדט וועגן זיין צוגעפּאַסט אין כאַראַקטער. זי האָט קיין ביכער ניט געהאַט געלייענט וועגן דעם ווי צו געפעלן ווערן אַ מאַן און אָנהאַלטן אים. און דאָך איז זייער לעבן געווען „אַף אַלע ווער אונז גוטס גינט". צוויי מענטשן צוזאַמען האָבן געדאַרפט זיך צופּאַסן און טאָן גוטס איינער דעם אַנדערן און זיין אַ כבוד פאַר זייערע טאַטע־מאַמעס. דאָס איז געווען איר פילאָ־סאָפיע. און פאַר דעם דאַרף מען אין קיין שולעס ניט גיין און קיין שווערע ביכער ניט זוברעווען.

אָט דער פשוטער געדאַנק פון טאָן גוטס איינער דעם אַנדערן און ניט פאַרשאַפן זיך און יענעם קיין עגמת נפש האָט מעגלעך גע־מאַכט, אַז זי זאָל קאָנען אַריבערטראָגן די שווערסטע פּיין און אומ־גליקן וואָס האָבן וועגן ס'איז געקאָנט אויספאַלן אַף אַ אידישער משפּחה. פאַרלירן אין איין טאָג צוויי זין — דאָס ליכט פון אירע צוויי אויגן; זען דעם מאַן אַ פאַרבלוטיקטן און איר מוזיניק אַ צע־האַקטן אין קאַסטן — איז דען אַ מאַמען וועגן געווען באַשערט אַ גרעסער אומגליק? און אויב דאָס איז נאָך ווינציק געווען, איז אָנ־געקומען אַף זיי אַ ניי אומגליק — מיט דער עלטסטער טאָכטער. ווער ווייסט וואָס איז געוואָרן מיט איר אײדעם און מיט איר ערשט אייניקל. און אויב זי איז געבליבן לעבן נאָך אָט די אַלע וויטאָגן, איז דאָס בלויז ווייל זי האָט תמיד אינזינען געהאַט איר מאַן, אים

וואס ווינציקער ליד צו פארשאפן, זיין געזונט צו פארהיטן. אט אזוי ווי זי האט אים בא דער ערשטער באגעגעניש געוואלט מיט א גלעזל מילך מכבד זיין.

מעי איז היינטוועלטיק, קלוג, באלעזן, געשיקט צו אלעם ווי א מאן, נאר פארוואס איר איינן לעבן איז אזוי בידנע, קאן מא ניט משיג זיין. דער פא איז באהאוונט אין די פארצייטיקע ספרים, נאר וועגן זיין איינציק געבליבן קינד קאן ער קיין עצה ניט געפינען. און זי ווערט ניט איינגער. יעדער טאג איז מיט א רענדל צונלייך. זי שווייגט, מעי, נאר איר בראך איז גרויס. מע זעט עס פון אירע ביכער וואס זי לייענט א גאנצן ווינטער. מע דערקאנט עס פון דער געמאכטער גלייכגילטיקייט אירער.

נאך גרעסער איז דאס אומגליק מיט עוועלין. אט דאס אומשול־דיק עופהלע דארף אויסוואקסן אן דעם גלעט פון א טאטן. זי רופט אים, דעם מרוק „טאטע" און עס פעלט איר א טאטנס הארץ. און אויב אפילו מעי זאל נאכאמאל חתונה האבן, וועט עוועלין באקומען א שטיפטאטן. ווייי צום אומגליקלעכן קינד און וויי צו איר באבען, וואס דארף דאס צוזען. נאר מע דארף אלץ נעמען פאר ליב. אזוי לאנג ווי מע קאן נאך זען די ליכטיקע וועלט פאר די אויגן, דארף מען זיין צופרידן און זיך ניט באקלאגן.

מא דאוונט ניט און רעדט ניט מיט גאט, ווי אנדערע אידענעס. זי פארטרייבט פון זיך די געדאנקען וועגן דעם, צי ס'איז דא א גאט אין הימל, צי ס'איז ניט דא. פא גייט אמאל אין א יובל אין שול אריין, נאר קיין פרומער איז ער ניט און גאטס סטראפטשעס האט ער פיינט. א מענטש דארף זיין ערלעך און גוט און טאן וואס מע דארף. פון די אלע דעבאטעס וואס קומען פאר בא איר אין הויז, ווען מעי לאדט איין קלוגע מענטשן, האט נאך מא גארניט ארויסגענומען, וואס זי האט ניט געוואוסט, ווען זי איז נאך געווען אין דער אלטער היים.

אמאל עגבערן איר די געדאנקען וועגן עוועלינען. דאס קינד וואקסט אויף. א גאלד, א דימענט. זי איז קלוג און שיין און גע־זונט און גוט, נאר קיין פריינט ארום זיך האט זי ניט. שפילט זיך מיט די קעץ, מיטן הונט, מיט די עופות. נאר וואס וועט זיין דער

תּכלית? דאָס קינד וואַקסט אונטער און מיטן וואוקס קומט דער שכל און אַז דער שכל קומט, איז ביטער. פון אים קאָן מען צו די קעצלעך ניט אַנטלויפן. מאַ רעדט וועגן דעם אָפּט מיטן פּאַ. ער בייזערט זיך אָן אַף איר און ענטפערט: „לאָז געמאַך". אַ סימן, אַז אים עגבערט עס אויך.

עוועלין, מיט איר קווישיק געלעכטערל, מיט איר לויכטנדיק פּנים, מיט די ווילדע גענג — עוועלין איז, ווי דער אויפגאַנג פון פרילינג, ווי די זון אין פרימאָרגן, אַף וועלכער אַלץ וואָס לעבט וואַרט.

ווען דער מאַ ווערט אומעטיק אַף דער נשמה, דערמאָנט זי זיך אין עוועלינס חכמות, אין אירע שטוקעס — און אַ וואַרעמקייט פילט אָן אירע געבליטן.

3

פאַרלאָפן האָט זיך די מעשה אין האַרבסט. דער סעזאָן בא די אידישע פאַרמערס אין דער אַרומיקער געגנט איז געווען זייער אַ שוואַכער. מע האָט אומעטום דערלייגט געלט. דאָס האָט זיך אויך אָפּגערופן אַף דער הכנסה פון די קאָפּלאַנס. מע האָט געדאַרפט די אייער, וואָס די האָטעלן האָבן ניט צוגענומען, שיקן אין שטאָט אַריין. קעידי פלעגט אויסניסן קווערט מילך אַ טאָג. קעידים מאַן פלעגט זיך איצט אָפּטער אָנשיכורן און זי ממיתן. אין די אָוונטן פלעגט קעידי אַריינלויפן צו די קאָפּלאַנס, רויכערן און שווייגן מער ווי אַלע־מאָל. מאַ האָט שוין דאַן פאַרשטאַנען, אַז ס'איז איר ניט גוט, קעידין. נאָר זומערצייט, ווען מענטשן קומען און גייען, איז קיין צייט ניט געווען צו שמועסן וועגן היימישע ענינים. מע האָט זיך דאַן פאַרשטאַנען מיט די בליקן. „ס'איז איר ווידער שלעכט, קעידין", האָט מאַ פאַרטרויט דער טאָכטער.

ווי ס'מאַכט זיך אַמאָל, אַז אַ שטאַרקער שטורעם זאָל מיטאַמאָל אַ תּל מאַכן פון אַלעם אַרום, זאָל ניט שאַנעווען דיביימער, פאַר־פלייצן ס'פעלד, צעקוועטשן אַן עוף און קאַליע מאַכן די עלעקטריק, — אַזוי האָט זיך יענעם האַרבסט שלימזל צעבושעוועט, ווי אַ

שטורעם, איבער די קאַפּלאַנס. אָנגעהויבן האָט זיך עס מיט געלט־ענינים. דער פּאַ האָט געהאַט אונטערגעשריבן ווי אַ גוטזאָגער פאַר אַ ווייטן שכן, — אַ איד וואָס פלעגט יעדן שבת ניט פאַרפעלן צו קומען אין שול אריין. פּלוצלינג האָט יענער פאַרקויפט זיין האָטעלכל און איז אַוועק אין מיטן נאַכט — וואוהין האָט מען ניט געקאָנט דערגיין. אַנדערע האָבן גערעדט וועגן פאַרפאַלגן אים געריכטלעך. פּאַ קאַפּלאַן האָט יעדנפאַלס באַצאָלן פאַר יענעמס איבער אַ הונדערט טאָלער. עס איז געווען זייער שווער פאַרהאַרעוועט געלט. נאָר אריינזעצן דערפאַר אין תפיסה, אָדער אפילו טראַכטן וועגן דעם, — דאָס ניט.

איז ער געזעסן פּאַ, נאָך דער אַרבעט, אין זיין אויסגעריבענעם ווייכן שטול, געצויגן די ליולקע מער ווי אַלעמאָל, ניט געקאָנט לייענען זיין בלאַט. האָט מאַ געוואוסט, אַז דאָס טראַכט ער אַזוי, דער מאַן אירער. און אַז ער טראַכט, האָט ער עגמת נפש. נאָר טרייסטן אים, לאָזט ער זיך ניט דאָן.

מאַ האָט אָבער געלאָזט פאַלן אַ וואָרט דאָ און אַ וואָרט דאָרט, בשעת זי האָט געהאָלפן דעם מאַן אירן פאַרריכטן אַ פּלויט, אָדער ווען זיי זיינען ביידע געווען אין קעלער און באַהאַלטן די סלאָיעס איינגעמאַכטס, — דאַן האָט זי, אַזוי פון העלער הויט ארויס, געדאַנקט דעם אויבערשטן וואָס מע קומט איר חובות און ניט זי יענעם, וואָס די פאַרם איז אויסגעצאָלט און מע האָט אָפּגעשפּאָרט אַ פּאָר טאָלער אויף די עלטערע יאָרן און מע וועט צו קיינעם ניט דאַרפן אָנקומען.

באַלד נאָך דער געשעעניש מיטן אונטערשריפט, האָט פּאַסירט עפּעס ערגערס. אויב די ערשטע פּאַסירונג האָט דעם פּאַ געמאַכט ארומגיין פאַרכמורעט, האָט די צווייטע פּאַסירונג טיף געטראָפן דער מאַ. געווען איז דאָס אין אָווענט. דער ווינט האָט געוואָיעט און געטרייסלט די שויבן. אַ קעלט האָט אריינגעבלאָזן אין די חדרים און אָנגעזאָגט, אַז מע זאָל זיך ריכטן אויף איר לאַנגן באַלעבאַטעווען דאָ. מעי איז געפאָרן אין שטעטל אריין זען אַ מואווי. געוויינלעך פלעגט די מאַ מיטפאָרן מיט איר, נאָר יענעם אָוונט האָט זיך איר געגלוסט וואָס שנעלער צו „פאָרן אין בעט אריין". מאַ האָט געדענקט, אַז

באַלד וועט קעידי אָנקומען און ס'וועט זיין אביסל היימלעכער. דער הונט האָט געבולן אין פאָדערהויז, נאָר קעידי איז ניט געקומען. דער ווינט האָט אַלעמען געמאַכט נערוועז. עוועלין איז געלעגן אין בעט און געלייענט. אויך איר איז געווען אומעטיק. פאַ איז געווען פאַר־טיפט אין זיין בלאַט. פּאַוולען איז, ווייזט אויס, אויך געווען הארבסטיק אַפן הארצן. ער האָט געבעטן בא דער מאַ א גלאָז וויין, כאָטש ס'איז געווען אין א מיטן דינסטיק. ער האָט זיך געזאָמט לענ־גער אין הויז, ווי שטענדיק, געוואָלט מע זאָל רעדן וועגן פּאָליטיק, נאָר קיינער איז ניט געווען אין קיין שטימונג, איז ער, א ניט־צופרידענער, אוועק צו זיך אין שטאָל.

— קעידי וועט שוין, ווייזט אויס, היינט ניט קומען", האָט די מאַ זיך אָפּגערופן און א קוק געטאָן אַפן וואַנט־זייגער. עס איז געווען פינף צו ניין. עוועלין איז געשלאָפן מיט צעעפנטן בוך אין אירע הענט. פאַ האָט געהאַלטן אין איין פאַרריכטן און פוצן זיינע „גלע־זער", וואָס דאָס איז געווען א סימן, אַז די אויגן זיינע גיבן אָנצו־נעהערענישן.

מיטאַמאָל האָט זיך דער מאַ אויסגעוויזן, אַז אימיץ שרייט אין דרויסן. איבערן געפייף פון ווינט האָט זיך דערטראָגן צו איר — א מענעריש קול, וואָס האָט גערופן, וואָס איז געווען געווענדט צו איר הויז. עס פלעגט אמאָל פאַסירן, אַז אַטאָמאָביל־דורכפאָרער האָבן, ניט טרעפנדיק דעם וועג, געבעטן מע זאָל צו זיי ארויסקומען און זיי ענטפערן. נאָר דאָסמאָל האָט מען דאָס טרובען פון קיין אַטאָ ניט געהאָט געהערט. אויך פאַ האָט אָנגעשטעלט די אויערן. יאָ, אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז מע שרייט: „קאַפּלאָן". און דאָ האָט זיך דער הונט צעבולן. נאָר איבערן הונטס געבול האָט זיך גע־הערט דאָס גראָב מענעריש קול, וואָס האָט געשריען פון דער פינסטער. פאַ האָט געמאַכט ליכטיק אין פאָדערהויז און אויך — מיט א דריק פון קנעפּל אין קיך־וואַנט — אָנגעצונדן דעם גרויסן לאַמטערן אין דרויסן. דאַן זיינען ביידע, פאַ און מאַ, ארויסגעגאַנגען. פון דער פינסטער ארויס האָט זיך צו זיי דערנענטערט די געשטאַלט פון קעידיס מאַן. ער איז געווען אָן א רעקל, אין בלויען ארבעט־העמד. די האָר צעשויבערט, דאָס פּנים באַדעקט מיט א קאַלטן,

אנגסטלעכן שוויים. ער איז ניט צוגעקומען צו די קאַפּלאַנס, וואָס זיינען געשטאַנען אַף דער שוועל פון הויז, נאָר שטייענדיק באַם פּלויט, האָט ער אויסגעשריען, מאַכנדיק מיט די הענט: „קעידי קראַנק. נעמט די מאַשין און פירט זי אין שטעטל אריין. זי ליגט אַפן דיל". גערעדט האָט ער כאַליש. מאַ האָט דערקענט, אַז ער איז שיכור.

„ניטאָ די מאַשין. מיין טאַכטער איז אין שטעטל. איך וועל אריבערגיין צו דיר און זען וואָס זי מאַכט", האָט געזאָגט די מאַ.

„ניין, קיינער וועט ניט קומען צו מיר, אין שפּיטאָל אריין מוז מען זי נעמען, זאָג איך דיר. רוף אָפּ אין שפּיטאָל. זי איז זייער קראַנק".

מאַ האָט אַפן טעלעפאָן גערופן אַ פּאָר שכנים, וואָס האָבן גע־האַט מאַשינען, נאָר זיי האָבן געענטפערט, אַז די קינדער זייערע זיי־נען אַוועק מיט די מאַשינען אין שטעטל, אין די מואוויס.

מאַ האָט גערופן דעם שפּיטאָל. פון שפּיטאָל האָט מען געוואָלט וויסן גענוי וואָס עס האָט פּאַסירט, ווער עס רופט און וואָס איז דעם רופערס טעלעפאָן. מאַ איז געוואָרן אויסער זיך און אריינגעשריען אין טעלעפאָן טרייבל:

— אַ מענטש גייט אויס אַפן דיל. דער מאַן איז שיכור און לאָזט ניט צו צו איר, איז וואָס־זשע נעמט איר מיך אַף אַ פאַרהער. פריער שיקט הילף און נאָכהער פרעגט".

קעידיס מאַן איז געשטאַנען אין דרויסן באַם פּלויט און געוואַרט. „עס קומט אַן אַמבולאַנס", האָט אים געלאָזט וויסן די מאַ און צוגע־געבן, „איז לאָזט מיך צו צו איר, איך בין איר פריינט, כ'וועל איר העלפן ... וואָס האָט פּאַסירט מיט איר?" און דער פּאַ האָט זיך אויך אריינגעמישט: „מיר זיינען אייגענע מענטשן און שכנים און —", נאָר קעידיס מאַן האָט אים ניט געלאָזט ענדיקן און אויס־געשריען: „איר זאָלט ניט וואַגן צוקומען צו מיין טיר, כ'האָב אָנגע־גרייט אַ האַק, זשידעס, איר הערט?". און ער איז אַוועק.

פּאַ און מאַ זיינען געבליבן פאַרציטערטע. ער האָט געוואָלט אויפוועקן אין שטאָל פּאַוועלן, נאָר מאַ האָט אים מורא געהאַט צו לאָזן גיין אַהין. אַנשטאָט דעם האָט זי אָנגעהויבן אָנקלינגען אירע

שכנים און יענע האָבן איר געראַטן רופן דעם שעריף. עס זיינען פאַרביי מינוטן. די קאָפּלאַנס זיינען געשטאַנען אויף דער שוועל פון זייער הויז, וואָס איז געווען אינגאַנצן באַלויכטן אַצינד און געוואַרט אויפן קלאַנג פון אַמבולאַנס. די מינוטן האָבן זיך געצויגן ווי שעהן. ענדלעך האָבן זיי דערזען דעם לאַנגען גרינעם וואָגן מיטן רויטן קרייץ אינמיטן. דער אַמבולאַנס האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבן זייער הויז. צום גליק, האָט מאַ געטראַכט, איז געווען אַ פּאַליציאַנט אויף דער קעלניע. מע האָט די מאַ געגעבן אַ זעץ אַרויף לעבן פּאַליציאַנט און באַלד זיינען זיי שוין געווען לעבן קעידיס וואוינונג.

„איר קומט מיט אונז, האָט ניט מורא", האָט דער פּאַליציאַנט זיך אָפּגערופן, נאָכדעם ווי קעידי האָט אים געוואָרנט וועגן דער גע־פאַר. קעידיס מאַן איז געשטאַנען אין דרויסן אויפן אָפּגעלאָזענעם גאַניק. ער איז געשטאַנען אַ פאַרשולדיקטער, מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ. ער האָט ניט געזען ווער עס האָט זיך געפונען אַרום אים. די טיר צו דער קיך איז געווען אויפגעפּראַלט. דאָרט, אין מיטן דיל, איז געלעגן אַ פיגור מיט הענט צעשפּרייטע — און אַרום איר אַ נעץ בלוט, פאַרטריקנט און פריש, טונקל און העל. בלוט פון איין זייט מויל, בלוט פון אונטערן קאָפּ און איבערן האַלז. די אויגן זיינען באַ קעידין געווען האַלב־פאַרמאַכט. זי האָט געאָטעמט שווער.

„וואָס האָט פּאַסירט?" האָט דער אינטערנאַנט אין ווייסן גע־פרעגט באַ קעידיס מאַן.

„מיר האָבן געהאַט אַ פייט, דעטסאָל". האָט ער געענטפערט און געהאַלטן דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט.

„דו וועסט מיטפאָרן מיט אונז", האָט דערקלערט דער פּאָלי־ציאַנט, אַ יונגער בלאָנדער בחור מיט אַ רויטן פּנים און קאַלטע העל־בלויע אויגן און אַ קול וואָס איז געווען הויל און טרוקן. „העלף זי אַריינטראָגן אין קאַר", האָט ער באַפוילן. נאָר קעידיס מאַן האָט זיך ניט גערירט פון אָרט.

„אָלרייט, נאָר מיטפאָרן דאַרפסטו" און דער פּאָליציאַנט האָט זיך איבערגעבויגן און צוזאַמען מיטן שאָפער, אונטער דער אויפזיכט פון אינטערנאַנט, וואָס האָט געהאַלטן אַ שיינוואַרפער, האָט מען קעידין אַריינגעטראָגן אויפן אַמבולאַנס־בעטל אין אַמבולאַנס אַריין.

מאַ האָט געזען ווי קעידים מאַן איז אַריין אין אַמבולאַנס. זי האָט זיך ניט געקאָנט איינהאַלטן און איז אויך אַריין, זיך איבערגע־בויגן איבער קעידים פאַרענדערט פּנים, וואָס איז געווען באַלויכטן פון אַ קליינער ליכט וואָס איבער דער סטעליע אין אַמבולאַנס, און גלעטנדיק קעידים פּייכטן שטערן, האָט זי איר אַריינגעשעפּטשעט: „קעידי, דאָס בין איך, מאַ קאַפּלאַן, דערקענסט מיך?"

קעידים ליפּן האָבן מיט שווערקייט זיך עטוואָס אַ באַוועג געטאָן, נאָר קיין וואָרט איז פון זיי ניט אַרויסגעקומען, אירע אויגן האָבן געפּרואווט זיך עפענען, נאָר עס איז זיי ניט געלונגען. מאַ האָט דאַן אַ זאָג געטאָן צו איר: „וועסט זיין געזונט, קעידי, שטאַרק זיך". דאַן האָט זיך מאַ איבערגעבויגן איבער איר און איר אַ קוש געטאָן אין שטערן און זי איז אַרויס אַ וויינענדיקע פון אַמבולאַנס.

מאַ איז צוריקגעגאַנגען אין דער פינסטער פון קעידים וואוינונג צו זיך אַהיים. אויפן וועג האָט זי באַגעגנט דעם פּאַ וואָס איז געגאַנגען מיט זיין שיינוואַרפער איר אַנטקעגן. ערשט איצט האָט זיך מאַ צע־וויינט אויפן הויכן קול. זעלטן האָט פּאַ געזען זיין פרוי אַ וויינענדיקע. „אַן אומשולדיקער קרבן, אַ וואוילע נשמה, פאַרוואָס איז דאָס איר געקומען?" האָט מאַ ווי געפּרואווט איינטענהן מיט איר מאַן.

מאַ האָט געוואַרט ביז מעי איז אַהיימגעקומען, פּאַ האָט זיך גע־לייגט שלאָפן. מעי האָט גלייך אָנגעקלונגען דעם שפּיטאָל און, אַ דאַנק דעם וואָס זי האָט זיך געקאָנט מיט דער טעלעפאָן־מיידל וואָס האָט דאָרט געאַרבעט אין די אָוונטן, האָט זי פון איר אַרויסגעקראָגן די אינפאָרמאַציע, אַז קעידים שאַרבן איז געשפּאַלטן און אַז זי ליידט פון בלוטשטורצן, וואָס זיינען איר געקומען פון קלעפּ, וואָס זי האָט געכאַפּט מיט עפּעס אַן אינסטרומענט. זי געפינט זיך אויפן געפאַר־צעטל.

מאַ איז יענע נאַכט כמעט ניט געשלאָפן. אינדערפרי האָט זי געבעטן דער טאָכטער, אַז מע זאָל זי גלייך צופירן צום שפּיטאָל. עס איז נאָך געווען זייער פרי און מאַ האָט ניט געטראָפן איר באַ־קאַנטן דאָקטער, מיט וועמען זי האָט געוואָלט זיך דורכרעדן און אויסגעפינען וועגן קעידים צושטאַנד. מעי האָט אָבער אויך דאַן געטראָפן אַ באַקאַנטע נוירס און יענע האָט געגוי געוואוסט וועגן

דעם פאַל. בכלל האָט דער גאַנצער שפּיטאָל שוין געקאָכט מיט דער געשיכטע. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז קעידים מאַן איז גלייך אַרעסטירט געוואָרן און דער שעריף וועט שיקן אימיצן אויפצופּאַסן אַף די בהמות צייטווייליק. קעידים צושטאַנד איז זייער געפערלעך און עס זיינען דאָ ווינציק האָפענונגען, אַז זי זאָל איבערקומען דעם קריזיס. זי האָט צופיל בלוט אָנגעוואָרן און עס האָבן זיך אַנטוויקלט קאָמפּליקאַציעס. מע האָט מורא אַז זי זאָל באַקומען נומאָניע.

מאַ איז אַהיימגעפאָרן אַ צעבראָכענע און זיך געהאַלטן אין ווישן די אויגן. נאָכמיטאָג איז צו איר אַריינגעקומען דער שעריף פּיטערסאָן, אַן עלטערער גרויער, מיטלוויקסיקער אַמעריקאַנער. ער האָט געוואָלט אויסגעפינען וועגן קעידים לעבן. מאַ האָט דערציילט דעם אמת וואָס זי האָט געוואוסט. קעידים מאַן האָט זיך מודה געווען, אַז ער האָט זי געשלאָגן, ווען ער איז אַהיימגעקומען אין אַ שיכורן צושטאַנד. פאַרוואָס — האָט ער ניט געדענקט. געקריגט זיך מיט איר האָט ער לעצטנס ניט, נאָר עס פלעגט אים באַפאַלן אַ לוסט זי צו שלאָגן און ער פלעגט זיך צו איר טשעפּן פון דער העלער הויט.

דער שעריף האָט פאַרשריבן אין אַ שוואַרץ ביכעלע וואָס מאַ האָט אים דערציילט און ער האָט איר געזאָגט, אַז זי וועט אפשר דאַרפן זיין אַן עדות קעגן קעידים מאַן, אויב זי זאָל שטאַרבן.

דעמזעלבן פאַרנאַכט ווען מעי האָט גערופן דעם שפּיטאָל, האָט מען איר געענטפערט, אַז קעידי איז געשטאָרבן מיט אַ פינף מינוט פריער.

מאַ האָט מער קיין טרער ניט געלאָזן, נאָר זי איז אַרומגעגאַנגען איבערן הויז אַ שווייגנדיקע און אַפן צווייטן טאָג גאָרניט אין מויל אַריינגענומען, אויסער שטאַרקע טיי.

שכנים פון אַרומיקער געגנט זיינען געפאָרן צו קעידים לויה און מאַ און מעי האָבן אויסגעקוקט, ווי זיי וואָלטן געווען די נאָענטסטע צו קעידין. איר מאַן האָט מען אָדער ניט געלאָזט קומען, אָדער ער האָט ניט געוואָלט.

ווען מאַ איז נאָכהער פאַרביינגעפאָרן קעידים פאַרם, האָט זי געשאָקלט מיטן קאָפּ און געזאָגט צו מעיען: „דאָס הויז איז איר

מצבה. ניטאָ מער קעידי. זי וועט אונז אויספעלן. דער טויט איז איר דערלייזער געווען, נאָר ניט אַזאַ טויט האָט זי זיך פאַרדינט".

4

די נעגנט איז געווען געפאַנגען אין שניי־פעסטונגען. מעי האָט געוואָלט ניט נעקאָנט אין שול אַריינפירן. דער וועג צום שטעטל איז געווען פאַרשטעלט. עוועלין האָט געהאָלפן דעם זיידן אין שטאַל, דער באָבען אין קיך, דער מאַמען באַם ראַמען דאָס הויז, נאָר איר הויפּט־אַרבעט איז געווען — אָפּראַמען דעם שניי אַרום דעם אַריינגאַנג.

עוועלינס וועלט איז געוואָרן די ביכער־וועלט. די באָבע האָט זיך שוין צוגעוואוינט אויסהערן דעם אינהאַלט פון כמעט יעדן בוך וואָס עוועלין האָט געשלונגען. ניט אַלץ האָט זי פאַרשטאַנען, ווייל דאָס אייניקל האָט גערעדט בלויז ענגליש, נאָר אין אַ נויט האָט זי דער באָבען געגעבן צו דערקלערן אַ וואָרט אין אידיש. דאַן פלעגט די באָבע לאַכן און קוועלן. דאָס אידיש וואָרט איז באַם אייניקל אַרויסגעקומען אַזוי פרעמד, נאָר אַזוי באַחנט.

— מעי, — פלעגט מאַ זאָגן דער טאַטע — מע דאַרף עוועלי־נען אויסלערנען שרייבן אַ אידיש בריוול. טאַמער פאָרסטו אַוועק מיט איר, וואָלט איך וועלן הערן פון קינד אַ פּאָר ווערטער".

מעי האָט אָנגעהויבן לערנען איר טאַטער דעם א"ב, נאָר קיין געדולד ניט געהאַט, צי טאָקע ניט געוואוסט ווי אַזוי מע טוט עס. עוועלין האָט זיך אויסגעלערנט שרייבן „מאַ" און „פּאַ" און איר אייגענעם נאָמען. מער ניט.

אין יענע פאַרשנייטע טעג און נעכט איז מעי געווען נערוועז. זי האָט גערעדט אַפן טעלעפאָן מיט באַקאַנטע, זי האָט גענומען די טאָכטער און געבראָדזיעט איבערן וועג וואָס איז איצט געוואָרן אַ שניי־פעלד. זי האָט איינגעוויליקט צו פירן אַ מלחמה מיט שניי־באַלן. זי איז טאָקע שנעל פאַרמאַטערט געוואָרן, בעת עוועלין האָט זיך ערשט רעכט געהאַט צעוואַרימט און דער מאַמען פאַרטריבן הינטער אַ בוים זיך צו באַשיצן. מעיס בלאַס פּנים איז מיטאַמאָל

געוואָרן צונטער רויט און עוועלינס באַקן האָבן געגליט מיט אַ ראָזעווון פייער און אירע קולות האָבן אָפּגעקלונגען אין שנייאיקן רוים. נאָר די ווינטער־טעג זיינען געווען אַזעלכע לאַנגע און מאָנאָטאָן־ווייסע, אַז מעי האָט געפּלאַצט פון אומגעדולד. זי האָט געהעפּט און געלייענט, זיך איינגעהערט צו דער ראַדיאָ און געוואַשן די דילן, געקנאַקט די פינגער, געגענעצט אָפּן קול, איבערגעקוקט אַלע בריוו, וואָס זיינען באַ איר געלעגן אין פאַרשיידענע שאַכטלען, לויט די יאָרן.

ווען די געגנט האָט זיך ענדלעך געהאַט אויסגעגראָבן פון שניי, איז געוואָרן אַ ליכט אין די אויגן, כאָטש די אומענדלעכע ווייסקייט פון די שניי־פעלדער האָט אין די אויגן געשטאָכן און פון צופיל ליכט האָט מען ניט געקאָנט קוקן אָפּן אַרום. דאַן האָט זיך מעי אַ כאַפּ געטאָן צו איר מאַשין און היידאַ אין שטעטל אַריין. דאָרט האָט מען זיך אַרומגעכאַפּט מיט די באַקאַנטע, ווי מע וואָלט אַרויס פון אַ באַלאַגערונג. פרייד איז געווען אַף אַלעמענס פּנימער.

מעי פלעגט פאַרברענגען אין שטעטל לענגער ווי תמיד לעצטנס און מאַ האָט אָנגעהויבן חושד זיין, אַז ניט אומזיסט. זי האָט גוט געוואוסט, אַז מעי האָט ניט ליב די קאָמפּאַניע אין שטעטל. מיט־אַמאָל האָט מעי אָנגעהויבן פאַרברענגען דאָרט שעהן לאַנג און ניט געקאָנט אָפּגעבן אַ דין וחשבון וואָס זי האָט דאָרט געטאָן אַזוי לאַנג.

— איך פאַרברענג אין סקול און וואַרט אַף עוועלינען.

— געזונטערהייט, טאָכטער, אַבי דו דרייסט זיך ניט אַרום אי־בער די גאַסן אין אַזאַ קעלט.

מעי האָט פאַרשטאַנען אַז די מאַ האָט עפּעס דערפילט. אַ מאַ־מעס האַרץ, ווי אַלט עס זאָל ניט זיין, קאָן מען ניט אָפּנאַרן. מעי האָט גאָר ווינציק פאַרבראַכט אין סקול, אפשר צען מינוט איידער עוועלין איז אַרויסגעקומען. די איבעריקע שעהן האָט זי געטיילט מיט מר. הערים, דעם אייגנטימער פון דער אַלגעמיינער קראָם, וואָס האָט פאַרקויפט צו די אַרומיקע פאַרמערס פאַרשיידענע געצייגן און פּראָדוקטן. אויך מעי פלעגט באַ אים קויפן זאַכן פון צייט צו צייט, אפשר איינמאָל אין צוויי חדשים.

מר. הערים האָט געהאַט פאַרלאָרן זיין פרוי מיט אַ יאָר דריי

צוריק. ער איז געווען אַ מיטלוויקסיקער, ברייטפּלייציקער, מיט רויטע באַקן און בורשטין אויגן, אָפּן קאָפּ זיינען געבליבן ווינציק האָר, נאָר זיי זיינען געווען פון גאָלד קאָליר. דער פעסטער קאַרק איז געווען רויט און געקנייטשט. דאָס כאַראַקטעריסטישע אין אים איז געווען זיין שמייכל — מילד און גרייט און נאַטירלעך. אָט דער־אָ שמייכל האָט מעיען לעצטנס אַריינגעבראַכט אָפּטער אין קראַם. זי איז זיך אַריינגעקומען אַנוואַרימען, אָדער טרעפן אימיצן פון אַ צווייטן דאָרף. מר. הערים איז געווען איבערפּריינטלעך צו איר. ער האָט אַזוי האַר־ציק געלאַכט פון יעדן וואָרט אירן און יעדע פרייע מינוט פאַרבראַכט אָף אַ בענקל לעבן איר.

מר. הערים האָט שוין געהאַט אַן אויסגעגעבענע טאָכטער און אַן אייניקל.

— קומענדיקן מיטוואָך איז מיין געבורטסטאָג, יונגע לעידי, — האָט ער זיך געווענדט מיט זיין ברייטן שמייכל צו מעיען, — כ׳וועל אַכט און פערציק יאָר יונג און, דעם אמת זאָגנדיק, וויל איך ערשט אָנהויבן לעבן".

אין שטעטל זיינען קיין סודות ניט געווען. עס האָט זיך שוין געפונען אַן אויג וואָס האָט געזען מעיען גאַנץ אָפּט, ניט איינקויפן, נאָר זיצן אין מר. העריסעס קראָם; עס האָט זיך שוין געפונען אַן אויער וואָס האָט געהערט ווי מר. הערים האָט גערעדט זייער פריינט־לעך צו מעיען; עס האָט זיך אויך געפונען אַ האַרץ וואָס האָט דערפילט, אַז מעי און מר. הערים פילן זיך גאָר נאָענט.

וואָס האָט אַ אידישע טאָכטער, אַ מאַמע פון אַ קינד, צו טאָן אין אַ גויעשער קראָם שעהן לאַנג? מע זאָגט, אַז מע האָט אים אפילו געזען אין איר קאַר איינעם אַן אָוונט.

מעי האָט קיין סוד פאַר דער מאַמען דערפון ניט געמאַכט.

— מאַמע, איך בין ניט קיין זעכצניעריק מיידעלע און איך מעג מיר האָבן וועלכע פריינט איך וויל. מר. הערים איז זייער אַ פיינער מענטש און ער וועט מיך ניט אויפעסן.

פּאַ און מאַ האָבן זיך איינמאָל דורכגערעדט וועגן דעם אָף זייער שפּאַציר. מאַ האָט געזאָגט: „עס געפעלט מיר ניט איר האַנדלונג".

פא האט געענטפערט: „מע דארף זען אז עס זאל ניט קומען צו קיין ליטיש געלעכטער". מער האט מען וועגן דעם ניט גערעדט.

מעי איז געפארן קיין ניו יארק אף א וואך צייט. מיטגענומען עוועלינען. אין ניו יארק איז עוועלין איינגעשטאנען בא איר טאטן. דער טאטע האט איר מתנות געקויפט. דאס קינד איז אויפגעריבט געווארן. מעי איז געקומען אין שטאט אריין צום לעצטן מאל זען ווי זי האלט אין דער וועלט. מר. ריווקין, דער אלטער בחור, האט זיך דערפרייט מיט איר. כאטש ער איז געווען אין די דרייסיקער, איז אבער די מאטקייט פון פריער עלטער שוין געלעגן אף אים. ער איז געווען קאפריזנע ווי תמיד, אנארכיסטיש אין זיינע איבערצייגונגען און וועגעטאריש אין זיין שפייז־אויסוואל.

מעי האט אים שטודירט. יא, ער וואלט געוואלט מיט איר לעבן, נאר ניט אפן דארף. ער האט מורא פאר די פאראנטווארטלעכקייטן. ער ווייס ניט ווי לאנג זיין דזשאב אין שאפ וועט אנהאלטן.

און אט איז הערי וועלטמאן. ער האט איר, מעיען, געשריבן ליבעס־בריוולעך. ער טרוימט פון א לעבן אפן פארם. זיין גאנץ לעבן וואלט ער אוועקגעגעבן פאר דער שטילקייט און רו פון דארפישן לעבן. איז געקומען דער טאג, בעסער דער אוונט, זיינען זיי ביידע, הערי און מעי, געזעסן אין א כינעזישן טונקעלן טשאפ סואי פלאץ. מעי איז געווען די אויספרעגנערן. הערי איז פינף און דרייסיק יאר אלט געווען. זיין פרוי איז פון אים אוועק מיט אן אנדערן, צוגענומען א קינד. הערי איז געווען פארביטערט א לאנגע צייט. איצט וויל ער זיך צוריק איינארדנען אין לעבן. ער וואלט געקאנט לעבן אין דארף. מיט וואס, א שטיינער, וואלט אזא מענטש ווי ער זיך געקאנט פארנעמען דארט? אין שטאט איז ער א פארקויפער פון מענער־קליידער. עפענען א קראם אין שטעטל? מע דארף וועגן דעם א טראכט טאן. מע דארף זיך גוט באקלערן דעם ענין. ער וועט ארויס־קומען צו גאסט אין פרילינג. זיכער.

א גאנצע גאלעריי מענער. יונגע, אלטע; געזונטע, קראנקע; טרוסן און אפנארער. מעי איז צוריקגעקומען אפן פארם מיט עוועלינען, אן אפגעפרישטע, מיט אן אויפגעהויבענעם קאפ, נאר מא האט איין קוק געטאן איר אין די אויגן און געזען, אז מעי איז צוריקגע־

קומען מיט לײדיקן. זי האָט עס דעם פֿאַ געזאָגט װען זײ האָבן זיך שלאָפֿן געלײגט. „מעיס ליפּן זײנען פֿאַרזינגלט. אַ שלעכטער סימן, מײַן מאַן".

מר. הערים איז געװען זײער רעספּעקטאַבל, אָנגעזען אין זײַן קירך יעדן זונטיק אינדערפֿרי, אָנגעזען אין זײַן ראָטאַרי קלוב. ער האָט זיך געהיט, מע זאָל אים ניט זען פֿאָרן מיט מעיען. אַ פּאָר מאָל איז ער מיט מעיען אין אַן אַנדער שטעטל אװעקגעפֿאָרן צו זען אַ מואָװי.

מעי האָט עס באַגריפֿן. עס האָט איר װײ געטאָן, נאָר זי האָט געשװיגן. מר. הערים איז געװען אַזױ ליב און פֿאַרשטענדיק־מענטשלעך, כאָטש ער האָט קײן ביכער ניט געלײענט און אין קײן פּאָליטיק זיך ניט אינטערעסירט. אידן זײנען געװען אַ פֿאָלק פֿון דער ביבל, אַ פֿאָלק אָן אַ לאַנד דערװײל. ער האָט געגעבן געלט פֿאַר פּאַלעסטײן, אַ פֿאָלק דאַרף האָבן אַ לאַנד. ער זאָגט זיך ניט אָפּ צו געבן פֿאַר אַ גוטן צװעק.

מאַ'ס גוטע אױגן האָבן געליטן. נאָר דאָס מויל איז געװען פֿאַרשלאָסן. יעדן פֿרײַטיק אָװנט זײנען שװערע הערצער געקומען צו איר אין קיך אַרײַן געפֿינען טרײסט. פֿאַ האָט אָנגעטאָן און אױסגעטאָן די ברילן, זיך מישב געװען מיט זײ. פֿאַ'ס עצות האָבן געהאַט אַ שם אין געגנט. מאַ'ס טובות און גוטמוטיקײט זײנען געװען אַ ברכה פֿאַר אַלע נויטבאַדערפֿטיקע.

מעי איז געװען די גוטע טאָכטער װאָס האָט ניט אָקעגנגערעדט, װאָס האָט רעספּעקטירט אירע עלטערן. זײ ליב געהאַט טיף און פֿאַרשטעלט. איר טאָכטער עװעלין איז געװאַקסן װי אַ װילדע פֿעלד־בלום אין פֿרילינג. מעי פֿלעגט איר אַרײַנפֿירן צו מר. הערים אין קראָם און געבעטן װאַרטן ביז זי װעט צוריקקומען פֿון עטלעכע געענג. עװעלין האָט ליב באַקומען דעם פֿרײלעכן מר. הערים, װאָס איז געװען אַזאַ דזשענטלמען. עװעלין האָט ניט געקאָנט פֿאַרשטײן פֿאַר־װאָס די באָבע שװײַגט, װען זי דערצײלט איר װעגן מר. הערים.

פֿאַ און מאַ האָבן דערפֿילט אַז זײ װעלן בלײַבן אַלײן. מעי איז טאַקע געװען מיט זײ אין הויז, נאָר עס איז ניט געװען דיזעלבע

מעי. נאָך גוט וואָס פּאוועל איז געבליבן. נאָך דאָס האָט געפעלט אַז ער זאָל אויך פאַרלאָזן.

א שווייגעניש האָט ארומגענומען דאָס הויז אין טאָל. נאָר א נייע ליבע איז אויפגעגאַנגען, א ליבע צווישן פאַ און מאַ. זי האָט זיך ניט געקאָנט דערוואַרטן ביז ער וועט פון שטאָל אַריינקומען, ער — ביז זי וועט פון שטעטל זיך אומקערן. זיי האָבן זיך אָפט אין די אויגן אַריינגעקוקט און דערפילט, אַז ס'איז זיי גוט. אַבי מע לעבט, און מע איז צוזאַמען.

# ליבע

## 1

עס האָט זיך אָנגעהויבן פון אַ הערינג. ניט פון אַ גאַנצן הערינג, נאָר פון אַן עק הערינג. מענדל איז דאַן אַלט געווען אַ יאָר זעקס. זיין שוועסטער פערל איז געווען דריי יאָר עלטער פון אים, די עלטסטע פון די פיר קינדער אין הויז. האָט זי געוואונען. צו איר האָט געהערט דער עק פון הערינג. ס'איז מער צו עסן און צו לעקן. מענדל האָט דאַן געהאַט די ערשטע אַמביציע אין לעבן — צו זיין דער אייגנטימער פון דעם לענגליכן, פיין־פאָרמירטן הערינג־שפיץ. ער האָט אויסגעבראָכן אין אַ בונט, ער האָט געשריען אַף די קוויטשיקע טענער, אַז ער וויל האָבן דעם עק הערינג. ער האָט געוויינט, געדריגעט מיט די פיס אָן דיל, ער האָט ניט געקאָנט מער קאָנטראָלירן דעם שליימיקן שטראָם פון דער נאָז, ער האָט זיך, צום סוף, געוואָרפן שלאָגן זיין שוועסטער פערל, — נאָר ער האָט ניט אויסגעפירט. זי האָט אים דערלאַנגט איבער די הענט, אַז זיי זיינען רויט געוואָרן, אַז מע האָט געקאָנט אירע קנאָכיקע צייכנס זען אַף זיין הויט. זי איז געווען די שטאַרקע אין הויז, זי האָט אויסגעטיילט די קינדער עסן. טאַטע־מאַמע זיינען געווען פאַרנומען אין קרעמל.

צום ערשטן מאָל האָט מענדל דאַן ניט געקאָנט גלייך איינשלאָפן. ער האָט געריבן מיט די ברודנע הענט די אויגן, וואָס זיינען געווען ווי אָנגעשאָטן מיט זאַמד. ער האָט גערעדט צו זיך אַליין, געוואונטשן אַז זיין שוועסטער פערל זאָל שטאַרבן, צום ערשטן מאָל אין זיינע זעקס יאָר זיך טיף פאַרטראַכט וועגן דער אומגערעכטיקייט פון דעם מענטשליכן מין. פאַרוואָס קומט עס איר שטענדיק דער עק פון הערינג? ווייל זי איז די אויסטיילערקע? ער האָט באַשלאָסן צו זיין אויף, ביז די מאַמע וועט קומען און פאַר איר זיך אויסוויינען. ער האָט זיך געוואונטשן קראַנק צו זיין, שטאַרק קראַנק זיין און דאַן וועט ער געווינען. און וועט ער איינמאָל געווינען, וועט ער שוין

שטענדיק עסן דעם עס פון הערינג. ער איז אָבער איינגעשלאָפן איידער די מאַמע איז געקומען. איינגעשלאָפן אַ פאַר'צער'טער און געזיפצט אין שלאָף; געבריקעט זיין פיריעריקן ברידערל יאָשקען.

אינדערפרי איז נאָך די מאַמע געווען אין שטוב. מענדל איז אַריין אַ באָרוועסער אין קיך, שנעל־שנעל איר דערציילן וואָס ס'האָט נעכטן פּאַסירט, ווי פּערל האָט אים געשלאָגן, — נאָר יענע האָט זיך געהאַט געפּעדערט און אים צוגעשטעלט אַ בענקל פאַר דער מאַמען.

— הער־נאָר, דו טאַטע־באַרטעס, וואָס האָסט עס נעכטן געמאַכט פאַרא מעשונענע שטיק. כ'על זאָגן דעם טאַטן, וועט ער דיר אָנבויקערן די זייטן. עסט עסן וואָס מע'ט דיר געבן, אַניט עסטע עסן קדחות מיט ווערים.

דער מאַמעס טאָן איז געווען אַזאַ שטרענגער, איר פּנים האָט געמאַכט אַזעלכע גרימאַסן, אַרום די פאַרטריקנטע, בלוילעכע ליפּן איז געלעגן אַזויפיל ביטערקייט, אַז מענדל האָט מורא געהאַט זיך צו פאַרענטפערן; ער האָט דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט און אָנגעצויגן די ליפּן, ניט אויסצופּלאַצן אין אַ געוויין.

פון יענער מינוט אָן האָט ער באַקומען אַ האַס צו פּערלען. זיין ערשטער האַס אין לעבן. ער האָט אַף איר מער ניט געקאָנט קוקן. ער האָט איר קול ניט געקאָנט פאַרטראָגן. וויפיל קלעפּ ער האָט ניט אַריינגעכאַפּט פון טאַטן פאַר ניט פאָלגן „אָן עלטערע שוועסטער", האָט ניט געהאָלפן. וואָס זי האָט אים געהייסן טאָן, האָט ער ניט געטאָן, אָדער געטאָן זייער און זייער ניט צופרידנשטעליק. טאַטע־מאַמע האָבן זיך ניט איינמאָל איבערגערעדט וועגן דעם, ניט געקאָנט באַגרייפן. זיי האָט ער געפאָלגט, אין אַלגעמיין געווען אַ גוט קינד אומעטום, נאָר מיט פּערלען איז ער געווען קידער־ווידער.

פּערלען האָט עס געקרענקט. ווען זי איז אַלט געווען צוועלף יאָר האָט זי געוואָלט לעבן גוט מיט דער וועלט, איבערהויפּט מיט איר ברודער מענדל, אים אַלץ נאָכגעגעבן, געוואָלט אַז איר ברודער זאָל זיך באַציען גוט צו איר בשעת אירע חברטעס זיינען צו איר געקומען אַף אַ באַזוך, נאָר ער האָט זיי אויך ניט געקאָנט פאַרטראָגן.

זי האָט אים געוואָלט אונטערקויפן מיט דעם עק פון הערינג, נאָר מענדל האָט אַף דעם מער ניט געוואָלט קוקן.

ווען ער איז געוואָרן אַ דערוואַקסענער בחור און זיך געצופּט די וואָנצע־האָר, האָט זיך אים נאָך אַלץ אויסגעוויזן, אַז אין זיין לעבנס־פאַרביטערטקייט איז אַ סך שולדיק זיין שוועסטער פערל. נאָר ווען זיי האָבן זיך צום לעצטן מאָל געזען, איידער ער האָט פאַרלאָזן די היים צו פאָרן קיין אַמעריקע און זי האָט אים געקושט און זיך באַנאָסן מיט הייסע טרערן, האָט ער דערנאָך אין באַן זיך גע־וואונדערט, געטראַכט ווען איר און זיך די אויגן געווישט.

2

ווען מע דאַרף אויפשטיין פיר אַזייגער פאַרטאָג אין אומרחמנות־דיקע ווינטער־פרעסט און גיוכן, ווי אַ הונט אַף געיעג, אין די קליינע שורהלעך פון דער צייטונג די אַנאָנסן ווענן אַרבעט, דאַן קאָן דאָס פּנים ניט שמייכלען צופרידן. דאָן איז דער בחור, וואָס טרעפט זיך אָן מיט דיר בא דער טיר פון אַרבעט־פּלאַץ, אַ ביטערער שונא, אַ קאָנקורענט, וועמען דו ווינטשסט אַז ער זאָל דעם באַלעבאָס ניט געפעלן ווערן און מיט דעם, ביסטו באַגלויבט, וועלן דיינע אַקציעס שטייגן. ניט איינמאָל פלעגן זיך נאָכהער די בליקן פון די אומ־באַקאַנטע, אומזיסטע קאָנגער באַגריסן. ביידע האָבן קיין דזשאָב ניט באַקומען, ביידע זיינען דערנענטערט געוואָרן פון זייער דורכפאַל. אַמאָל פלעגט מען אפילו זיך ניט פוילן אויסרעדן אַ וואָרט איינער צום צווייטן, נאָר כמעט שטענדיק זיך אַ כאַפּ טאָן, אַז יעדע מינוט איז מיט אַ רענדל צוגליך און מע פלעגט זיך איילן יעדער מיט זיין צייטונג־סוד אַף געיעג נאָך אַרבעט, זיך ווינטשנדיק דערביי אַז מע זאָל אָפּן נייעם פּלאַץ דעם אומבאַקאַנטן־באַקאַנטן ניט אָנטרעפן.

דאָס סאַמע ביטערסטע אין מענדלס לעבן איז דאָן געווען — זוכן אַ דזשאָב. און געטראָגן האָט ער אַ האָס, אַן אומפאַרשטענד־לעכע שנאה, צו די אומגליקלעכע אַרבעט־זוכער, וועלכע ער האָט באַגעגנט אַף זיין געיעג. אָפּגעריסענע, ניט־דערשלאָפענע, אויס־געדאַרטע, נעבעכדיקע, — האָבן זיי געדאַרפט אַרויסרופן סימפּאַטיע צו זיך, איז דאָך מענדל געווען אַ לייבלעכער קרוב זייערער. נאָר, ניין,

פון ערשטן בליק אַף זיי, איז מענדל געוואָרן אַ פאַרביטערטער, האָט ער זיי געשאָלטן, צווישן די ציין, און מיט יעדן צוקוק פון אַ קאַנ־דידאַט, איז דער כעס באַ מענדלען געשטיגן. וואָס מער פון זיי, וואָס ווייניקער זיינען די שאַנסן צו באַקומען אַרבעט.

מענדל מיט די לאַנגע, אָדערדיקע הענט, מיט דער קנאָכיקער, הויכער נאָז, וואָס איז געשטאַנען אַף זיין פּנים, ווי אַ סטראַשידלע אַף אַ נאַקעט פעלד, מענדל מיט די אויסגעגלאָצטע קעלבערנע אויגן, וואָס האָבן געהאַט אייביקע טענות צו דער וועלט, דער הויכער אויס־געצויגענער מענדל — איז געווען תמיד פאַרצווייפלט, תמיד מיט אַ כמעט וויינענדיקער מינע אַפן דרייקאַנטיקן, הונגעריקן פּנים. ער איז געווען אַרומגערינגלט, אומעטום אַרומגערינגלט, מיט שונאים. וואָס האָט ער זיי געטאָן? וואָס האָבן זיי אים געטאָן? דאָס האָט ער ניט געוואוסט, נאָר געפילט האָט ער איינס: וואָס מער מענטשן אַרום אים, וואָס גרעסער איז זיין מורא. ווי הינט וואָס יאָגן זיך, אויסגע־מאָרעטע, נאָך אַן איינציקן ביין, וואָס מע האָט זיי פון ערגעץ וואו צוגעוואָרפן, אַזוי האָבן זיך, לויט זיין באַגריף, מענטשן געיאָגט נאָכן ביסן גליק. גליק? אַז מע האָט געקאָנט די הענט פאַרקויפן און אינזינען האָבן אויפשטיין העט־פרי ניט צו פאַרשפּעטיקן צו דער אַרבעט, איז געווען גליק. אַז מע האָט, אין געפּאַקטער סאָבוועי, נאָך דער אַרבעט, געקאָנט אַ פּלאַץ באַקומען, כדי די מידע פיס זאָלן זיך מחיה זיין, איז געווען גליק. אַז ס'האָט זיך אים איינגעגעבן צו באַ־קומען אַ וואַרימען צימער אין ווינטער באַ אַ באַלעבאָסטע וואָס האָט אים געוויזן אַ שמייכל, איז געווען גליק.

נאָר תמיד איז הינטערן גליק געשטאַנען די צרה, ווי אַ שטן, ווי אַ בייזע מכשפה, וואָס שטשירעט אירע אויסגעפוילטע ציין־לעבער אַף אים. האָט אים אָפּגעגליקט צו באַקומען אַרבעט, פלעגט ער מיט שרעק און צאָרן קוקן אַף די שלעפּערס וואָס האָבן יעדן פרימאָרגן באַלאַגערט די פאַבריק און געבעטן מע זאָל זיי געבן אַ דזשאַב. אָט זיי זיינען געווען זיינע שונאים, זיינע אומגליקן. ניט איינמאָל האָט ער געפילט ווי זיי צו שעלטן, ווי זיי צו פאַרטרייבן פון דער טיר. און האָט ער אַמאָל דערפילט זיך געלאַסן באַ דער אַרבעט, ווען עס פלעגט זיך אים אויסווייזן, אַז מע איז מיט אים צופרידן, פלעגט ער

זיך פּלוצים דערמאָנען, ווי ער האָט אינדערפרי באַם אַריינגאַנג דערזען אַ העברען, אַ שטאַרקערן בחור און דעמזעלבן בחור האָט ער שפּעטער דערזען מיטן פאָרמאַן זיך אַרומדרייענדיק איבערן פּלאַץ, — דאַן פלעגט מענדל פארלירן זיין גלייכגעוויכט און חשדים האָבן אָנגעהויבן, ווי זלידנע פליגן, אים דאַקוטשען אין מח.

און אפילו באַ דער אַרבעט האָבן אויך געלויערט אַף אים ניט־גוטע. שוין אָפּגערעדט פון פאָרמאַן, פון געהילף־פאָרמאַן, פון אַן אַלטער „האַנט", וואָס האָט זיך געהאַלטן פאַרן קנאַקער פון פאַבריק. דער שכן־אַרבעטער אַליין איז געווען אַ שונא, פון וועלכן מע האָט זיך געדאַרפט אויסהיטן, ווי פון אַ שפּיאָן אין אַ צייט פון קריג, ווי פון אַ שפּין, וואָס וועבט אינדערשטיל איר נעץ אַרום דיר. דער שטילער שכן באַ דער צווייטער מאַשין, מיט די ברוינע אומפריינט־לעכע וואָנצעס, האָט ניט איינמאָל פון דער זייט, מיט איין אויגל נאָכגעפּאָלגט מענדלען און נאָכהער זיך געגעבן אַ גלעט איבער די וואָנצעס. און האָט ער גערעדט מיט מענדלען און צוגעשאָקלט צו דעם, וואָס מענדל האָט געזאָגט, האָט מען אויך ניט געקאָנט זיכער זיין, אַז ער איז איינשטימיק. צופיל האָט דער שכן געשוויגן און ווען ער האָט גערעדט, איז דאָס געווען מיט אַן איבערגעטריבענער פריינטלעכקייט, האָט מענדל דערפילט.

און אפשר האָט מענדל באַקומען אַן אומצוטרוי צו זיינע מיט־אַרבעטער אין פאַבריק דערפאַר, וואָס זיי זיינען מערסטנס געווען ניט־אידן און חוזק געמאַכט פון מענדלס טיפּיש־אידישן אויסזען און האַלטן זיך. אַ פרעמדער איז ער געווען, מענדל, אין יעדן אַרבעט־פּלאַץ און עס פלעגט זיך אים ניט איינמאָל אויסווייזן, אַז אָט וועט אים עפּעס פליען אין קאָפּ אַריין, אַז אָט וועט מען אים אַריינרופן אין אָפיס, אים געבן דאָס געצאָלט־קאָנווערטל און הייסן גיין.

געזונטע ידים האָט ער געהאַט, מענדל, נאָר די מאַשין איז געווען שטאַרקער פון אים, איבערהויפּט ווען ער איז געווען מיד, ניט אויס־געשלאָפן, דאַן האָט די מאַשין געפּאָדערט, זיך גערייצט מיט אים, געשיפּעט: „שנעלער, שנעלער!" און דאַן פלעגט ער דערפילן, אַז זי איז אים אַ שונא, וואָס האָט זיך אָנגעזעצט אַף זיין לעבן און וויל אים דורס זיין. און ווען ער פלעגט אַריינקומען צו דער אַרבעט, זיך

אויסטאָן, אָנטאָן דעם פאַרטוך און זיך שטעלן באַ דער מאַשין, דאָן פלעגט ער דערפילן ווי ער איז אַ זעלנער אין אַ לאַגער און קעגנאיבער אים איז דער צווייטער, פיינטלעכער לאַגער — די רייז מאַשינען. באַלד, באַלד וועט זיך אָנהייבן די שלאַכט צווישן אים און שונא — מאַשין. מאַשין איז העכער, ברייטער פון אים. מאַשין רעוועט ווי אַ ווילדע חיה. ער וואָלט אויך וועלן אַ רעווע טאָן אַזוי, אַז די מאַשין זאָל זיך פאַר זיין ברום דערשרעקן, אָט אַזוי ווי ער ווערט אַמאָל פאַרציטערט פון מאַשינען־וואָי.

אין אָפּטריט איז געווען רו. ווען דער פאָרמאַן איז אַוועק־געגאַנגען, האָט מען זיך געלאָזט אַהין, איינציקווייז, נאָר דאָרטן איז געווען אַזוי משונהדיק הייס, אַז עס פלעגט אָנכאַפּן אַ ניט־גוטסקייט. תמיד זיינען דאָרטן געווען צופיל קאָנקורענטן, געקלאַפּט אין טירל: „ווי לאַנג וועסטו זיך דאָרט זאַמען?" אויך אַהין האָבן דערגרייכט די שונאים.

לאַנג האָט מענדל געחלומט פון פּרויען־אָרעמס, פון אַ גלאַטער ווייסער הויט, וואָס ער זאָל קאָנען גלעטן צו זיין הארצנס געלוסט. ער פלעגט פאַרגנבעטערהייט נאָכקוקן ווי זיין מיסיס טוט זיך איבער אין צווייטן צימער, ער פלעגט מיט אַן אָפן מויל און אויסגעגלאָצטע פאַרחלשטע אויגן אַריינדרינגען זיינע בליקן אין איר אָפענעם בוזעם ווען זי פלעגט זיך אָנבויגן. מענדל איז געווען אויסגעהונגערט נאָך פרויען־ליַיב און דער אָנריר פון זיין מיסיס' קליידל אין אים, האָט אים שוין בארוישט, און ווען זי האָט איינמאָל צוגעליינט איר פייכטע דלאָניע צו זיין הייסן שטערן, ווען ער האָט זיך באַקלאָגט, אַז ער פילט זיך ניט מיט אַלעמען, האָט באַ אים געדויבט אַ נאַכט שלאָף.

וואָס נרעסער ס'איז געווען זיין בענקעניש נאָך דער מיסיס, אַלץ גרעסער איז געוואָרן זיין שנאה צום באַלעבאָס פון דער דירה. אומעטום האָבן די מענער ליב געהאַט זייערע ווייבער, אָדער אויב ניט ליב געהאַט, זיי פון אויג ניט אַרויסגעלאָזט. זיך אָפּט געקרינגט, אַרומגענאַנגען אָנגעבורטשעטע, נאָר צום סוף, צום שלאָפן גיין, זיך איבערגעבעטן.

אין איין הויז, וואו ער איז איינגעשטאַנען, האָט די מיסיס זיך געהנדלט צום צווייטן באָרדער, גראָד אַ שנעק, אַ אינגל כמעט.

## ל י ב ע

יענער פלעגט איר געבן א קניפ אין אָרעם, בא איר פלענן די אויגן אויפגלאַנצן, ווי געשליפן גלאָז. און מענדל האָט געטראַכט, אז עפּעס א ניט־פאַרגינער גייט אים פאַרויס און לאָזט אים ניט געניסן פון לעבן. תמיד קומט אימיץ אנדערש און פאַרכאַפּט זיין פּלאַץ, אָט אזוי ווי מע פאַרכאַפּט א פּלאַץ אין סאַבוועי.

איינמאָל האָט זיך אים אַויסגעוויזן, אז ער קאָן זיך צושאַרן צו דער מיסים. זי איז שוין ניט געווען יונג, ניט שיין, נאָר ליב האָט זי געהאַט, א פרוי איז זי געווען און דער מאַן איז געווען אַן אָנגע־כמורעטער. מענדל איז מיט איר געווען א גאַנצן אָוונט אַליין אין הויז. איר צען־יעריקער אינגל איז שוין געשלאָפן. מענדל האָט דערפילט, אז א שוויים שלאָגט אים אויס אָפן ליב פון אויפרעגונג. ער איז מיט איר געזעסן אין קיך, געלייענט פאַר איר א צייטונג ווענן א מאָרד צוליב ליבע. זי האָט איבערגעווישט דאָס געשיר. ער האָט זיך גערוקט צו איר אַלץ נעענטער. זיינע אויגן זיינען געוואָרן גרע־סער, זיין אָטעם האַסטיקער. ער האָט איר געוואָלט עפּעס זאָגן, נאָר ניט געוואוסט וואָס. זי האָט מיטאַמאָל אָנגעהויבן גענעצן, לאַנג און פויל, ווי אַן אַלטע קאַץ און דאַן זיך גענומען מיט סאַזשע רייניקן דעם אויוון. אירע הענט און דאָס פּנים זיינען געוואָרן פאַר־שמירט, פון איר האָט זיך געהערט א ריח פון דער סאַזשע, וואָס מענדל האָט ניט געקאָנט פאַרטראָגן.

— ווי שפּעט איז? — האָט זי געפרעגט. — מיין משה דאַרף שוין קומען. וואָס גייט איר ניט שלאָפן, מענדל? מיין מאַן האָט ניט ליב, אז דער באָרדער זאָל זיך ארומדרייען צופיל אין קיך. איר האָט זיך אייער צימער, גייט זיך אהין.

אַן אַכצניעריקער שאַפּ־חבר האָט אים גענומען צו א נקבה. נעגאַנגען איז ער אהין מיט א ברוגזנדיק געמיט, נאָר צוקומענדיק צום הויז און דערזעענדיק ווי אין וואַרטצימער האָבן געוואַרט פינף מענער, יונגע און אַלטע, האָט ער דערפילט ווי מע וואָלט אים אריינ־געשאַרט אין א זאַק. ער האָט געוואָלט ארויסגיין, נאָר זיך געשעמט פאַרן חבר, וואָס האָט אים געבראַכט אהער.

צוויי נקבות זיינען דאָרט געווען. איינע א יונגע, פון עטלעכע און צוואַנציק, נאָר מיט א דורכגעטריבן, בייז פּנים און צעשויבערטע

האָר און אַ פּלאַכער ברוסט; די צווייטע איז געווען אין די דרייסיקער, גאָרניט פון די רייצנדיקע, מיט אַ צעקנייטשט פּנים און גראָבע ליפּן, וועלכע מענדל האָט ניט געקאָנט פאַרטראָגן אין אַ פרוי. אַף אים איז אויסגעפאַלן ניט די יונגע, נאָר גראָד די עלטערע. זי האָט זיך געדונגען מיט אים, אים באַקוקט מיט ביטול און וואָלט ער זיך ניט געשעמט פאַר זיין יונגן חבר, וואָלט ער איר באַצאָלט און אַנטלאָפן. ווען ער איז פּאַרטיק געוואָרן מיט איר, האָט ער געפילט דעם ריח פון איר פאַרשוויצט און אומריין לייב און אין גאַס האָט ער געהאַלטן אין איין שפּייען אַרום זיך און געפילט די גאַנצע צייט ווי צום ברעכן.

א לאַנגע צייט האָט ער פון דאַן אָן ניט געקוקט אַף פרויען. ער האָט זיי פיינט באַקומען און אָפּגעשפּעט פון זיי, כאָטש דעם חבר אין פאַבריק האָט ער צוגעזאָגט נאָכאַמאָל צו גיין מיט אים, ווען יענער האָט אים דערציילט פון אַ נייַ פּלאַץ. און ווען די צייט איז געקומען איז ער ווידער געגאַנגען און ווידער געשפּיגן אַרומגייענדיק. ער איז דאַן אַלט געווען פיר און צוואַנציק יאָר.

קיין משפחה דאָ אין לאַנד האָט מענדל ניט געהאַט, איז אים געווען אומעטיק נאָך דער אַרבעט, האָט די וועלט אים אויסגעקוקט ווי אַ שלאַכטהויז, וואו מע טרייבט יעדן צו דער שחיטה. טרייבן טרייבט דער שטאַרקער דעם שוואַכן. האָט איינער מורא פאַרן צווייטן, קוקט יעדער מיט אומצוטרוי אַפן אַנדערן. איז מענדל אַרומגעגאַנגען אָן אַנגעכמורעטער, אָן אָפּגעלאָזענער אין קליידונג, מיט אַ פאַרזויערטן פּרצוף.

האָט איינמאָל אויסגעבראָכן אַ סטרייק אין דער פאַבריק וואו מענדל האָט געאַרבעט. ער איז דאָרט געווען אַ נייַע „האַנט". גע־טראָפן האָט ער אויפגערעגטע געמיטער, געביילטע פויסטן. ווי אין אַלע פּלעצער וואו מענדל האָט געאַרבעט, אַזוי איז אויך דאָ געווען אַ געדריקטע שטימונג. די אַרבעטער האָבן זייער ווייניק פאַרדינט, ניט געווען קיין באַלמעלאָכעס, מע האָט געקאָנט געפינען גלייך אַנדערע „הענט", קיין אָפּגעשפּאָרטע געלט האָט מען ניט געהאַט, קיין אויפגעקלערטקייט אין קלאַסנקאַמף האָט מען ניט אַנגעפירט צווישן זיי. די נויט איז אָבער געווען דער בעסטער אַגיטאַטאָר. מע האָט אַפן בולעטין־ברעט, וואו עס איז געהאַנגען אַ פאַרשטויבטע מעלדונג

וועגן פייער־רעגולאציעס, וואס קיינער האט קיינמאל ניט גענומען זיך די מי צו לייענען, פלוצים דערזען א פרישן בויגן ווייס פאפיר, נעט מאשין־געשריבן. די פירמע האט געלאזט וויסן, אז פון דעם 15טן קומענדיקן חודש — געווען איז דאס אין הייליקן חודש דע־צעמבער, — ווען נארישע ארבעטער האפן, אז דער באלעבאס וועט זיי געבן א קריסטמעס־מתנה — א הוספה, — וועט פארקומען אן אלגעמיינער שניט אף די שכירות פון אלע אנגעשטעלטע. אזוי שנעל ווי די געשעפטן וועלן זיך פארבעסערן, וועט מען דעם שניט אפשאפן.

עטלעכע יונגען, גראד די בלאנדע, די אמעריקאנער, האבן מיט פארביסענע ליפן געמאלדן: סטרייק. ארומגעגאנגען פון מאשין צו מאשין: הערט זיך איינעט, חברה, אזוי און אזוי, עס סטייעט ניט אף קיין פלייש; מע ארבעט שווער און וואס האבן מיר? קיין אנדער אויסוועג איז ניטא. מירן זיך האלטן צוזאמען, וועלן מיר געווינען. ווער עס וועט ניט זיין מיט אונז, זאל אים גאט העלפן.

מענדל האט אין זיין עלנט זיך תמיד צוגעהערט צו עלטערע מענטשן. אין זיי האט ער גערעכנט שטעקט די גאנצע חכמה. אין דער פאבריק זיינען די אלטע, אט־די מיט די גראבע וואנצעס, געווען קעגן סטרייק. א לעבן אפגעארבעט אין זעלבן פלאץ, תמיד געשוויגן, תמיד זיך אונטערגעלעקט צו די פארלייט. מענדל האט געוואוסט, אז א סטרייק איז א שלעכטע זאך. מע שלאגט, מע קריגט זיך, מע האט זיך פיינט. מענדל האט געוואלט ליב האבן. די שכירות זיינען טאקע געווען קליין. חתונה האבן אף זיי האט מען ניט געקאנט, וואוינען אין א גרעסערן צימער אויך ניט, האבן עטלעכע אנצוגן אויך ניט, אפשפארן א פאר טאלער אוואדע ניט. איצט וועט מען שניידן, וועט ווערן נאך ערגער. נאר מענדל האט זיך געהאט ארומגעדרייט צען וואכן ליידיק, ביז ער האט געקראגן דעם איצטיקן דזשאב. די אלטע זאגן, אז מע וועט ניט געווינען, דער פארמאן זאגט, אז דער, וואס וועט אראפ, וועט ניט קאנען מער ארויף. מענדל האט צוגעשאקלט מיטן קאפ צו יעדן איינעם, וואס איז אים געקומען איבעררעדן. ער האט יעדן אויסגעהערט, נאך קיינעם ניט געגלויבט. ער האט גע־וואוסט איין זאך: ער האט פיינט פיינט צו האבן, ער וויל ניט קיין קריג. דער קאפ האט אים אנגעהויבן ווייטאן פון די קריגערייען.

ווען דער סטרייק האָט אויסגעבראָכן, איז מענדל מער אין פאַבריק ניט צוריקגעקומען. ער איז אַוועק זוכן אַרבעט ערגעץ אַנדערשוואו. ער האָט מורא געהאַט זיך צו ווייזן אַרום דער סטרייק־געגנט. ער האָט קיינמאָל אַפילו ניט געוואָלט אויסגעפינען צי דער סטרייק איז געוואונען אָדער פאַרלאָרן געוואָרן.

מענטשן האָבן באַלאַנגט צו פאַרשיידענע חברות. ווען מע איז קראַנק געוואָרן, זיינען זיי געהאָלפן געוואָרן, ווען זיי זיינען געשטאָרבן, האָט מען זיי באַגראָבן מיט כבוד. מענדלען איז דאָס געפעלן גע־וואָרן. ער האָט זיך ערגעץ־וואו געוואָלט צוטוליען. יונג איז ער געווען, האָט אים די לאַנדסמאַנשאַפט־סאָסייעטי פון זיין שטעטל אַריינגענומען. דאָרט האָט ער געטראָפן אומבאַקאַנטע מענטשן, עלטערע אידן, קיין פרויען זיינען ניט געווען. יענע האָבן באַלאַנגט צו אַ באַזונדערן פאַראיין. קיין קאָרטן האָט מענדל ניט געקאָנט שפּילן, האָט ער בײַ די סאָסייעטי־ברידער ניט נושא חן געווען. האָט ער געצאָלט, געצאָלט, ביז ער איז געוואָרן אַרבעטלאָז און ניט געקאָנט צאָלן זיינע דיוס. האָט ער דערהאַלטן אַ בריוו פון דער סאָסייעטי, אַז מע וועט אים שטרייכן. דאָס האָט געמיינט בײַ מענדלען: שנאה. מע האָט אים ניט ליב. האָט ער באַקומען אַ האַרץ אָף זיינע לאַנדס־לייט און מיט דעם האָט זיך געענדיקט זיין געזעלשאַפטלעכע קאַריערע.

מענדלס פילאָסאָפיע איז געווען: האַלט זיך וואָס ווייטער פון מענטשן־מין. מע קאָן אים ניט געטרויען. נאָר נאָך פרויען האָט ער געבענקט, זיי נאָכגעלאָפן, פון מאָלצייט געשפּאָרט און די לעצטע סענטן זיי אָפּגעגעבן און נאָכהער געשפּינן און געשאָלטן זיי מיט טויטע קללות.

5

נאָר איינמאָל אין אַ ווינטערדיקן פרימאָרגן איז אַ ליכט אויפ־געגאַנגען אין האַרצן בײַ מענדלען. צום ערשטן מאָל אין אַ סך יאָרן האָט ער זיך צעשמייכלט מיט אַ גלוויקן פינטל אין די אויגן, ווי אַ קינד וואָס דערזעט אין דער פרעמד אַן אייגן, ליב פּנים.

געווען איז דאָס נאָכדעם ווי ער איז צוריקגעקומען פון אַרבעט־צענטער, וואוהין ער האָט זיך געאיילט העט־פרי מיט אַ צייטונג־

אנאָנס אין די בלויע פּאַרפּאָרענע הענט. איננאַנצן זיינען דריי מענטשן געקומען אין אָפּיס פון דער מעטאַל־פאַבריק, וואָס האָט אריינגעשטעלט דעם אַנאָנס אין ציימונג. מענדל איז געווען זיכער, אַז ער וועט זיין דער גליקלעכער, ווייל יענע צוויי האָט מען אָוועק־געשיקט, אפילו זייערע נעמען נים פאַרשריבן, ווי מע פירט זיך געוויינטלעך אין אַזעלכע פאַלן. דער אינטערוויוער, אַ בחור אַ שנעק, מיט אַ קליין פּנימל און קאַלטע אויגן, וואָס האָבן בלויז איין קוק געגעבן אָפּן קרבן און שוין איז געווען באַ זיי אָפּגעמאַכט, אַז אויס, — דער אינטערוויוער האָט אָפּגעמאָסטן מענדלען מיט אַ ווינקל פון איין אויג און ער האָט אים געזאָגט, אַז מע דאַרף נים. מענדל האָט אים געוואָלט עפּעס זאָגן, אים פרעגן עפּעס, נאָר, ווי תמיד אין אַזעלכע פאַלן, האָט אים אויסגעפעלט מוט.

אַן אַנטוישטער איז מענדל אַרויף די שטיגן צו זיך אהיים און באַשלאָסן זיך צולייגן אין זיין אַנטועכץ. דער שלאָף איז באַ אים געווען די לייזונג פון אַלע פּראָבלעמען, וועלכע זיין מוח איז נים אימשטאַנד געווען צו לייזן. ער האָט אָנגעהויבן אויסטאָן די שיך און פּלוצים געבליבן מיט אַ שוך אין האַנט און מיטן פּנים געווענדט צום פענסטער. פון דרויסן, פון יענער זייט שויב, האָט מענדל דער־הערט אַ פּישטשען פון פייגעלעך, אַ געטומל פון דינינקע קעלכעלעך. אויך באַ זיי קרינט מען זיך, פּונקט ווי באַ אונז, איז דורך זיין מוח. ער האָט זיך אויפגעהויבן און צוגעגאַנגען צום פענסטער אַ קוק טאָן. זיין פענסטער איז אַרויסגעגאַנגען צום פייער־עסקעיפּ. דאָרט, אָפּן אייזערנעם שטיגל, איז געשטאַנען אַ געזעמל פון פייגעלעך און גע־פּיקט צוזאַמען אַ רעפּטל ברויט, וואָס איז פון אויבערשטן שטאָק אַראָפּגעפאַלן. מענדל האָט זיך צוגעקוקט און וואָס לענגער ער האָט געקוקט, וואָס מער האָט זיך דער לאַנגיאַריקער שאָטן איבער זיין פּנים אָפּגעטאָן פון אים, וואָס מער זיינען די אָנגעצווינגענע פאַרביסנ־קייטן אַף זיין נאָז, אַף זיינע ליפּן־ווינקלען, אונטער זיינע פאַרלאָשענע אויגן, לויזער געוואָרן, ווי האַרטער, פאַרבלאַטיקטער שניי, וואָס איז אונטער די כסדרדיקע זונען־שטראַלן ווייכער געוואָרן און אָנגעהויבן גלאַנצן, שמייכלען גוטמוטיק.

איין פייגעלע האָט פּלוצים דערזען מענדלען דורך דער שויב און

גלייך, אַף אַ געהיימען סיגנאַל, זיינען זיך אַלע פייגעלעך פאַנאַנדער־געפלויגן. אויך זיי האָבן מורא פאַר מענטשן, האָט מענדל געטראַכט און אינסטינקטיוו דערפילט אַ נאָענטקייט צום פייגל־מין. ער האָט געוואָלט זיך אויסטענהנען מיט די פייגעלעך, דערקלערן, אַז ער וועט זייער ביסן ניט צונעמען. דאַן האָט ער באַשלאָסן אַוועקצוגיין פון פענסטער און זיך שטעלן אַזוי, אַז ער זאָל די פייגעלעך קאָנען זען, און זיי אים — ניט. ער איז געשטאַנען אַזוי מיט אַן איינגעהאַלטע־נעם אָטעם און זיך באַלד דערוואַרט. אַ פייגעלע איז אָנגעפלויגן, זיך אַרויפגעשטעלט אַף אַן אויבערשטער גראַטע און אויסגעשפּירט, אויפגעהויבן דאָס קליינע, פּוקע העלזל, מיטן טונקל־בורשטינענעם שנעבעלע און מיטן פינטל־אויגעלע אויסגעפּאַרשט די לאַגע, געגעבן אַ צוויטשער און גלייך זיינען אָנגעפלויגן נאָך פייגעלעך. זיי האָבן זיך געשטעלט אין פאַרשיידענע פּאָזיציעס, אַף פאַרשיידענע שטיגן און געוואַרט אַף דעם דרייסטערן, וואָס האָט צום ערשטן זיך אַ לאָז געטאָן צום ברויט, געגעבן אַ פּיק און גלייך אַ קוק געטאָן צו מענדלס פענסטער. דערזען, אַז קיינער איז דאָרט ניטאָ, האָט עס געגעבן אַ פּישטש, אַ סיגנאַל און גלייך זיינען צוגעשפּרונגען די איבעריקע פייגעלעך און געפּראַוועט אַ סעודה. מע האָט זיך ניט געקריגט צוליבן ברעקל ברויט, ווי באַם מענטשן־מין. צוזאַמען האָט מען הנאה געהאַט, נאָר כסדר אַ הייב געטאָן די העלזלעך צו דער שויב, צי אַ שונא לויערט ניט אַף זיי. עס זיינען אָנגעפלויגן נאָך פייגעלעך, אַלע שפּערלינגען קליינע, טאָג־טעגלעכע, ניט זיי זינגען, ניט זיי האָבן שיינע פעדערן, פּשוטע הי־וקימס, אָט אַזוי ווי ער, מענדל, און זיין גלייכן.

עס איז אים געוואָרן וואַרים אינעווייניק פון זיין נייער באַקאַנט־שאַפט. ער האָט ניט געקאָנט זיך אָפּרייסן פון פענסטער. נאָר אָט האָבן זיך די פייגעלעך, ווייזט אויס, פאַר עפּעס דערשראָקן און זיי זיינען זיך אַלע פאַנאַדערגעפלויגן אין פאַרשיידענע ריכטונגען. די מער־געוואַגטע זיינען אַוועק ניט ווייט, אַף אַ העכערן שטאָפּל פון פייער־עסקעיפּ. די שטיקלעך ברויט זיינען געבליבן ליגן פאַריתומט און פאַריתומט איז אויך געבליבן שטיין מענדל.

פון יענעם טאָג אָן האָט מענדל באַקומען אַ נייעם אינטערעס

אין לעבן. ווען ער האָט געגעסן האָט ער אינזינען געהאַט, אַז אימיצער אַנדערש וואַרט אַף זיין גוטהאַרציקייט, אַז ער האָט זיך פאַר אימיצן צו זאָרגן. ווער עס זאָרגט פאַר אַ ווייב און אַ קינד, מענדל דאַרף אינזינען האָבן די פייגעלעך, וואָס וואַרטן אַף אים באַם פענסטער און לאָזן אים הערן אַף זייער אופן, אַז זיי זיינען דאָ, אַז זיי זיינען הונגעריק איצט, אין די גרויסע פרעסט.

און אַזוי האָט מענדל באַ יעדן מאָלצייט זיינעם ניט פאַרגעסן פריער פון אַלעם, אַזוי ווי ער האָט אָפּגעריסן אַ שטיק ברויט אין מויל אַריין צו נעמען, אַריינצוליייגן אין קעשענע אַ חלק פאַר זיינע פייגעלעך. ניט איינמאָל האָט ער באַמערקט ווי מענטשן אין רעסטאָ־ראַן, אַרום זיין טיש, וואַרפן אים צו מאָדנע, אומפריינטלעכע בליקן, — נאָר מענדל האָט שוין לאַנג געהאַט שלום געמאַכט מיטן געדאַנק, אַז פון מענטשן איז ניטאָ וואָס צו דערוואַרטן, אַז זיין אייגן לעבן איז מער דאָרט, באַ די קליינינקע פייגעלעך, וועלכע האָבן זיך שוין צו־געוואוינט צו אים, כאָטש זיי צעפליען זיך ווען ער קומט צו גאָר נאָענט צו זיי, נאָר אין דעם זיינען שולדיק אַנדערע, שלעכטע מענטשן, וואָס זיינען ניט גוט צו די באַפליגלטע פריינט.

די באַלעבאָסטע באַ וועלכער מענדל האָט געוואוינט, האָט באַמערקט מענדלס נייע קאָמפּאַניע און ס׳איז איר, ווייזט אויס, ניט געפעלן געוואָרן. זי האָט זיך באַקלאָגט, אַז די פייגעלעך פאַרפּאַס־קודיען איר דעם פייער־עסקייפּ און זי האָט בכלל ניט געקאָנט פאַרשטיין, ווי אַ מענטשן ווערט ניט נמאס צו שטיין באַם פענסטער און זיך קוויקן מיט דעם ווי די פייגעלעך פישטשען און פּיקן ברעקלעך.

— וואָס אַ מענטשן קאָן איינפאַלן ? פריש, געזונט און משוגע !

— האָט זי דערציילט דעם מאַן. זי האָט אָנגעהויבן מורא האָבן פאַר מענדלען. ער איז זיכער ניט מיט אַלעמען, האָט זי באַשלאָסן באַ זיך. פון איר שמועס מיט מענדלען האָט זי זיך נאָך מער איבערצייגט, אַז דעם מענטשן פעלט אַ קלעפּקע אין קאָפּ.

מענדל האָט גענומען אַן אַלט טאַשנטיכל זיינס און אַרויס אַפן פייער־עסקייפּ און אָפּגערייניקט וואָס פייגעלעך האָבן אָנגעמאַכט. די מיסים זיינע האָט זיך גאָר דערשראָקן פון זיין טאַט. מענדל האָט דערפילט, אַז מע קוקט אַף אים קרום און ער האָט מורא געהאַט, אַז

ער וועט דאַרפֿן זוכן אַן אַנדער צימער, וואו עס וועלן אפשר ניט צוקומען קיין פֿייגעלעך און דער געדאַנק האָט אים באַטריבט. ער האָט זיך דערפֿאַר געפֿעדערט און געצאָלט פּינקטלעך יעדן ערשטן זיין רענט און דאָס איז בײַ זיין מיסים געווען די הויפּטזאַך.

ווען ס'האָט געשנייט, האָט מענדל אָפּגעשאַרט דעם שניי אַפֿן פֿייער־עסקייפּ און פֿון פֿענסטער־ברעטל. די פֿייגעלעך־משפּחה האָט זיך געהאַלטן אין איין פֿאַרגרעסערן און די קוויטשערייען האָבן מענדלען אָנגעפֿילט מיט פֿרייד און אַ מין שטאָלץ פֿון זיין ניצלעכקייט אַף דער וועלט. דאָס גאַנצע לעבן זיינס האָט באַקומען אַן אַנדער קאָליר. ער האָט געהאַט וועגן וואָס צו טראַכטן. דער געפֿיל, אַז קיין אַרבעט האָט ער טאַקע ניט באַקומען, דערפֿאַר אָבער וועט ער קאָנען גוטס טאָן היינט — שפּייזן פֿאַרפֿראָרענע, צאַרטע נפשות, האָט אים געמאַכט חשובער בײַ זיך. איינמאָל, ווען ער איז באַליידיקט געוואָרן בײַם זוכן אַרבעט, האָט ער געוואָלט זאָגן דעם חוצפּהדיקן פֿאָרמאַן, אַז — — נאָר עס האָט אים אויסגעפֿעלט מוט און ער האָט בלויז אַף יענעם אַ קוק געטאָן פֿון אויבן אַראָפּ, ווי איינער זאָגט: איך בין אַ בעסערער מענטש פֿון דיר, ערגעץ־וואו האָט מען אַ גע־הויבענע מיינונג וועגן מיר. . . .

עה, ווען ער, מענדל, וואָלט נאָך געקאָנט האַלטן אין זיין האַנט אַ פֿייגעלע! ווען ער וואָלט געקאָנט גלעטן דאָס פּיצעלע גרוי־ברוינע קעפּעלע און דאָס פּוכקע גרוי־ווייסע בייכעלע! אַמאָל איז אים איינ־געפֿאַלן, אין געדאַנק, צו קויפֿן זיך אַ זינג־פֿויגעלע און דאַן וועט ער עס קאָנען ליב האָבן ווען אים וועט זיך גלוסטן. נאָר, ניין, ער האָט דעם געדאַנק גלייך פֿאַרטריבן פֿון זיך. אַ זינג־פֿויגעלע איז אַ פּריצל, אַן אָנגעבלאָזנס, מיט שיינע פֿעדערן, מיט אַ יחוס־בריוו הינטער זיך. ער האָט געוואָלט האָבן אַ פֿייגעלע, ווי ער אַליין איז געווען — אַן עלנדס, אַ נע־ונדניק, אַ פּראָסטס, וואָס מע קוקט זיך אַף דעם ניט אום.

אין אַ צייט אַרום האָט מענדל באַמערקט אין זיך אַן ענדערונג, ווי ער וואָלט פֿון אַ לאַנגער קרענק אויפֿגעשטאַנען און דערפֿילט, אַז מיט יעדן טאָג ווערן זיינע שוואַכע פֿיס קרעפֿטיקער, זיינע אויגן לויטערער. אָט־דעם האָס וואָס ער האָט יאָרן־לאַנג, זינט די מעשה

מיטן עק הערינג, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן זיין שנאה צום מענטשן־מין, געטראָגן אין הארצן, אין מוח און וואָס האָט זיך אויסגעגאָסן אַף זיין גאנץ פּנים, — אָט־דער האס האָט אָנגעהויבן זיך אָפּטאָן פון אים, ווי א שווערע משא וואָלט ביסלעכווייז אראָפּגענומען געוואָרן פון זיינע אַקסלען. זיין ליבע צו די אָרימע שפּערלינגען און זייער צוטרוי צו אים, האָט מיטאַמאָל איבערגעאַנדערשט מענדלס קוק אַפן לעבן, ווי ער וואָלט צו זיין קורצזיכטיקייט אָנגעטאָן א פּאָר ברילן, וואָס האָבן געמאַכט צום זען זאַכן וועלכע ער האָט פריער פון וויטן ניט געקאָנט בשום אופן זען. ער האָט אַליין ניט געקאָנט די זאַך באַגרייפן, נאָר נאָכדעם ווי ער האָט נעשפּייזט די פייגעלעך, פלעגט זיך זיין שטימונג הויבן, ער פלעגט וועלן א רעד טאָן מיט א מענטשן און ארומגיין א צופרידענער מיט זיך. די מיסים האָט זיך אינאָנהויב דערשראָקן, נאָר זיך אינגיכן איבערצייגט, אז איר מאָדנער באָרדער רעדט אַמאָל צו דער זאַך און אַזוי איז ער נאָר ניט קיין שלעכטער בחור. זי האָט אים אַפילו אַמאָל איינגעלאַדן צו טרינקען מיט איר א גלאָז טיי און מענדל האָט זיך פאַנאַנדערגערעדט וועגן זיין לעבן, נאָכדעם ווי די מיסים האָט אים געפרעגט פארוואָס ער האָט ניט חתונה.

וואָס נעענטער די פייגעלעך זיינען אים געוואָרן, אַלץ נעענטער האָט אים אָנגעהויבן ווערן דער מענטשן־מין. ער האָט אַלע מענטשן אָנגעהויבן איינטיילן אין אריסטאָקראַטישע זינג־פייגעלעך, מיט גרינע פעדערלעך, וואָס וואוינען אין באַנילדטע שטייגעלעך און וועלכע ווערן געשפּייזט מיט ספּעציעלע פּאַטראַוועס (אַזוי פלעגט ער זיך, אין גע־דאַנק, אויסדריקן) און פּשוטע גאַס־פייגעלעך, וואָס ראַיען זיך אין פערד־מיסט, כדי צו קאָנען זיך באַם לעבן דערהאַלטן. אָט־די זיינען געווען זיין מין, אָט־די האָבן געליטן, געפראָרן געוואָרן און זיך גע־האַלטן צוזאַמען, געראָפן איינער דעם אַנדערן, ווען מע האָט געקאָנט קריגן שפּייז צוזאַמען.

א לעקציע האָט מענדל געלערנט פון די ארבעטזאַמע שפּערלינגען. ווען ער איז איצט געגאַנגען זוכן ארבעט, האָט ער שוין אַף זיינע מיטזוכער ניט געקוקט מיטן האַס פון אַמאָל. ער האָט שוין ניט געזען אין יעדן אַרבעטער א שונא, וואָס וויל פון אים דעם ביסן פון

מויל אַרויסרייסן. אויך זיי זיינען שפּערלינגען וואָס ווילן עסן, און שפּייז איז דאָ אַף דער וועלט פאַר אַלעמען און מע דאַרף יעדן איינעם אינזינען האָבן, אַט אַזוי ווי ער, מענדל, האָט יעדן טאָג אינזינען די פייגעלעך אַפן פייער־עסקעיפּ.

און שטייענדיק באַם פענסטער און צוזעענדיק ווי די פייגעלעך קוויקן זיך מיט זיינע ברעקלעך, האָט מענדל זיך כסדר פאַרטראַכט וועגן די מענטשן־שפּערלינגען וועמען עס קומט אָן אַ סך שווערער, ווי דעם פויגל־מין צו קריגן די טעגלעכע שפּייז. ער האָט זיך פאַר־טראַכט וועגן זיך אַליין, אָנגעהויבן פון העט־אַמאָל, פון זיין האַס צו דער שוועסטער צוליבן הערינג־עק און געטראַכט, יעדן טאָג גע־טראַכט, וועגן דעם סדר פון דער וועלט און דעם האַס פון מענטשן־מין און געפילט האָט ער, מענדל, וואָס מער ער האָט געטראַכט, אַז עס יעירט אין זיין האַרצן אַ ניי געפיל, אַ געפיל פון ליבע צום שפּער־לינג מענטשן־מין. עס איז אים געוואָרן וואַרימער דערפון און ער האָט געוואָלט וואָס שנעלער אַרויס, אַרויס אין דרויסן, עס האָט אים געצויגן אַהין וואו עס זיינען דאָ אַ סך אַזעלכע ווי ער, וואָס זוכן אַרבעט, וואָס ווילן טאָן גוטס, וואָס ווילן שפּייזן די פאַרפראָרענע, צאַרטע און קוויטשנדיקע שפּערלינגען.

# מעידזשאָר

1

איך און מיין חבר לו, — וואָס פאַראַ קאָמבינאַציע! און דאָך ציט זיך אונזער פריינטשאַפט שוין אַ צענדליק יאָר. געמיינט האָב איך, אַז אַזוי גיך ווי ער וועט חתונה האָבן, וועלן זיך אונזערע וועגן צעשיידן, נאָר אויסגעלאָזט האָט זיך פאַרקערט . . . קום איך ניט צו אים אַ צייט לאַנג, ווייס איך, אַז ווען דער טעלעפאָן קלינגט אין אַ זונטיק אינדערפרי, דאַן ווען איך ליג נאָך אין בעט און וויל זיך אויסרוען פון דער גאַנצער וואָך, אַז דאָס רופט מיך מיין חבר לו.

— הער זיך איינעט, פוילאַק איינער, ס'איז אַ פּראַכטפולער פרימאָרגן היינט, אפשר וועסטו זיך אַריבערכאַפּן צו אונז? כ'האָב מיט דיר אַ סך צו רעדן, וועסט זיך אַ שפּיל טאָן מיט דער בעיבי און אַ קוק טאָן ווי מעידזשאָר איז אויסגעוואַקסן. וועסט אים ניט דערקאָנען, זאָג איך דיר; אַ וואָס פאַראַ טייער באַשעפעניש דאָס איז! וועסט אָנקוועלן פון אים . . .

און ווען איך קום אַריבער צו אים, איז באמת זיין שמחה גרויס. נאָר קיין סך צו רעדן מיט מיר האָט ער ניט. ער דערוואַרט, אַז איך זאָל רעדן. און גראָד נעמט זיך באַ מיר אָפּ דאָס לשון, ווען איך פאַרברענג באַ אים. מע איז אין אָנהויב שטאַרק פאַרטאָן מיט צע־קייען די געבראָטענע קאַטשקע, אָדער אינדיק, וועלכן עלסי שטעלט צום טיש אַ ניט אָנגעהויבענעם. יעדעס מאָל, ווען איך קום צו זיי, זיינען די פּאָטראַוועס געשמאַקער. פאַרלאָזט זיך אַף עלסין. מיט יעדן קנייטש וואָס קומט איר צו אַפן פּנים, ווערט זויבערער אין הויז, קומט צו אַ ניי, מחיהדיק מאכל. און אַז מע פאַרענדיקט דעם מי־טאָג, פאַרנעמט זיך עלסי מיטן געשיר און לו פאַרגעסט אין מיר און גיט זיך אָפּ צו מעידזשאָרן. ער עפנט אַ קאַן מיט הונט־שפּייז, מישט עס אויס, אין אַ ליימענעם פּאַלומעסיק, מיט אַזאַ גריץ, באַגיסט עס מיט דער געשמאַקער יויך פון דעם אינדיק און שטעלט זיך אַוועק אָנקוועלן פון מעידזשאָרס אַפּעטיט. ערשט דאַן דערזעט מיך לו

און ער נעמט מיך ארום מיט איין אָרעם און רעדט צו מיר, קוקנדיק אפֿן הונט:

— נו, זאָג, טייערער חבר, איז ער ניט אויסגעוואקסן, זינט דו ביסט דאָ נעווען? זע, ווי שיין ס'איז זיין פֿעל. אמתער בורשטין! און קלוג איז ער, איך זאָג דיר, עס איז ניט צו גלויבן. די וואָך, הערסטע, האָט פּאַסירט אַזאַ זאַך...

איך קוק דאַן אַף מיין פֿריינט לו און קאָן זיך ניט צונעוואוינען צום געדאַנק, אַז מיר קאָנען זיך שוין אַזוי לאַנג און אַז ער געפֿינט עפּעס אין מיר וואָס זאָל אונז ביידע דערנענטערן.

ניט איינמאָל ווען איך בין בא אים, דערמאָנט ער זיך אין אונזער ערשטער באַקאַנטשאַפֿט און ער ווינקט זיך איבער מיט מיר, אַז איך זאָל צופֿיל ניט ארויספּלאַפּלען וועגן יענער צייט. איך פֿאָלג אים, נאָר ווען מיר זיינען אליין, ווען ער און איך און, נאַטירלעך, מעידזשאָר, נייען שפּאַצירן, דאַן ארבעט די פֿאַנטאַזיע און דער זכרון בא לוען און ער פֿרעגט זיך פֿאַנאַנדער וועגן דער און יענער און רעדט ווייך וועגן יענער גליקלעכער, פֿרייער צייט, ווען מיר זיינען נעווען דערפֿאָלגרייכע יעגער און געפֿאַנגען שיינע מיידלעך און יונגע ווייבלעך.

— טייערער, זאָלסט מיר געזונט זיין, זעסט אמאָל די רויט־האָריקע, אָ, ווי האָט זי געהייסן? אָט די וועלכע האָט צוגערעדט איר מאַן, אַז ער זאָל אוועקפֿאָרן פֿון קעמפּ, ווייל די לופֿט האָט אים געשאַדט? איך זאָג דיר, דאָס איז שוין איינמאָל געווען אַ לעבן!

— און בעלאַן באַגעגענסטו אמאָל? איך וואָלט אוועקגעגעבן אַ יאָר פֿון מיין לעבן צו פֿאַרברענגען נאָכאמאָל מיט איר... איך וועל זי קיינמאָל ניט פֿאַרגעסן. איך דענק אַז זי וועט קיינמאָל ניט פֿאַרלירן איר חן, ווי אַלט זי זאָל ניט ווערן.

דעם אמת זאָגנדיק, ליגן מיר אָט יענע זכרונות איצט אין דער לינקער פּיאַטע. עלטער געוואָרן מיט אַ צענדליק יאָר. דאגות זיינען צונעקומען פּאָר צוואַנציק. און די וועלט שטייט ניט אַף איין אָרט. מע איז ערנסטער געוואָרן. עס ליגן אין זינען אַנדערע, וויכטיקערע זאַכן. נאָר לו איז ניט עלטער געוואָרן, מיר דוכט זיך, אַז ער איז

אינגער, גאָר יונג, אַזוי אַז טײלמאָל פֿאַרשעם איך זיך וואָס ער איז מיר אַ חבר.

— הער, לו, די לאַגע אין שפּאַניע די לעצטע צייט איז געוואָרן ערנסטער. האָסט געלייענט די לעצטע נײַעס וועגן די שלאַכטן?

— כ׳וועל דיר זאָגן דעם אמת, טײַערער, איך בין דאָך הונדערט פּראָצענט פֿאַר די לאָיאַליסטן און איך וואָלט וועלן אַז די פֿאַשיסטישע ראַצן זאָל כאַפּן אַ וויסטע מפּלה, נאָר צופֿיל לייען איך ניט די בלעטער. ס׳קומט קיין געזונט ניט צו פֿון זיי . . . גיב נאָר אַ קוק, ווי ער איז אַרײַן אין די קוסטעם און ער מאַכט זיך פֿאַר אַ גאַנצן העלד. זע, ווי ער שפּרינגט גיריק, ווי ער וואָלט דערזען אַ האָז פֿאַר די אויגן. כ׳זאָג דיר, מיט אים איז מיר פֿריילעך. כ׳קאָן אַזוי וואָכן אָפּלעבן און מיט קיינעם ניט פֿאַרברענגען, בלויז מיט אים און מיט דער בעיבי. מילא, דערווײַל געפֿין איך אין דער בעיבי קיין גרויס צוציונג ניט. אפשר אַז זי וועט עלטער ווערן. אַ גאַנצן טאָג וויינט עס און שטינקט אונטער, זאָלסט מיר אַנטשולדיקן . . . זע נאָר, ווי ער האָט זיך עס צעווילדעוועט . . . מעידזשאַר! אהער קום, די מינוט, זאָג איך דיר!

2

מיט צען יאָר צוריק האָט לו מיך מקנא געווען. ער האָט אַרויפֿגעקוקט צו מיר ווי צו אַ לערער. וואָס כ׳האָב אים געהייסן לייענען, האָט ער געלייענט. ווען מיר פֿלעגן זיך באַגעגענען, פֿלעגט ער שוין האָבן צוגעגרייט אַ פּאַק פֿראַגעס און געווען אויסגעדורשט נאָך אַן ענטפֿער.

— ווי נעמט זיך צו דיר אַזויפֿיל וויסן? ווען האָסטו צייט געהאַט אַלץ אַרײַנזאַפּן אין זיך? זאָג מיר וואָס צו טאָן, אַז כ׳זאָל אויך קאָנען קומען צווישן לייט און רעדן אַזוי אַז מע זאָל מיך הערן מיט דער אויפֿמערקזאַמקייט, וואָס דו האָסט זיך דערוואָרבן . . .

— עך, לו, ביסט אַ שיינער בחור און די מיידלעך פּאַטערן דיך אַוועק. האָב חתונה, ווער אַ געזעצטער מענטש און דאַן וועסטו זיך קאָנען אַנטוויקלען גייסטיק. ביסט יונג, געזונט, נאָר פֿאַרשווענדסט דײַן צייט אַף פּוסטקייטן.

י. א. ראָנטש

און די מאָדע איז דאַן געווען אַ לעב צו טאָן אין די קעמפּס זומערצייט. פלעגן מיר זיך ביידע אַראָפּלאָזן אין אַ קעמפּ, זיינען מיר געוואָרן גאָר אַנדערע מענטשן, בעסער, אויס מענטשן. מיר האָבן אַליין ניט געוואוסט וועמעס שולד דאָס איז געווען. לו האָט גע־טענהט, אַז ער דערקענט מיך ניט. איך האָב געהאַט באַשלאָסן באַ זיך, אַז ער וועט שוין אויסלעבן זיינע יאָרן זיך יאָגנדיק נאָך ווייבער.

ער האָט זיך געהאַט זיין געשמאַק. הויכע, שלאַנקע, אביסל פאַרחלומטע, אביסל פאַר'צער'טע. און הויפּטזעכלעך די וואָס האָבן זיך ניט געיאָגט נאָכן מענערטום. נאָר קיין גרויסער איבערקלייבער איז ער ניט געווען. פון אַכצן יעריקע, צו צוויי מאָל אַכצן יעריקע איז באַ אים געווען איין שפּרונג. מיינע פרויען־פריינט זיינען אים אויך שטאַרק געפעלן, נאָר ער האָט צופיל רעספּעקטירט מיין געזעל־שאַפט, אַז ער זאָל זיך באַנעמען צו פריי.

— אָט די מיט וועלכער דו האָסט נעכטן פאַרבראַכט איז זייער אַ אינטעליגענטע. מיר איז געפעלן ווי זי האָט גערעדט וועגן ליטע־ראַטור. אַזאַ וואַרימע, און מיט אַ קאָפּ אַף די פּלייצעס. איך בין דיך מקנא וואָס דו באַקומסט אַזעלכע פיינע מיידלעך. מיינע, זעסטו, זיינען גוט פאַר איין זאַך . . .

לייכטע פּאַסאַזשירן. פון זיך אַליין פלעגט באַ אונז פּלוצים באַשלאָסן ווערן, אַז מיר האָבן געהאַט גענוג פון איין קעמפּ. אַריינ־געזעצט זיך אין זיין „קאַטערינקע" און היידאַ אין אַ צווייטן קעמפּ. אָט די „קאַטערינקע" זיינע איז טאַקע געווען דער בעסטער אופן פון שליסן באַקאַנטשאַפט מיט מיידלעך. וועלכע מיידל האָט זיך דאָס גע־קאָנט אָפּזאָגן פון אַ מאַשין־ראַיד אין קעמפּ? אַזעלכע האָבן מיר אין אונזערע קעמפּ־יאָרן ניט באַגעגנט . . .

אָט דאַן, אין יענע זאָרגלאָזע יאָרן, פלעגט לו זיך ניט איינמאָל ערנסט פאַרטראַכטן. ער פלעגט זיך אויסציען פאַרנאַכט אַפן בעטל אין באַנגאַלאָ, זיך איינקוקן אין מיר, ווי איך פלעג זיין פאַרטיפט אין אַ בוך און ער פלעגט מיך אַ פרעג טאָן: — האָסט נאָך אַ סך צו לייענען? אויב ניט, לייג אַוועק דעם בוך און לאָמיר אביסל אַ שמועס טאָן. דו ווייסט — פלעגט ער אָנהייבן, נאָך איידער איך האָב צייט געהאַט צו פאַרענדיקן דאָס זייטל, — ס'איז מיר היינט

איינגעפאַלן, אַז ס'איז צייט זיך אַ נעם טאָן פאַר עפּעס ערנסטעס. איך לייען וועגן סטרייקס, וועגן אַרבעטער־קאַמפן און עס נעמט מיר אָן אַ חשק אויך עפּעס צו ווערן. מיר דוכט זיך, אַז איך בין ניט אַזוי דום, ס'וואָלט געקאָנט עפּעס רעכטס אַרויסקומען פון מיר. איך ווייס דו מוזט לאַכן פון מיר אין דער שטיל. נאָר איך זאָג דיר, אַז ווען איך הייב זיך אָן אָפּגעבן מיט אַרבעטער ענינים, גיי אין אַר־בעטער־סקול און געפין זיך אין די ריכטיקע הענט, וואָלט איך דער־גרייכט צו עפּעס. ווייל, צום טייוול, וואָס קומט מיר אַרויס, אַז כ'וועל שוין מאַכן נאָך אַ „סעיל" און מאַכן נאָך אַ „קאָמישן". סיי־ווי ווערט דאָס געלט צעטרענצלט און איך בלייב דערזעלבער פּוסטער בחור. איך וואָלט גראָד געוואָלט ווערן אַן אַרבעטער אָרגאַ־ניזאַטאָר אין דער סאַוט; אויב יאָ שוין טאָן אַרבעט, זאָל עס זיין אמתע אַרבעט . . .

ווי גוטהאַרציק איז ער געווען אין יענע יאָרן, מיין פריינט לו! האָט ער אויסגעהערט אַ רעדנער, האָט ער די קעשענעס אויסגעליי־דיקט און געגעבן מער ווייפיל ער האָט געקאָנט. און וועלכע אונטער־נעמונג האָט זיך אין יענער צייט געענדיקט אָן אַ קאָלעקשן? סטרייקס איבער סטרייקס, הונגער, פּאָליציי־ברוטאַליטעט, הילף פאַר די פאַרשפּאַרטע, שטיצע פאַר די וועמען ס'האָט געדראָט געפענ־געניש. לו האָט געהאַט אַ גאָלדן האַרץ.

— וואָס טויג מיר אַזאַ פּוסטע לעבן, פרעג איך דיך? — פלעגט לו מיט מיר איינטענהן, ווען ער פלעגט זיך ליגן אין בעט אַריין, אין באָנגאַלאָ. — דער רעדנער היינט איז גערעכט געווען. ס'איז אונזער אייגענע שולד וואָס מיר האָבן אַזאַ פאַרשאָלטענע אָרדנונג. טרעטעסט אויף אַף פאַרזאַמלונגען, קלערסט אויף די אַרבעטער. זיי האָבן דיך ליב. און איך? איך בין אַ באָם, אַ גוד־פאָר־נאָטהינג, זאָג איך דיר . . . נאָר געדענקען זאָלסטו, אַז איך וועל זיך אַ נעם טאָן און — טויט אָדער רויט, איך וועל ווערן אַ לייט, אַן אָרגאַניזאַטאָר, אָדער אַ טוער.

איך בין אודאי און אודאי געווען צופרידן פון זיינע רייד. אים געגעבן ליטעראַטור, אים גערופן אין דער באַוועגונג אַריין. נאָר מיר האָבן געוואוינט ווייט איינע פון די אַנדערע, אין צוויי קעגנ־

געזעצטע שטאָט־טײלן און װינטער־צײט פֿלעגן מיר זיך זעלטן זען. ער האָט מיר אין קעמפּ געהאַט צוגעזאָגט, אַזױ שנעל װי ער קומט אין שטאָט, װערט ער אַ מענטש און שליסט זיך אָן אין דער באַװעגונג. איך האָב עס דערצײלט די באַקאַנטע מײדלעך, װעלכע איך פֿלעג באַגעגענען. זײ האָבן אַביסל געצװײפֿלט אין לוס װאָרט. זײ האָבן געלאַכט.

3

ביטערע צײטן אָנגעקומען. לו, דער סײלסמאַן, האָט פֿאַרלאָרן זײַן שטעל. מיר איז געװען גוט. קײן ברױט האָב איך ניט געהאַט, דערפֿאַר אָבער בין איך געװען פֿאַרנומען, תמיד פֿאַרנומען איבערן קאָפּ, מיט מיטינגען, דעמאָנסטראַציעס, אױפֿקלערונגען, קאָנפֿערענצן.

לו האָט מיך מקנא געװען. קײן דזשאָב האָב איך אים ניט געקאָנט געבן. פֿאַרקערט, ער האָט נאָך געהאַט גענוג געלט אָפּגעשפּאָרט צו באַצאָלן פֿאַר מײַן מאָלצײַט, נאָר דערפֿאַר האָב איך געקאָנט שטילן זײַן דורשט. זײַן אָנגעקליבענער כעס קעגן דער אומגערעכטיקײט, קעגן דער אַרבעטלאָזיקײט, האָט געפֿונען אַן אױסדרוק אױף די פֿאַרזאַמלונגען, צו װעלכע איך האָב אים געפֿירט.

— הלואי קאָן איך זײַן אַזױ װי דו, — פֿלעגט ער, מיט פֿאַרדרוס, זיך אַלײן באַדױערן. — פֿאַרװאָס איך בין ניט אין דער באַװעגונג? װײסט דאָך, אַזױ לאַנג װי איך האָב געהאַט מײַן דזשאָב און בין געװען װײט פֿון דיר, האָב איך פֿאַרנאַכלעסיקט אַלץ. אין דער שטיל געטראַכט, איך לאָז איבער דאָס קהלען זיך צו דיר. איך האָב זיך אָפּגעגעבן צום מאַכן געלט און צו די מוידן. איך בין זיך װידער מודה, אַז איך בין געװען אַ טױגנישט. ס'איז אַ פֿאַרברעך צו לעבן אַזױ װי איך לעב. בין געזינטער פֿון דיר, אינגער, װאָלט געקאָנט מער נוצן ברענגען מיט מײַן ענגלישער שפּראַך, װי דו מיט דײַן אידיש . . . כ'בין אַ שװאַכלינג, כ'װאָלט געדאַרפֿט תמיד זײַן אין דײַן געזעלשאַפֿט, װאָלסטו פֿון מיר געמאַכט אַ לײַט.

און אָט אַזױ האָב איך אים װידער געזען. גוטהאַרציק, װיליק, נאָר צו גאָרניט ניט דערגרײכט. אַרױפֿגעקוקט כסדר צו מיר. װאָס װעט זײַן פֿון דער װעלט? יאָ, אַ רעװאָלוציע איז דער אײנציקער

אויסווייגן. ער איז גרייט פאַר איר זיין לעבן אָפּצוגעבן, נאָר, מאָדנע, דאָס לעבן יאָ, נאָר אַ פּאָר שעה אין וואָך אויסצוטיילן פלוג־בלעטלעך — ניט.

איינמאָל האָב איך געמיינט, אַז ער מענטשלט זיך אויס. איך האָב זיך אינסטינקטיוו געפרייט, כאָטש ס׳איז ניט געווען די צייט און דאָס פּלאַץ דערפאַר. לו איז מיט מיר געווען אויף אַ דעמאָנסטראַציע. ער האָט דערזען פאַר זיך אויפן טראָטואַר אַ פּאָליציאַנט אויפן פערד, מיטן קלאָב אין האַנט, וואָס האָט זיך דערנענטערט צו אונז, ווי עפּעס אַ מאָנסטער קעגן וועלכן מע איז מאכטלאָז. מיר האָבן זיך געשאַרט צו דער וואַנט, דער פּאָליציאַנט — אויף אונז, ניט אַזוי ער ווי זיין בייזיק פערד מיטן לאַנגען, מעכטיקן שוואַרצן עק. לו, דער העכערער, דער ברייטפּלייציקער, האָט מיך געוואָלט באַשיצן און דער ערשטער מכבד געוואָרן מיטן בריענדיקן באַריר פון שטייפן פלאָקן איבער דער גלאַטער פּלייצע. מיר האָט דער זעץ געטראָפן אין קאָפּ. לו האָט געזען מיין בלוט. אויף זיין ליוב האָט ער אַ צייט לאַנג געהאַט אַ בלווילעכן אָנדענק פון יענעם פּאָליסמאַן.

געפרייט האָב איך זיך אין דערזעלבער צייט. כ׳בין געווען זיכער, מיין חבר און מיטליידער לו וועט זיין לעקציע האָבן געלערנט. ס׳איז העכסט צייט געווען, אַז ער זאָל אַרויסווייזן זיין צאָרן, האָב איך געטראַכט.

— לו, ווי געפעלט דיר דיין אַמעריקע? „ס׳איז דיר ניט דעם צאַרס רוסלאַנד“, געדענקסט דיין אַמאָליק ווערטל, ווען מיר האָבן זיך נאָר־וואָס געהאַט באַקאַנט און דו האָסט אָפּגעלאַכט פון מיר, דעם רעוואָלוציאָנערן גרינהאָרן?

לו איז אָבער פון פּאָליסמאַנס קלעפּ געוואָרן רואיקער, פאַרשלאָסענער. כ׳האָב אים ניט געקאָנט פאַרשטיין, צי האָב איך אים ניט געקאָנט אינגאַנצן? מאָדנע, ווי מענטשן זיינען.

— איך זאָג דיר, אַז עפּעס וועט פאָרקומען באַ אונז אין לאַנד. מיר וועלן עס לאַנג ניט קאָנען דולדן אַזוי, — האָט מיר לו געזאָגט, ווען מיר האָבן זיך באַגעגנט עטלעכע וואָכן נאָך די געקראָגענע קלעפּ. — קיין דזשאַב האָב איך ניט דערוויילע. מיך אַרט עס ווייניק. איך וועל פון הונגער ניט שטאַרבן. אין ערגסטן פאַל וועל איך

אוועקפאָרן צו מיינע עלטערן אין פילאַדעלפיע. צו עסן וועל איך דאָרט שטענדיק האָבן. נאָר וואָס מיך אַרט איז, וואָס וועט זיין מיט די מיליאָנען וואָס האָבן פּיצעלעך קינדער און האָבן פאַר זיי קיין ביסן ברויט ניט . . . איך זאָג דיר, אַז איך וועל קיינמאָל ניט חתונה האָבן, קיינמאָל ניט וועלן האָבן קיין קינד. נענוג אָרימקייט און נויט אויף דער וועלט דאַרפן מיר צוזען.

אין די קעמפּס זיינען מיר מער ניט געפאָרן, איבערגעוואַקסן יענע צייט, זיך אָנגעזעטיקט מיט די זומערייען. איך האָב באַשלאָסן, אַז אונטער אַלע אומשטענדן מוז איך מיר קויפן אַ לייטישן אַנצוג, כדי צו קאָנען זוכן אַ דזשאָב. לו איז אַרומגעגאַנגען פאַרטיפט אין עפּעס און איך האָב שוין געוואָלט טרעפן, אַז ער דענקט וועגן אָנהייבן אַ ניי לעבן, זיך אַריינוואַרפן אין געזעלשאַפטלעכע אינטערעסן. נאָר איך האָב ניט געהאַט געטראָפן, ווי איר וועט באַלד זען.

— איך זאָג דיר, טייערער, — האָט לו זיך פאַר מיר פאַרטרויט, נאָכדעם ווי מיר האָבן זיך ניט געהאַט געזען אַ פאָר וואָכן, — איך האָב באַשלאָסן אַז ווייטער קאָן איך אַזוי ניט אָנגיין. זיך אָנגעשטיפּט, זיך אָנגעזעטיקט מיט די זיסקייטן פון לעבן, נאָר אַ מענטש דאַרף דאָך ווערן עפּעס, זיך אָנזען אין לעבן, דערגרייכן אַ ציל, פאַסן אַ באַשלוס און אים דורכפירן. איך זע דאָך, אַז איך האָב ניט דיין אינטעלעקט, קום ניט צו דיינע קנעכל געזעלשאַפטלעך. יאָ, איך בין געוואָרן ערנסטער לעצטנס. די נויט האָט מיר אַ ווירקזאַמע לעקציע געגעבן. נאַטירלעך זאָג איך זיך ניט אָפּ פון קיין קליידל, ווען ס'מאַכט זיך די געלעגנהייט, נאָר דאָס איז אַ בייזאַך. איך האָב וויכטיקערע זאַכן אויפצוטאָן, איך האָב באַשלאָסן צו ווערן אַ מענטש. דו האָסט שוין דיין ציל דערגרייכט, איצט וועל איך נאָכטאָן דיין ביישפּיל און אויך וויסן צוליב וואָס איך לעב אויף דער וועלט . . .

מע קאָן ניט זאָגן, אַז מיר זיינען אינגאַנצן געווען קלאָר לגבי לום פּלעגער.. אפשר, האָב איך געטראַכט, זיינען זיי אים אַליין אויך ניט קלאָר. פאַרעווע רייד.

4

איך האָב פון לון אַ לאַנגע צייט ניט געהאַט געהערט. כ'בין

דורך דער צייט געזעסן אין טורמע 30 טעג פֿאַר אַריינמישן זיך אין אַ פּיקעט־דעמאָנסטראַציע קעגן אַ רעסטאָראַן, וואָס האָט זיינע אַר־בעטער געצוואונגען צו אַרבעטן ניט ווייניקער ווי 60 שעה אַ וואָך. איך האָב פֿאַר דער צייט שיעור ניט איינגעהאַנדלט זיך אַ נייעם אַנצוג, נאָר נאָך פֿיל אַרומטראַכטן די סיטואַציע, בין איך געקומען צום געהעריקן באַשלוס, אַז ס'איז ניט קיין פּאַסיקע צייט דערפֿאַר.

פֿון לון האָב איך בלויז איינמאָל געטראַכט, ווען זיינס אַ קעמפּ־מיידל, די שלאַנקע בלאָנדע פּעי, האָט מיך אָפּגעשטעלט אין דער קאַ־פֿעטעריאַ און זיך פֿאַנאַנדערגעפֿרעגט אױף אים. זי איז געווען יונג, עטלעכע צוואַנציק און פֿון אירע רייד האָב איך געזען, אַז זי בענקט נאָך לון, אַ סימן, זי האָט מיר געגעבן איר אַדרעס און טעלעפֿאָן און געבעטן איבערגעבן, אַז זי וואָלט אים וועלן זען. — איר וועט ניט פֿאַרגעסן? — ווי פֿאַרגעסט מען אַזעלכע געפֿעליקייטן?

נאָר ס'איז פֿון די בקשות, וועלכע מע פֿאַרגעסט גלייך. זיכער האָב איך לון ניט געשריבן וועגן דעם. כ'האָב בכלל לון ניט אינזינען געהאַט. אויב ער האָט געגוג שכל, איז ער אַריין אין דער באַוועגונג און ער קאָן מיך נאָך אַמאָל איבעררעאַשן מיט זיין טעטיקייט, האָב איך געטראַכט.

נאָר איינמאָל בין איך איבעררעאַשט געוואָרן פֿון טעלעפֿאָן־רוף. קיין אייגענעם טעלעפֿאָן האָב איך, נאַטירלעך, ניט פֿאַרמאָגט. דאָס איז געווען דער קהלישער הויז־טעלעפֿאָן. מע האָט איבער אַלע שטיגן אויסגעשריען מיין נאָמען. איך האָב זיך ניט געגלויבט. אפֿשר האָט מען מיך גערופֿן פֿאַר באַוועגונג־אַרבעט? אויב מע האָט שוין גע־האַלטן מיך פֿאַר גענוג וויכטיק, אַז מע האָט מיר געשיקט טעלע־גראַמעס איך זאָל קומען צו אַ מיטינג, האָב איך געטראַכט, קאָן גאַנץ מעגלעך זיין, אַז מע איז דערגאַנגען דעם נומער פֿון מיין הויז־טעלע־פֿאָן אויך.

— האַלאָ, האַלאָ! ווער רעדט עס? אָ, דאָס ביסטו, לו? עך, דו אַזוינער און אַזוינער. וואו ביסטו געווען ווען דאָס געלט איז געווען? וואָס? האָסט גוטע נייעס פֿאַר מיר? לאָמיר הערן, וועסט באַלד דאַרפֿן אויפֿהענגען דאָס טרייבל. וואָס, עס אַרט דיך ניט?

מן־הסתם האָסטו אַ דזשאָב, אויב דו ביסט אַזוי נאָכגיביק . . . וואָס, בעסער ווי אַ דזשאָב ? נו, צי ניט די עצמות . . .

איך ווייס ניט פאַרוואָס, נאָר עפּעס האָט דער טעלעפאָן־שמועס מיט לון געלאָזן אַ נאָכטעם בּאַ מיר. יאָ, לו האָט מיר נאָר וואָס געלאָזט וויסן, אַז ער האָט חתונה געהאַט מיט אַ פּאָר מאָנאַטן פריער. אי, פאַרוואָס האָט ער מיך ניט גערופן צו דער חתונה, פאַרוואָס מיך ניט באַקאָנט מיט דער כלה, פאַרוואָס זיך ניט בּאַראַטן מיט מיר, ווי אין די אַמאָליקע צייטן — אָט דאָס טאַקע האָט מיך פאַרדראָסן. ער האָט אַפן טעלעפאָן זיך באַצויגן אַביסל ציניש צו מיינע פראַגעס, נאָר גערופן האָט ער, אַז איך זאָל קומענדיקן זונטיק זיך אַריבערכאַפּן צו אים און זיך באַקאָנען מיט זיין ווייבל. ער רעדט מיט איר כּסדר וועגן מיר און זי שטאַרבט אַוועק זיך צו באַקאָנען מיט מיר, — נאָר, — האָט ער מיר געגעבן אָנצוגעהערן, — האַלט זיך ווי אַ סטאַטיק. ווייסט דאָך, זי איז ניט פון אונזעריקע . . .

אויסגעפּרעסט מיין בלויען אָנצוג, אָפּגעפּוצט די ברוינע שיך, זיך אָנגעטאָן דאָס איינציקע ווייסע העמד, וואָס איך האָב געטראָגן אַף באַנקעטן און כ׳בין אַוועק צו לון.

געוואוינט האָט ער אין מערב טייל פון בראָנקס אַף אַ שטילער גאַס פון פּריוואַטע פאַמיליען־הייזקעס. אַ בעסערע געגנט, מיטל־קלאַס, קאָנטראַקטאָרס, ביזנעסלייט. נומער 51. אַרויפצוגיין אַף ברייטע, שטיינערנע שטיגן, אַ גלעזערנע טיר, מיט אַ זיידן פאָרהענגל.

— עך, דו, איך בין אַזוי צופרידן וואָס דו ביסט געקומען . . . על׳סי, מיין גאַסט איז דאָ . . . מיין בעסטער פריינט. מיר קאָנען זיך שוין אַ יאָר הונדערט.

דריי גרויסע צימערן, עס פינקלט אין יעדן ווינקל. דאָס מעבל מאָדערן, קושעטקעס, טיפע ווייכע שטולן, גלעזערנע טעלער־וואַזעס מיט פרישע בלומען (ס׳איז געווען אין האַרבסט), שטיל־לעבן אַף די ווענט, ביכער־שראַנקען אין די ווענט.

לו האָט זיך אויסגעפּאַשעט, די פּלייצעס ברייטער געוואָרן, דאָס פּנים באַקומען אַ מאָרדע, נאָר די האָר, די זאַמדיקע האָר, פאַרלאָזן אים. די גרויע אויגן זיינען עפּעס ניט דיזעלבע אויגן פון

לעצטן יאָר. עס פעלט אין זיי די גוטהאַרציקייט, דער גלויבן. עפּעס פילט זיך אין זיי אַ זאַטקייט, אַ שלינגערישקייט.

עלסי. ווי קומט צו לון אַזאַ ווייב? זי איז פּונקט דער קעגנזאַץ פון דעם וואָס ער האָט אַמאָל ליב געהאַט. זיין געשמאַק איז געווען: הויכע, יונגע, שלאַנקע, ציטערדיקע, אַביסל פאַרחלומטע, אַביסל צע־לאָזענע. עלסי איז קורץ און פעט. דאָס פּנים פליישיק און מיט מענערישע שטריכן. קיין סימן פון וועלכער ס'איז שיינקייט אין איר. קעלבערנע אויגן, קורצגעשאָרענע, גלאַטע שוואַרצע האָר. גרויסע אויערן.

לו האָט ליב געהאַט אַ קוויטשיק קולכל, אַ הילפלאָז, דין שטי־מעלע. עלסי רעדט מיט אַ באַס. לו האָט ליב געהאַט יונגע און וואָס עלטער ער איז געוואָרן — אינגערע. עלסי איז מיט אַ פּאָר יאָר עלטער פון אים. לו איז געווען אַ פרייגייסט, וואָס אַף דער לונג, דאָס אַף דער צונג. איצט האָט לו מורא געהאַט, אַז איך זאָל זיך ניט אַרויסכאַפּן מיט אַן איבעריק וואָרט. צעשראָקן שעפּעלע...

איך האָב זיך געפילט אַזוי פרעמד צום ערשטן מאָל אין דער נייער אַטמאָספערע פון לוס גאַסטפריינטלעכקייט. עלסין איז, ווייזט אויס, ניט געפעלן געוואָרן מיין אויסזען און, הויפּטזעכלעך, מיינע רייד. לו האָט אויך אויסגעמידן צו רעדן מיט מיר וועגן פּאָליטיק. דעם ערשטן מאָל געזען לוען אָט אַזאַ. ער האָט די אויגן אַראָפּגע־לאָזט, ווען איך האָב גערעדט וועגן אַרבעטער־זאַכן. העי, לו, האָט זיך מיר געוואָלט אויסשרייען, וואָס איז, צום טייוול, מיט דיר גע־וואָרן?

איך האָב געזוכט די געלעגנהייט צו רעדן מיט לוען אויג אַף אויג, נאָר עס איז מיר ניט געלונגען. באַם פאַרלאָזן האָב איך גע־בעטן מיין חבר, אַז ער זאָל מיך באַגלייטן צום סאַבוועי, נאָר עלסי האָט דאָ אויך געוואָלט אַרויסווייזן איר גאַסטפריינטלעכקייט און זי איז מיט אונדז מיטגעגאַנגען . . .

לו איז געפאַנגען געוואָרן. עלסיס עלטערן האָבן אים אַריינ־גענומען אין זייער גרויסער קראָם. לו האָט געוואוינט אין זייער הויז, צוזאַמען מיט זיי. עלסי האָט אים אין די הענט אַריינגענומען. לו האָט זיך אויסגעמענטשלט.

געטראַכט האָב איך, אַז דאָס איז געווען מיין ערשטער און לעצטער וויזיט בא לוען. זיך גענודיעט בא אים. אונזערע ווענן האָבן זיך צעשיידט. נאָר ניין. אין אַ צייט אַרום האָט מען ווידער גערופן צום טעלעפאָן. דאָס האָט מיר לו אָנגעזאָגט די פריילעכע בשורה, אַז זיין וויב האָט אים געבאָרן אַ מיידל און איך מוז אַרויס־קומען צו דער פּאַרטי.

געטראָפן אַן אַנדער לו. ניט דער גערדאַנק פון ווערן אַ פּאָטער, נאָר עפּעס אַנדערש האָט אים געמאַכט לעבעדיק און פאַראינטע־רעסירט. דאָס איז געווען אַ ברוינער, לאַנגער הונט „מעידזשאָר", וועלכן ער האָט געהאַט באַקומען פון אַ קאָסטאָמער מיט אַ פּאָר מאָ־נאַטן צוריק. צווישן אים און דעם הונט איז אַנטשטאַנען אַזאַ צוגע־בונדענקייט, אַז עס האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן. דער הונט האָט אַרויפגעלייגט זיינע לאַפּעס אַף לוס שולטערס און אָנגעשפּאַרט דעם פיין־געשניצטן קאָפּ אַף לוס ברוסט, ווי אַ פאַרבענקטע געליבטע. לו האָט אים געהאַלטן אין איין גלעטן און קיצלען. מעידזשאָר איז גע־לעגן אַפן טייערן טעפּעך אין אויפנאַם צימער און געקוקט לוען גלייך אין די אויגן אַריין. און וואָס פאַרא אויסדרוק לוס אויגן האָבן געהאַט, אַזאַ אויסדרוק האָבן באַקומען דעם הונטס אויגן. לו האָט געמאַכט דעם אָנשטעל פון כעס און מעידזשאָרס בליק איז געווען אַ צאָרנדיקער. לו האָט אַריינגעלייגט זיין האַנט אין מעידזשאָרס מויל און מעידזשאָר האָט זיך געמאַכט, אַז ער בייסט אים.

לו האָט דאַן ניט אויפגעהערט צו דערציילן די וואונדער פון הונט. פאַר אים האָט קיין אַנדער זאַך ניט עקזיסטירט. אומזיסט האָב איך געפּרואווט אָוועקציען דעם שמועס אַף ברענענדיקע פּאָ־ליטישע טעמעס. לו האָט זיך אַרויסגעדרייט און צוריקגעקומען צו זיין הונט. די געווינערן איז געלעגן אין שלאָף־צימער אַרומגערינגלט מיט אידענעס. לו מיט אַ פּאָר סעילסלייט האָט זיך אַמוזירט מיטן הונט. און זיין פּנים האָט אויפגעשיינט, ווען מע האָט אָפּגעשאַצט די חכמה פון מעידזשאָרן. איבערהויפּט האָט ער געוואָלט אַז דער הונט זאָל נושא חן זיין אין מיינע אויגן.

איך האָב געמיינט, אַז לו וועט מיך נאָך דער פּאַרטי מער ניט רופן. וויילע חתונה געהאַט האָט ער שוין, אַ קינד געהאַט, אַ הונט

געהאַט, פאַרזאָרגט מיט פרנסה געווען. וואָס האָבן מיר איצט געהאַט געמיינזאַמס?

ניין. יעדע עטלעכע וואָכן האָט דער טעלעפאָן געקלונגען זונטיק אינדערפרי. לו רופט. איך ווייס ניט פאַרוואָס, נאָר ווען ער האָט גערופן, בין איך געגאַנגען צו אים. וואָס האָט מיך דאָרט דער־וואַרט? א גוטער מאָלצייט, א נודנע פרוי און א באַלעבאַטישער לו, וואָס האָט געהאַט איין אינטערעס אין לעבן — מעידזשאָר.

איצט פלעגן מיר שוין שפּאַצירן אַליין אין א פאַרוואָרפענער געגנט, צווישן קוסטעס און גראָזן. געפּרואווט רעדן מיט אים, גע־וואָלט פאַרשטיין די ענדערונג אין אים, געוואָלט באַגרייפן זיין וועלן אָנהאַלטן די פריינטשאַפט מיט מיר — און איך האָב ניט געקאָנט באַנעמען די גאַנצע זאַך.

זיכער האָט ער זיין ווייב ניט ליב געהאַט. חתונה געהאַט צוליב געלט, צוליבן דזשאָב, צוליב דעם שיינעם מעבל, צוליבן באַקוועמען לעבן. פאַרוואָס־זשע האָט ער זיך אויסגעטאָן פון דער וועלט? פאַר־וואָס האָט ער מער קיין צייטונגען ניט געלייענט, אָדער געלייענט בלויז דעם קליאָטשע־מאַטעריאַל אין דער צייטונג?

איך פלעג אים דערציילן וועגן מיין לעבן, נאָר עס האָט אים, ווייזט אויס, ווינציק אינטערעסירט. בלויז ווען ער האָט ארויסגענומען פון מיינע רייד, אַז איך ליד מאַטעריעל, פלעגט ער מיר אָנבאָטן לייען עטלעכע טאָלער.

איך האָב מיטגעלעבט מיט דער וועלט, לו האָט מיטגעלעבט מיט מעידזשאָרן. און בין איך ארויסגעפאָרן צו לוען, האָב איך מיך אויסגערוט יענעם טאָג און צוריקגעקומען מיט א מאָדנעם געפיל — צו מעידזשאָרן.

# אויף די ווייסע בערג

## 1

עס האָט מיך געצויגן צו די בערג, גראָד אין אזא צייט פון יאָר, ווען קיינעם וועט ניט איינפאַלן צו לאָזן זיך אַהין.

יעדן זומער פלעג איך פאַרברענגען אין די קעטסקילס, און תמיד אַף די מער־איינזאַמע, ניט־באַפעלקערטע פלעצער. איך האָב געוואָלט מיין אומרו צאַמען אין דער מיסטעריעזער רו פון די בערג, וואָס שטרעקן זיך צום הימל. איך האָב אויך, ווי זיי, געוואָלט זיך ארויסרייסן פון דער ערדישער וואָכיקייט און זיך אויפהויבן אַלץ העכער אין די פאַרשלייערטע, אומבאַקאַנטע רוימען.

איך האָב געפילט א חברשאַפט צו די בערג. מיר האָט זיך גע־דאכט, אז זיי האָבן מיך פאַרשטאַנען, פונקט ווי איך זיי, און ווי פון קלוגע גרייז־גרויע חכמים, האָב איך זיך געלערנט פון זיי — גע־דולדיקייט און גאַנצקייט.

נאָר די פראַכט פון זומער, פון די בערג, האָט אָפט צוגערויבט מיין פאַרשטיין זיך מיט זיי. די קאָלירנרייכקייט פון דער נאַטור, מיט אַלע אירע אומצייליקע צויבערס, האָט מיך געלאָקט צו זיך, ווי א יונגע, שיינע קאָקעטקע, וואָס אַנטפּלעקט יעדעס מאָל א נייעם חן.

מיין בענקשאַפט צו די בערג האָב איך געפילט אין שטאָט מערסטנס דאַן, ווען איך פלעג וואָכנלאַנג נאָכאַנאַנד זיין פאַרנומען איבערן קאָפּ, און תמיד הערן ארום זיך בלויז מענטשן־רייד און געפילדער, קאַר־געבראַזג און רעדער־גרילץ; ווען איך פלעג פאַרגעסן, אז איך בין איך און פלעג ווערן א שרייפעלע פון א גיגאַנטישער רעוועגדיקער מאַכינע; ווען איך פלעג ניט פילן מער דעם דרויסן, ניט פילן, צי די זון האָט געשיינט, צי א שניי איז געפאַלן . . .

דאַן פלעגט פּלוצים אָנקומען א מאָמענט פון הילפלאָזער מיד־קייט; כ׳פלעג דערפילן, אז איך בין א געפאַנגענער אין די לאַפּעס פון שטאָט־ריז, און פלעג א דורשטיקער גארן נאָך פרייהייט. און, ווי אין א חלום, דערזען פאַר זיך מיין עיר־מקלט — די בערג.

כ׳פלעג זיי דערזען פאר זיך — די בערג — אין ווינטער, ווי כהנים צו דער עבודה — אין ווייסע קיטלען אָנגעגורט, מיט פּאַט־ריאַרכאַלישע ווייסע בערד, און אַ טיפע בענקעניש פלעגט מיך אַרומ־נעמען צו זיין מיט זיי. אָ, דאָן ערשט, ווען מענטשנטריט פאַרלאָזן זיי, מוזן זיי זיין אינטערעסאַנט! דאָן, אין ווינטער־צייט, וואָלט איך קענען איינזאַפּן אין זיך און פאַרשטיין זייער טיף, קלוג, סודות׳דיק שווייגן.

איך האָב געטרוימט: איינמאָל פאַר אַלעמאָל זיך באַפרייען אַף אַ פּאָר וואָכן פון שטאָט־געפּענט און פון די אַלע מילביקע, טעג־לעכע לאַסטן, וואָס פאַרצערן אונז, און זיך לאָזן ווי אַ פּילגרים — צו די בערג.

איך האָב געהאַט אַ באַקאַנטע פאַרמער־פאַמיליע. אַן אַלט פּאָר פאָלק. דזשים האָט געהאַט אַמאָל אַ סך לאַנד אין טאָל. נאָר איצט, די קינדער אויסגעגעבן, האָט ער די פאַרם פאַרקויפט און לעבט זיך מיט זיין איינגעבויגענער אַלטיטשקער העט ווייט אויבן, אַף זיינע באַ־ליבטע בערג.

זיין הייזל קען מען זען פאַר מיילן אַרום. באַנאַכט, ווען עס איז באַלויכטן, דינט עס, מסתמא, ווי אַ לייכט־טורעם אין אַרומיקער געגנט.

איך האָב זיך פאַרגעשטעלט, ווי שיין עס מוז זיין אַרויסצוקוקן פון פענסטערל אַף די שנייאיקע בערג אַרום און אַף דעם וועג באַרג־אַראָפּ, אין טאָל.

2

אָנהויב פעברואַר בין איך אָנגעקומען אין די בערג. כ׳בין פאַרפאָרן אין שטעטל, גלייך צו דער פּאָסט־סטאַנציע. דאָרט פלעגן זיך די פאַרמערס פון די ישובים טרעפן; אוועקשטעלן זייערע שליטנס און אָטאָמאָבילן, און אַליין אוועק איינקויפן אין די אַרומיקע קראָמען די נויטיקסטע פּראָדוקטן.

איך האָב דזשימין ניט געטראָפן. זיך נאָכפרעגנדיק, האָב איך זיך אָנגעשטויסן אַף זיינעם אַ שכן — מעק, וועמענס רויט־בלווילעכע

נאָז איז ניט בלויז געווען אַן עדות פון קעלט און ווינטן, נאָר אויך פון ליידנשאַפטלעכן טרונק.

ער האָט מיט חשד באַטראַכט מיין שטאָטישן אויסזען, ווי צו זיך אַליין, זיך געוואונדערט, אַף וואָס דאַרף איך זיין שכן.

מעק האָט מיר געזאָגט, אַז ער וואַרט אַף זיין טאָכטער, וואָס איז אַוועק איינקויפן.

— מערי, אָט איז אַ פרעמדער דאָ מיט אונז, וואָס דאַרף צו דזשים וואַטקינס. מאַך פּלאַץ פאַר אים אין קאַר.

מיר פאָרן. דאָס מיידל לעבן מיר. אַ בלאָנדס, מיט אַ פּנים פריש, ווי אַ געזונטער ווינטער־פרימאָרגן פראָסט, און מיט אַ פעסט־געבויטן באַלאַנסירטן גוף. אַלט זיין דאַרף זי ניט מער פון אַ יאָר אַכצן. אויגן גרויע — און שרעקעוודיקע. כ׳האָב זיך פאַרגעשטעלט, ס׳וועט זיין פריילעך צו פאָרן מיט איר, נאָר זי האָט מיך גלייך שאָ־קירט מיט דעם אַפּאַטישן אויסדרוק פון איר פּנים.

זי רעדט צו מיר וועגן וועטער; פרעגט, פון וואַנען קום איך... און אַז זי רעדט אויס אַ וואָרט, קוקט זי אין דער ריכטונג פון פאָטער, פילט מיט שרעק, ווייזט מיר אויס, זיין דאָ־זיין. איר יוגנט־פרייקייט שטיקט זיך; איר קול — פול מיט זאָרג.

ער, דער אַלטער שיכור, שווייגט; גיט אַ ברום אַרויס אַמאָל אַ וואָרט, איז עס האַרט און פאַרפראָרן, ווי דאָס בלעך פון זיין פאָרד־קאַר.

איך דערזע די בערג, די ברוינלעך־ווייסע. איך פיל ווי צו מאַכן אַ ברכה אַף זיי. איך האַלט אין איין אַרויסקוקן.

מערי רעדט צו מיר. איך באַטראַכט זי. אַ טרויער שטאַרט אַרויס פון אירע גרויע אויגן.

הייזלעך, וואָס וואַקסן, דאַכט זיך, פון שניי אַרויס. שטאַלן און שפּייכלערס. מיר קומען אָן. מעק׳ס הויף.

— איכ׳ל דעם מאַן אַרויפפירן צו דזשימען און דו גרייט צו עסן.

מיר גייען. איך קוק אַף צוריק. מערי שטייט לעבן איר הויז און קוקט אַף מיר. דערזעענדיק מיין בליק, לויפט זי אין הויז אַריין. באַרג אַרויף. טיף אין שניי. מעק שווייגט, קייט זיין טאַבעקאָ

און שפּיט און מאַכט ברוינע שמוציקע לעכער אין קרישטאָלענעם שניי.

פון אויבן הערט זיך דאָס בילן פון אַ הונט.

— אַ גוטן נאָכמיטאָג אײַך, יעדן. געבראַכט אײַך אַ פרעמדן מענטשן, וואָס וויל אײַך זען.

איך באַדאַנק מעקן. ער פאַרלאָזט.

די אַלטיטשקע האָבן זיך מיט מיר זייער דערפרייט.

— צי האָבן מיר פּלאַץ פאַר דיר? ! האָ־האָ! ווי לאַנג דו'סט וועלן. ווארים איז בא אונז, עסן איז דאָ וואָס — און שבת נאָכמיטאָג קענסטו זען אַ מואווי אין שטעטל.

דער ברוינער הונט קוקט מיר גלייך אין די אויגן אריין און הערט זיך אויפמערקזאַם איין צו אונזערע רייד.

דערפילנדיק, אַז איך בין אַ פריינט, גייט ער פּאָרזיכטיק צו צו מיר, באַשמעקט מיך. איך גלעט אים איבערן קאָפּ און רוקן, און טראַכט בא זיך, אַז מיט אים מוז איך גוט לעבן, ווייל ער וועט מיר זיין אַ נאָענטער פריינט אין מיין פרייוויליקער איינזאַמקייט. „אַ־יאָ, ספּאָרט, דו וועסט מיך גוט באַהאַנדלען?"

3

דזשימען, זיין פרוי און אַ זון האָב איך געקענט פאַר די לעצטע עטלעכע יאָר, וואָס איך פלעג זומערן אין די בערג. אַ גוטמוטיקער, נאַאיווער אַלטער, וואָס האָט מיט אַלעמען געלעבט בשלום און וואָס האָט געהאַט אַ סך פריינט צווישן די אידן־רעזאָרטערס און זייערע געסט.

דער אַלטער האָט פאַררויכערט זיין ליולקע, זיך טיפער פאַרקליבן אין זיין וויג־שטול און פאַרפירט מיט מיר אַ שמועס מכח וועלט־ענינים; די אַלטיטשקע האָט זיך געפּאָרעט באַם אויוון און פון צייט־צו־צייט זיך אויך אַריינגעמישט אין אונזער שמועס.

איך האָב מיך געפילט היימלעך מיט זיי. מיר האָבן געגעסן וועטשערע. אייגן־געבאַקטן ברויט, בולבעס, אייער און אַ מילך־זופּ.

איך האָב געהאָלפן צוקלייבן פון טיש. דער אַלטער האָט גע־ווישט ס'געפעס. די אַלטיטשקע איז געווען די באַלעבאָסטע. נאָך

אביסל געשמועסט, און דער אַלטער האָט גענומען פּאַרלייענען דאָס בלאַט פאר זיין אַלטער.

איך בין אריין צו זיך אין צימערל, אויסגעפּאַקט מיין טשעמאָדאַן און געקלערט, צו וועלכן בוך זיך נעמען. כ'האָב געהאַט מיטגענומען מיט זיך עטלעכע שווער־לייביקע ביכער, צו וועלכע איך האָב אין שטאָט קיין געדולד ניט געהאַט.

כ'האָב אָבער לייענען ניט געקענט. ניט צוגעוואוינט געווען צום קעראָסין־לעמפּל, און מער ווי אַלץ — צו דער שטילקייט פון דרויסן און פון אינווייניק. זי, די שטילקייט, האָט געקלונגען אין מיינע אויערן, ווי מיט גרויסע קירך־גלעקער, מיך אביסל געשראָקן, נאָר אין הארצן האָט עס מיך געפרייט:

„מאָרגן פרי שפּאַציר איך איבער די ווייסע בערג, ווי אַ שטאָל־צער ריטער".

דערווייל איז אריינגעקומען צו מיר „ספּאָרט". כ'האָב זיך גע־נומען שפּילן מיט אים און דערפילט זיך אַזוי גוט, ווי אַ שטיפעריש קינד. — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

מיין ערשטער ווינטער־אָוונט אין די ווייסע בערג. אָפּן זינען קומען ארויף שטאָטישע פריינט, וואָס האָבן אָפּגעלאָכט פון מיין פּלאַן. איך טראַג זיך אריבער, אין געדאַנק, אַף בראָדוויי, אָוונט־צייט, צווישן 7—9...

ווען כ'האָב זיך אריינגעלייגט אין דער ברייטער, הילצערנער, סקריפּענדיקער בעט, האָב איך געלאַכט צו זיך אַליין: „ווען איך וועל צוריקקומען קיין ניו יאָרק און דערציילן מיינע איבערלעבונגען, וועט מען האָבן פון וואָס צו לאַכן".

אַזוי בין איך געלעגן שעהן לאַנג און זיך איינגעהערט צו דער שטילקייט, וואָס האָט געלייטערט מיינע געדאַנקען און אָפּגעפרישט מיין זכרון, און כ'האָב זיך דערמאָנט זאַכן און פּאַסירונגען פון יאָרן און יאָרן צוריק.

ווען כ'האָב זיך אויפגעכאַפּט פון זייער אַ געשמאַקן שלאָף, האָב איך, אין אָנפאַנג, ניט געוואוסט, וואו איך בין, און צונויפנעמענדיק מיינע געדאַנקען, האָב איך זיך דערפילט אַזוי פריי און פריש, אַז ס'האָט זיך מיר געוואָלט אויסשרייען פון פרייד. אַזאַ ווייסע ליכטי־

קייט אַרום מיר! און אַזאַ פּרייער ווייסער געלעכטער פון די ברייט־קאַרקיקע בערג אַרום!

מיינע אַלטיטשקע האָבן געלאַכט פון מיר. אַזוי לאַנג פּאָפט מען דאָס! שוין באַלד זיבן דער זייגער!

— היינט פאַר איך אין דאָרף. ווילסט, קום מיט, — האָט דער אַלטער איינגעלאַדן.

בין איך מיטגעפאָרן. באַטראַכט ס׳שטעטל. באַזוכט באַקאַנטע קרעמער און אויסגעפונען דאָרפישע נייעס.

**4**

איין אידישער קרעמער האָט מיר געזאָגט אַזוי:

— כ׳האָב דיך נעכטן געזען פאָרן מיט דעם כלב מעק. ר׳ איד, היט זיך פאַר דער חיה.

און ער האָט מיר אָנגעהויבן דערציילן זאַכן וועגן מעקן, איינע שרעקלעכער פון דער אַנדערער. ווי אַזוי דאָס „גאַנצע דאָרף״ קלייבט זיך אַרעסטירן מעקן, נאָר צוליב זיין פּאָליטישן איינפלוס האָט מען דאָס מורא צו טאָן. ער איז אַ גאַנצער שמעלקע באַ דער הערשנדיקער פּאַרטיי. און אַרעסטירן קלייבט מען זיך אים צוליב גאָר מיאוסע מעשים. ער האָט אַ נאָמען ווי אַ געשלעכטלעכער אויסוואורף. ער האָט פאַרפירט עטלעכע יונגע מיידלעך און זיי פאַראומגליקלעכט. עלטערן האָבן מורא זייערע קינדער אין גאַס צו שיקן, ווען ער איז דאָ.

זיין ווייב, זאָגט מען, האָט ער צום טויט פאַרפייניקט, און זינט דאַן לעבט ער, ווי אַ מאַן־און־פרוי, מיט זיין אייגענער, איינציקער טאָכטער.

אַ זון האָט ער אין אַן אַנדער סטייט, און דער זון, זאָגט מען, וויים פון זיינע מעשים. ער האָט, זאָגט מען, פּרובירט צונעמען די שוועסטער צו זיך, נאָר דער טאַטע האָט ניט געלאָזן.

מערי זאָל האָבן אַלץ אויסדערציילט צו אַ שכנטע, און פון יענער האָט מען זיך דאָס דערוואוסט איבערן דאָרף. מערי האָט געוויזן די בלוט־סימנים אַף איר לייב, וואָס איר פאָטער מאַכט איר,

ווען זי ראַנגלט זיך מיט אים. ניט איינמאָל זעט מען זי א צע־בלוטיקטע, א צעביילטע.

מערי וויל אנטלויפן פון איר היים, נאָר האָט מורא פאַרן טאַטנס צאָרן . . .

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ווען איך בין געפאָרן מיט מיין אַלטן אהיים, האָב איך פּרובירט דערגיין פון אים וועגן דעם, וואָס כ׳האָב געהערט. ער האָט אין א שטיל קול, אזוי ווי אימיצער וואָלט וועלן דערהערן, מיר צוגעגעבן, אַז אַלץ, וואָס איך ווייס וועגן זיין שכן מעק, איז אמת. נאָר איך זאָל זיך ניט פּרובירן מישן און זאָל אויך אויסמיידן זיין טאָכטער, ווי גאָט איז מיר ליב . . .

ס׳האָט מיר זייער באַנג געטאָן, וואָס איך האָב זיך דערוואוסט וועגן גאַנצן ענין. מיין אידיליע האָט זיך א וואַקל געטאָן. איך האָב געוואוסט, אַז איצט וועל איך שוין ניט קענען רואיק זיין.

אָט דאָ, צווישן די ווייסע בערג, זאָל אַזעלכעס פּאַסירן! — האָב איך געמאַכט א פאָרוואורף צו די בערג אַרום מיר.

זיי, די בערג, זיינען פאַר מיר געווען דער סימבאָל פון מענטש־לעכער ריינקייט און לויטערקייט. זאָל עס מיר ניט באַשערט זיין ? צום טיוול !

איך האָב גערופן „ספּאָרטן”, און מיר זיינען אַרויס אַף א שפּאַ־ציר איבער די בערג.

געשפּריזט האָב איך אין טיפן שניי, און די אַרומיקע ווייסקייט האָט מיך פאַרבלענדט. כ׳האָב אָנגעהויבן איינזאַפּן אין זיך די רו פון די בערג. זיך צוגעהערט צו זייער שטיל געזאַנג און דערפילט די נאָענטקייט פון דער אייביקייט אַרום מיר.

„ספּאָרט” איז געלאָפן און געשפּרונגען פאַרויס און הנאה גע־האַט, קאַנטיק, פון שפּאַציר. ער איז צופרידן געווען פון מיר. אַזוי פלעגט ער דאַרפן ליגן „ווי א הונט אַף דער קייט” אין הויז גאַנצע טעג.

איך בין געווען דער איינציקער מענטש, וואָס האָט באַרירט די ווייסקייט פון דער ערד דאָ. כ׳האָב זיך דערפילט שטאָלץ, וואָס

מיינע פוס־טריט האָבן געלייגט אַ שטעמפּל פון מיין זיין דאָ. מיינע טריט — און דעם הונטס טריט־לעבער.

דאָ בין איך געגאַנגען און אַהער פאַרקערעוועט. זעט, בערג, מיינע פוס־טריט. איך בין דער באַלעבאָס אויף דער ערד.

געקומען צוריק אַן אויסגעהונגערטער — און אַ זאַרגלאָזער. נאָר מיינע אַלטע האָבן מיך באַגעגנט אַביסל פאַרזאָרגט.

זיי האָבן דערהאַלטן אַ בריוו פון זייער איידעם, אַפּ־סטיים. זייער טאָכטער האָט אַ קינד געבוירן. ווילן זיי באַ די קינדער אַ וואָך צייט פאַרברענגען.

וואָס וועל איך איצט טאָן? און איידער איך האָב נאָך צייט געהאַט צו באַטראַכטן זיך, האָט מיר דער אַלטער ארויסגעהאָלפן:

— איך זאָג דיר, יונגערמאַן, אויב דו ביסט געקומען רוען, דאַן בלייב דאָ. קענסט אַליין פייער מאַכן, אַליין זיך קאָכן עסן און יעדן טאָג אין דאָרף זיין און מיט שפּייז און צייטונגען זיך פאַרזאָרגן. וואָס־זשע נאָך דאַרפסטו ? !״

עפּעס אַ געפיל פון אומאָפּהענגיקייט האָט מיך ארומגענומען.

— יאָ, איך בלייב. איר פאָרט זיך געזונטערהייט.

און אַזוי איז געבליבן.

5

די אַלטע האָבן זיך געקליבן אין וועג. איך האָב מיין צייט פאַרבראַכט אין שפּאַצירן, לעזן און בריוו שרייבן.

אויפן פרימאָרגן־שפּאַציר האָב איך מיך פּלוצים באַגעגנט מיט מערי׳ן, מעק׳ס טאָכטער.

איך האָב פון איר דורך דער צייט אָפט געטראַכט. כ׳האָב שוין איצט פאַרשטאַנען איר טרויער, באַ אונזער ערשטער באַגעגעניש.

איצט האָב איך געפילט צו איר גרוים מיטלייד. האָב זי פריינט־לעך באַגריסט און אריינגעקוקט איר אין די אויגן.

— ס׳קער דיר דאָ געוויס זיין זייער אומעטיק, — האָט זי מיר געזאָגט, אראָפּלאָזנדיק איר בליק.

— אַביסל, — האָב איך געלאַכט.

— פאַרוואָס קומסטו ניט אַמאָל ארויף צו אונז ? — האָב איך

זי געפּרעגט. — מיינע באַלעבאַטים פאָרן אַוועק, און איך וועל מורא האָבן צו פאַרבלייבן אַליין, — האָב איך געשמייכלט.

— וואָלט איך נאָר געקענט ערגעץ־וואו אַרויסגיין, — האָט זי פּילדייטיק געזאָגט.

איך האָב זי באַטראַכט. אין דער צעבליטער יוגנט, אין דער פרישקייט פון איר לייב האָט געטאַרטשעט אַ פאַרפּעסטיקטער וואָרים. ווער האָט זיך דאָס געקאָנט פאָרשטעלן, אַז די קינד־פרוי לעבט איבער אַזאַ געהיימע טראַגעדיע . . .

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

מיינע באַלעבאַטים זיינען אַוועקגעפאָרן. איך בין געוואָרן דער באַלעבאָס איבערן הייזל, וואָס האָט געהערשט איבער די בערג. מיט מיר איז געבליבן דער ליבער „ספּאָרט”. דעם אמת זאָגנדיק, האָב איך מיך געפילט זיכערער מיט דעם, וואָס כ'וועל האָבן ספּאָרטן נעבן זיך. און ווירקלעך, איך האָב דעם הונט געלאַסטשעט און אָפּ־געהיט און געטרייסט אים, ווען ער האָט אַ וואַיענדיקער אַרומגע־שפּאַנט איבער די חדרים, אין בענקעניש נאָך זיינע באַלעבאַטים, וואָס האָבן אים פאַרלאָזן.

מיין ערשטער אָוונט איינער אַליין אין אַ פּוסט הויז, אַרומגע־רינגלט פון איינזאַמע ריזן־בערג. איך האָב זיך געשטאַרקט און גע־לאַכט צו זיך אַליין פון דעם צופאַל. כ'האָב געהאַלטן אין איין רויכערן. און קיינמאָל פריער האָב איך ניט געפילט אַזאַ באַרואיקנדן פאַרגעניגן פון אַ פּאַפּיראָס, ווי איצט. מיינע צוויי געטרייע פריינט, האָב איך געטראַכט, — ספּאָרט און דער פּאַפּיראָס.

אַ לאַנגע צייט בין איך געזעסן באַם פענסטער און זיך צוגעהערט צו דער באַטויבנדער שטילקייט, וואָס האָט זיך מיט שטילע, פוילע, נאָר זיכערע טריט אַריינגעשלייכט אין אַלע צימערן און אין מיין האַרצן, און באַהערשט דעם אָרום.

ביסלעכווייז בין איך געוואָרן באַוועלטיקט פון אַזאַ רואיקייט, אַזאַ וואונדערבאַרן געפיל פון דערהויבנקייט, אַז כ'האָב אָנגעהויבן אונטערברומען אַ ניגון. דער ניגון האָט זיך צעגאָסן, און איך האָב געפונען אַזאַ פאַרגעניגן פון מיין זינגען, אַז כ'האָב זיך צעלאַכט מער

און מערער, און מיט אַמאָל דערפֿילט, אַז איך באַהעפֿט זיך מיט דעם קאָלאָסאַלן, אייביקן אַרום.

מיט מיר האָבן מיטגעזונגען די װײַסע בערג, און אַלץ װאָס אין זײ, אונטער זײ און איבער זײ . . .

איך האָב זיך געלײגט שפּעט, געשלאָפֿן געשמאַק. אױפֿגעװעקט האָט מיך ספּאָרט, װאָס האָט געבורטשעט לעבן מײַן בעט.

## 6

באַטאָג בין איך געפֿאָרן אין דאָרף מיט אַ שכן פֿון טאָל, מר. מילער, אַ רעדעװודיקער דײַטש. פֿון אים האָב איך אױסגעפֿונען, אַז אין דער צײַט, װאָס איך בין מיר געזעסן אױבן און געזונגען מײַן סערענאַדע צו דער רו, איז אונטן, לעבן אים, פֿאָרגעקומען אַ האַרץ־רײַסנדיקע סצענע.

פֿון מעק׳ס קאָטעדזש האָבן זיך געהערט יאָמערלעכע קולות. מעק האָט, אַ שיכורער, געשלאָגן זײַן טאָכטער מערי, װאָס האָט זיך מסתם געראַנגלט מיט אים, ניט־װעלנדיק זיך אים איבערגעבן.

די שכנים, װאָס האָבן געהערט די גװאַלדן, האָבן שױן ניט אײנמאָל צװישן זיך געהאַט באַראַטונגען װעגן דעם, װי אַזױ צו ראַ־טעװען די טאָכטער פֿון דעם בעסטיאַלישן טאַטן, נאָר צו קײן באַ־שלוס זײַנען זײ קײנמאָל ניט געקומען.

זײ זײַנען, װײַזט אױס, שױן צוגעװאױנט געװען צו דעם, נאָך פֿון דער צײַט, װען מעק פֿלעגט שלאָגן זײַן װײַב.

איך האָב זיך צוגעהערט צו מײַן שכנס רײד, און געטראַכט: װאָס פֿאַר קאַלטע לונג־און לעבערס גױם זײַנען. אידישע שכנים װאָלטן זיך זיכער אַרײַנגעמישט און אָפּגעשטעלט אַזעלכע גװאַלד־טאַטן.

איך האָב באַשלאָסן צו זען מערין און זיך דורכרעדן מיט איר אָפֿן װעגן אַלץ און איבערהױפּט, הערן, װאָס זי האָט צו זאָגן.

אין פּאָסט־סטאַנציע האָב איך באַגעגנט מעקן. ער איז געװען באַטרונקען און זיך געזידלט אָן אױפֿהער.

צוריקקומענדיק צו זיך אין הױז, האָב איך מיך גענומען צו מײַן באַלעבאַטישקײט: באַזאָרגט דעם אױװן, אױפֿגעראַמט די חדרים און

צוגעגרייט וועטשערע. נאָכדעם ארויס אַף א שפּאַציר מיט ספּאָרטן, אינזינען האָבנדיק צו באַגעגענען מערין.

דאָס האָט זיך מיר ניט איינגעגעבן. דערפאַר האָב איך בעגעגנט מיין שכנטע, פרוי מילער. פון איר האָב איך אויסגעפונען, אז זי האָט זיך געוואָלט זען מיט מערין, ווען מעק איז געווען אין דאָרף, נאָר מערי, — דאָס פּנים געענדערט, די אויגן פאַרלאָפן, — האָט זיך אנטשולדיקט און געבעטן מ׳זאָל זי צורו לאָזן.

נאָך וועטשערע האָב איך זיך אריינגעזעצט אין סקריפּנדיקן וויג־שטול, באַם אויוון, און גענומען לייענען א גראָבן בוך. „ספּאָרט” איז געלעגן באַ מיינע פיס און געדרעמלט.

ס׳האָט אָנגעהויבן אָוונטן. כ׳האָב זיך געפילט מאָדנע מיד. דאָס איז געווען עפּעס א געזונטע מידקייט, פון וועלכער מען האָט הנאָה. איך האָב געלאָכט צו זיך אליין: כ׳וועל זיך לייגן שלאָפן מיט די הינער צוגלייך. אין א וואָך ארום וועל איך זיין אין ניו יאָרק, אַף בראָדוויי, און פאַרברענגען די שפּעטע נאַכט אין א האַר־לעמער קאַפע, באַ דער קאַקאַפאָניע פון א נעגערישן דזשעז־בענד...

7

אין טיר האָט געקלאַפּט דער ווינט און אריינגעפּייפט אין שטוב אריין. דאָס האָט מיך געמאַכט נערוועז. אויך האָט עס, ווייזט אויס, ספּאָרטן פאַרדראָסן, און ער פלעגט אויפהויבן דעם קאָפּ, אויס־ציען די מאָרדע, זיך שטרעקן צו דער טיר.

איך האָב געבעטן מיין בעט און זיך צוריק אַוועקגעזעצט לייענען מיין בוך. מיט אַמאָל האָט זיך ספּאָרט געגעבן א ריס פון פּלאַץ און איז צו צו דער טיר, געניוכעט, געברומט און זיך אומגעדרייט נערוועז צו מיר, ווי דערוואַרטנדיק מיין מיינונג.

— ספּאָרט, מיין פריינט, זיי רואיק, לייג זיך צוריק אנידער. כ׳האָב זיך פאַר קיין גרעסערע ווינטן ניט געשראָקן.

ספּאָרט אָבער לויפט ארום איבער דער קיך און ווערט אַלץ אומרואיקער; לויפט צו צו דער טיר און טרעט צוריק, ווי אַן אָפּגעבריטער, פון איר, און קוקט אַף מיר דערשראָקן.

„עפּעס מוז דאָ פּאַרט זיין", האָב איך אָנגעהויבן איינרעדן זיך אַליין, זיך דערמאָנענדיק אַ הונטס זעלטענע אינסטינקטן.

איך האָב זיך אויפגעהויבן, און ספּאַרט, דערזעענדיק דאָס, האָט אָנגעהויבן האַווקען און דראַפּען זיך אַף דער טיר.

מסתמא קומט אימיץ. לאָמיר אַ קוק טאָן.

איך בין צו צום קיך־פענסטער. צו מיין דערשוינונג האָב איך דערזען אַ פיגור, וואָס האָט זיך מיט אימפּעט דערנענטערט גלייך אַרויף, צום הייזל. קיין פּנים איז ניט געווען צו זען. כ'האָב אָבער — אין די קליידער און אין גאַנג — דערקענט, אַז ס'איז אַ פרוי.

כ'האָב ספּאַרטן ניט געוואָלט אַרויסלאָזן. בין געשטאַנען האַרט בא דער שויב און באַאָבאַכט, ווי די פיגור דערנעענטערט זיך אַרויף צום הייזל.

איך בין צו צו דער טיר. זי געעפנט. ספּאַרטן, וואָס האָט געבולן און זיך געריסן, האָב איך געהאַלטן לעבן זיך.

איך האָב דערהערט אַן אויסגעשריי:

— אָ, גאָט, האָט רחמנות, לאָזט אַריין!

אַ פרעמד־נאָענט קול. מערי!

זי איז אַריין און איז צוגעלאָפן צום וויג־שטול, פאַרחלשט. אפילו ספּאַרט איז געבליבן אָן לשון.

מערי איז געלעגן האַלב־אויסגעצויגן אין וויג־שטול און גע־ציטערט. כ'האָב זי אַריינגעשלעפּט אין צווייטן צימער און זי אַוועק־געלייגט אַף דער קאַנאַפּע.

איך האָב אָנגעהויבן קומען צו זיך פון שרעק. זי איז געלעגן, געקרעכצט און געשלוכצט.

וואָס האָט פּאַסירט, מערי?

— אָ, פרעג ניט, נאָר ראַטעווע מיך . . . ער וועט באַלד אַרויפקומען . . . ער וועט אַרויפקומען! — האָט זי קאָנוואולסיוו אויסגעשריען.

אַ שוידער האָט מיך באַהערשט. איך בין צו צו דער טיר, זי פאַררינגלט. אויסגעלאָשן די ליכט אין קיך און אָנגעשטרענגט אַרויס־געקוקט. קיינעם ניט געזען.

בין צוריק אַריין צו איר.

— וואָס וועל איך טאָן, וואָס וועל איך טאָן? — האָט זי גע־בליפּעט.

איך האָב זי באַטראַכט. אירע העלע, גאָלדענע האָר זיינען געווען צעשויבערט, די מוסקלען פון פּנים אָנגעצויגן, אַ ווילדער פלאַקער אין די אויגן.

זי איז געלעגן אין מאַנטל. זי האָט אים אויפגעקנעפּלט. דורך דער צעריסענער גרינער בלוזע האָט זיך אַרויסגעזען אַ שטיק ברוסט פון בלענדענדער ווייסקייט. זי האָט זיך אָנגעכאַפּט מיט דער האַנט פאַר דער ברוסט און געשריען פון ווייטיק. דאָס ליב אירס איז געווען צעקראַצט, די האַנט צעבלוטיקט; רויטע פינגער־צייכנס האָבן געקלאַמערט איר ווייסן, מיידלשן האַלז.

זי האָט געוויינט און ניט געענטפערט אויף מיינע פראַגן, און בלויז איבערגעחזרט:

— וואָס וועל איך טאָן? ער וועט אַרויפקומען!

כ'בין נאָכאַמאָל צו צום פענסטער. צו מיין פּחד האָב איך דערזען אונטן אין טאָל אַ פיגור אַרומגיין מיט אַן אָנגעצונדענעם לאַמטערן.

כ'בין געבליבן אָן אָטעם פון שרעק.

— ער זוכט אירע טריט אויפן ווייסן שניי. די טריט וועלן זי פאַרראַטן. ער וועט אַרויפקומען. ער וועט אונז ביידן דערהרגענען.

איך האָב דערפילט, אַז עס ווערט מיר טונקל פאַר די אויגן, דער קאָפּ פאַרדרייט זיך.

פון צווייטן צימער:

— זאָג מיר, ער גייט, ער גייט?!

איך האָב זיך געשטאַרקט. בין אַריין צו איר.

— ניין. באַרואיק זיך . . . באַרואיק זיך . . . — האָב איך ווי ניט מיט מיין קול אויסגעשריען.

איך האָב געקוקט אויף ספּאַרטן, וואָס איז געזעסן באַם אויוון.

— ספּאַרט, מיין פריינט, באַשיץ אונז.

ווידער רופט זי מיך.

— פּליז, מיסטער, זייט לעבן מיר. מאָרגן גאַנץ פרי וועל איך

שרייבן צו מיין ברודער, ער זאָל מיך אוועקנעמען פון דאַנען, אַניט וועט מען גראָבן אַ קבר פאַר מיר.

זי איז אַנטשוויגן געוואָרן.

8

כ'בין צו צום פענסטער. דער לאַמטערן האָט זיך שוין מער ניט געזען, די פיגור אויך ניט.

כ'בין געבליבן שטיין אַזוי, און מיינע געדאַנקען האָבן אָנגעהויבן קומען צו זיך.

זי רופט מיך. זיך אויפגעזעצט. פאַררוכט די קליידער און, ווי צו זיך אַליין, פּראַזנוויז, אָנגעהויבן דערציילן:

— געשלאָגן מיך, ווי אַ משוגענעם הונט . . . געבעטן זיך בא אים . . . געוואָרנט אים . . . הער, אַלטער, זאָל דיר דער אויבערשטער באַצאָלן פאַר דער מאַמען און פאַר מיר . . . געכטן מיך אַפן דיל געוואָרפן . . . מיט די פויסטן אַף די ברוסטן געבוכצעט . . . היינט האָב איך עס שוין ניט געקענט איבערטראָגן. איך האָב געזאָגט: „ניט היינט. ניין, ניט היינט! כ'האָב געבעטן: האָב גאָט אין האַרצן!" האָט ער די ביקס פון וואַנט אַראָפּגענומען . . . זיך געראַנגלט . . . אים מיט אַ טאָפּ אין קאָפּ דערלאַנגט.

זי האָט איינגעגראָבן דעם קאָפּ אין שוים און ביטער געוויינט.

איך האָב זי פּרובירט בארואיקן. מיין האַרץ איז איבערגעפילט געוואָרן מיט מיטלייד צו איר.

זי האָט זיך אויסגעצויגן אַף דער קאַנאַפּע, אויסגעדרייט זיך צו דער וואַנט און געשלוכצט.

איך בין צו צום פענסטער: מיט יעדן שטאַרקן קלאַפּ פון ווינט, איז געוואַקסן מיין שרעק.

מיין טרייסט איז — דער הונט. איך האָב געוואוסט, אַז ער וועט זיין דער ערשטער צו דערשמעקן געפאַר, און מיר לאָזן וויסן. ווי ליב איז דאָס שטום באַשעפעניש מיר איצט געוואָרן!

מערי איז געשלאָפן און געזיפצט פון שלאָף.

איך האָב אויסגעלאָשן דעם לאָמפּ, און אַריין צוריק אין קיך,

ארויסגעקוקט, זיך באַרואיקט און זיך אַריינגעזעצט אין וויג־שטול. אַט אַזוי וועל איך האַלטן וואַך אַ גאַנצע נאַכט.

איך האָב געדרעמלט. באַם קלענסטן גערויש בין איך געווען אַף די פיס. מיינע געדאַנקען זיינען געווען וואַך.

אוים מיט מיין טייערער וואַקאַציע!

די נאַכט האָט זיך געצויגן שווייגנדיקערהייט.

כ׳האָב זיך ענדלעך דערוואַרט. ס׳האָט אָנגעהויבן שאַריען. מערי איז געשלאָפן אַ צענויפגעקאָרטשעטע.

מיין פּלאַן איז געווען פּאַרטיק. כ׳וועל אַראָפּ צו די שכנים, צום דייטש מילערן, און אים דערציילן, וואָס עס איז פאָרגעקומען.

„נאָר פאַרוואָס איז מערי נראָד אַרויף צו מיר און ניט צו זיי", האָט עס מיר פּלוצים געגעבן אַ שלאָג אין געדאַנק.

ענטפערס האָב איך מיר אַליין געגעבן אַ סך.

9

כ׳בין אַרוים פון הויז, אַפּן וועג אַראָפּ צו די שכנים. ספּאָרט איז געלאָפן פאָראויס. איך בין געלאָפן. דער אימפּעט האָט מיך געטראָגן.

מיטאַמאָל האָט ספּאָרט געגעבן אַ גאַלאָפּיר אַראָפּ, און גלייך צוריק אַרויף צו מיר מיט אַ ווילדן געבול.

„שוין ווידער עפּעס פּאַסירט", האָט עס דורכגעבליצט אין מיר. אינסטינקטיוו האָב איך מיך געלאָזן נאָך ספּאָרטס טריט. ספּאָרט האָט בייז אַרומגעטאַנצט אַרום אַן אָרט און געבולן צו מיר.

איך בין אָן אָטעם צוגעקומען צום פּלאַץ. כ׳האָב דערזען אַ פּוס אַרויסשטאַרטשען אין לופטן. כ׳בין צו נאָענטער. מעק איז געלעגן אין שניי, מיטן פּנים אַרויף, דאָס מויל אָפן, די געלע און שוואַרצלעכע ציין האָבן וואַנזיניק אַרויסגעלאַכט; די אויגן פאַר־גלייזט; די הענט בלוי ווי מילץ . . .

לעבן אים איז געלעגן דער לאַמטערן.

איך האָב זיך געלאָזט לויפן, ווי נאָכגעיאָגט פון אימיצן אַ גרוילזאַמן, און געריטשעט:

— העלפּט! העלפּט!

מילערס און דזשימס קאַטעדזשעס זיינען מיר אַנטקעגן געלאָפן. מענטשעלעך אויך. איך האָב געהערט קולות אַרום זיך און גע־שריען:

— דאָרט . . . מעס . . . ליגט . .. שנעלער!

און בין געפאַלן.

10

כ'האָב זיך אויפגעכאַפּט אין אַ ווייסן צימער, אַף אַ ווייס גע־לעגער, און געפילט אַ שלאַפקייט אין אַלע אברים.

לעבן מיר איז געזעסן אַ בלאָנדע וועכטערין און געשמייכלט.

כ'האָב זיך געפונען אין דאָרף־שפּיטאָל. בין ליגנדיק דאָ גע־נומען געוואָרן אַף אַ פאַרהער פון פּאָליציי. מיך האָבן באַזוכט מיינע שכנים, די מילערס און דזשימס. פון זיי האָב איך אויסגעפונען, וואָס עס האָט ווייטער פּאַסירט.

מערי האָט פאַרטיידיקנדיק זיך, פאַרוואונדעט דעם טאַטן, גע־לעכערט אים דעם קאָפּ. אַ בלוטנדיקער האָט ער זיך געלאָזן נאָך אירע טריט. די רויטע טראָפּנס אַפן ווייסן שניי האָבן עדות גע־זאָגט וועגן דעם.

ער איז געפאַלן אַ מאַכטלאָזער באַם פוס פון באַרג און גע־שטאָרבן פון בלוט־פאַרלוסט און קעלט.

מערי איז נאָכן פאַרהער פרייגעלאָזן געוואָרן. איר ברודער איז געקומען באַגראָבן דעם טאַטן און מיטגענומען מערין מיט זיך.

ווי אַף אימיצנס אַ וואונק איז פון דער גאַנצער געשיכטע געוואָרן שאַ, שטיל . . .

איך בין געלעגן אַ פּאָר טעג אין שפּיטאָל. מיינע אַלטע זיינען צוריקגעקומען און מיך באַזוכט. אומזיסט האָבן זיי מיך געבעטן צו זיין בא זיי און זיך גוט אויסרוען. איך האָב מורא געהאַט צו זען נאָך אַמאָל די ווייסע בערג.

כ'בין געקומען צוריק קיין ניו יאָרק אַן אויסגעבלייכטער, אַ שווייגנדיקער, און מיטגעבראַכט מיט זיך אַ טיפן סוד פון די ווייסע בערג.

1926.

# דאָס ציגײַנערל

ס'איז געווען גלײַך נאָכן שווערן מיטאָג. די געסט האָבן זיך פויל דערשלעפּט צו די שטרויענע וויג־שטולן, וואָס זײַנען געשטאַנען געהאָרכזאַמע, אין אַ גלײַכער ריי, אַפן גאַניק. די פרויען אין זייערע פוטערנע מאַנטלען האָבן זיך אײַנגעוויקלט די פיס אין די וואָלענע קאָלדרעס, וואָס זײַנען געלעגן גרייטע פאַר זיי אַף די שטולן. באַלד האָט מען גענומען פינטלען מיט די אויגן, וואָס האָבן גערופן צום שלאָף. די מענער, ווידער, האָבן געפּרואווט לייענען צײַטונגען, נאָר גלײַך מיד געוואָרן און צום הונדערטסטן מאָל זיך גענומען באַקלאָגן, אַז מע גיט צופיל עסן, „נאָר צעפּלאַצט צו ווערן". מע האָט כסדר געריוויכערט און געפּרואווט זאָגן וויצן, נאָר די פרויען זײַנען געווען אַנגעלאָדן, ווי מיט בלײַ, פון מיטאָג און די אַלגעמיינע שטימונג איז געווען, אַז מע דאַרף אַ דרימל טאָן.

דאָס יונגע פּאָרל פון פאַלעסטינע איז אַרויס פון עס־זאַל, געוואָלט פאַרנעמען וויג־שטולן, נאָר זעענדיק, אַז כמעט אַלע זײַנען געווען באַזעצט, זײַנען זיי אַוועק צום „אַנעקס". די געסט האָט מען מערסטנס ניט געקענט בײַ די נעמען. אויב אַ גאַסט האָט געזונגען אַ לידל אין פאַרברענג־צימער, האָט מען אים שוין גערופן „דער זינגער". דאָס יונגע פּאָרל האָט מען געוואוסט זײַנען אַ צײַט לאַנג געווען אין פאַלעסטינע, האָט מען זיי גערופן דאָס פּאָרל פון פאַלעס־טינע.

די אײַנגנטימער פון ווינטער־רעזאָרט, די שוועסטער נאַדיע און סעסיליאַ, האָבן געהאַט אַ גוטן סעזאָן לעצטן יאָר און זיי האָבן דערפאַר באַשלאָסן אָפּצודינגען דאָס פאַרלאָזן הויז אַפן נעקסטן בלאָק, וואָס איז שוין צוויי יאָר געשטאַנען ליידיק און עס פאַרוואַנדלען אין אַן אַנעקס צו זייער האָטעל „די שניי־קעניגין". דער אַנעקס איז באַשטאַנען פון דריי שטאָק. מע האָט עס איבערגעאַרבעט אין ווײַס, אויפגעהאַנגען אַן עלעקטרישן שילד און געשיקט אַהין די אינגערע געסט, ווען עס איז ניט געווען קיין אונטערשייד די עטלעכע טריט

און אויך די קינסטלערישע נאַטורן, וואָס האָבן געוואָלט האָבן „קרעאַטיווע" רו. דאָרטן, הינטערן אַנעקס, האָט געהויערט אַ פינ־סטערער סאָסנאָוער וואַלד. די געסט פון האָטעל האָבן ליב געהאַט צו קוקן אויף אים פון ווייטן, נאָר קיינער האָט ניט געוואַגט אַריינטרעטן אַהין, ווי מע האָט מורא געהאַט צו גיין איבער פאַרלאָזענע גאַסן אין שפּעטער נאַכט אין ניו יאָרק. די קינסטלערישע נאַטורן, וואָס זיינען איינגעשטאַנען אין אַנעקס האָבן זיך באַרימט מיטן וואַלד, נאָר אויך זיי האָבן ניט געוואַגט איבערטרעטן די גרענעץ פון דער מאַיעסטעטישער רו, וועגן וועלכער זיי האָבן געדעדט אָדער געשריבן.

דער גאַניק פון אַנעקס, וואָס האָט אויך געהאַט וויג־שטולן, איז כמעט שטענדיק געווען פאַרלאָזן, ווייל די געסט האָבן זיך געפּוילט צו גיין די עטלעכע טריט. אָן אויסנאַם איז געווען דאָס „פּאַלעסטינער" פּאָרל. ביידע הויבע, שלאַנקע, האָבן זיי זיך געהאַלטן אָפּגעזונדערט פון עולם און גוט געוואוסט, אַז די פרויען חלשן אויסצו־געפינען, צי זיי זיינען מאַן און ווייב, חתן־כלה, צי לינקע געליבטע. גוטע טענצער ביידע, האָבן זיי זיך אַביסל אָפּגערוט אויף די וויג־שטולן און נאָכהער אוועק אויפן גאַניק. קיינער האָט זיי ניט געזען, האָט זיי זיך אויסגעוויזן, נאָר זיי האָבן אַ טעות געהאַט. אינעווייניק, אין פאַרברענגצימער, וואו קיינער איז אַצינד ניט געווען, איז אויפן אָנלען פון פאָטעל־שטול האַלב־געזעסן „דאָס ציגיינערל" און מיט אַן אויפן מיילכל נאָכגעפאָלגט זייער יעדע באַוועגונג. און געזען ווי ער האָט זי געקושט אין מויל, ווי זי האָט אים געקושט דעם הויכן שטערן, ווי זיי האָבן ביידע געלאַכט פון פאַרגעניגן.

„דאָס ציגיינערל" איז געווען אַזוי אַריינגעטאָן אין טאַנץ פון פּאָרל, אַז זי האָט פאַרגעסן, אַז די מאַמע וועט באַלד אַריינקומען און אָנשרייען אויף איר: „וויפל מאָל האָב איך דיר שוין געוואָרנט, אַז דאָס איז ניט דיין פּלאַץ? שוין אַרויס פון דאַנען!"

די אייגנטימער פון פּלאַץ האָבן אָנגעשטעלט פאַר אַן אויפּפּאַסער איבערן אַנעקס די פרוי דזשעני. זי האָט באַדאַרפט אויפראַמען די צימערן, באַזאָרגן די געסט מיט פרישע האַנטיכער און זייף, באַזאָרגן די טאָילעטס מיט פּאַפּיר און ענלעכע פליכטן. דערפאַר האָט זי

באקומען פרייע וואוינונג פאַר זיך און איר זעקס יאָריק מיידעלע פייגעלע, וואָס די מאַמע האָט איר אַליין אַ נאָמען געגעבן „ציגיינערל".

דזשעני האָט געטאָן איר אַרבעט אינדערשטיל. די געסט האָבן זי זעלטן געזען און דערפאַר טאַקע האָט זי באַקומען ווינציקער „טיפּס" ווי אַנדערע אויפּפּאַסערנס.

איר „ציגיינערל" איז איר נאָכגעגאַנגען איבער אַלע צימערן און טאַ‏ילעטס, געהאָלפן איר וואו זי האָט נאָר געקאָנט און זיך געשראָקן פאַר די געסט. זי איז געווען אַ בלאַס, אויסגעצערט קינד, וואָס האָט ניט געהאַלטן פאַר נאַטירלעך צו שמייכלען, מיט אַ קליין פּנימל, מיט וואַסערדיקע אייגעלעך און שטרוי־האָר. עפּעס אַ טרויער האָט גע־ווייט פון איר בליק און אַרום פאַרמאַכטן מיילכל איז געלעגן אַ מינע פון פאַרלאָרנקייט. ווי זי וואָלט באַדויערט וואָס מע האָט זי אויף דער וועלט געבראַכט.

די מאַמע איז שוין ניט געווען קיין יונגע פרוי. פון נידעריקן וואוקס, נאָר ברייטפּלייציק, דאַרפּיש, מיט קאָליר אין פּנים און מוס־קולירטע אָרעמס, האָט זי תמיד באַקומען אַרבעט אין די זומער און ווינטער רעזאָרטן אַלס אַ ראַמערן. ווייל זי האָט געהאַט דאָס קינד מיט זיך, האָבן די באַלעבאַטים איר געשטעלט גרעסערע פאָדערונגען און זי פלעגט דאַרפן איינגיין אויף אַלע באַדינגונגען.

אַ מאָדנע איז זי געווען, דזשעני. אין דעם זיינען געווען איינ־שטימיק אַלע אירע באַלעבאַטים. מע האָט זי ניט געקאָנט פאַרשטיין. זי האָט געהאַלטן מויל. מע האָט פון איר ניט געקאָנט דערגיין צי זי האָט אַ מאַן. קיינער האָט אים קיינמאָל ניט געזען. זינט מע האָט זי געזען אין די רעזאָרטן די לעצטע פיר יאָר, איז זי שטענדיק געווען מיטן קינד און קיינמאָל האָט מען זי ניט געזען מיט קיין מאַן.

אַמאָל, ווען זי פלעגט נאָך פרישטיק אַריינקומען אויפראַמען אַ צימער, האָט זי דאָרט באַגעגנט דעם גאַסט און אויב ער איז געווען אַ מיטעליעריקער אָדער אַן עלטערער מאַן, איז ער גרייט געווען פאַר־פירן מיט איר אַ שמועס. קיין שיינע איז זי ניט געווען, דאָס פּנים גראָב און פאַרזויערט, נאָר אין די בלאַס־בלויע אויגן איז געלעגן עפּעס פאַרבאָרגנס, וואָס האָט צוגעצויגן אַ מאַן פון איבער די פערציקער. דזשעני האָט אָבער געהאַט באַזונדערע פייאיקייטן זיך אַרויס־

צודרייען פון צימער, אָדער פון אַ שמועס. איינזאַמע מענער, וואָס זיינען געשטאַנען אין אַ רעזאָרט אַ פּאָר וואָכן האָבן זיך געפּרואווט צושאַרן צו איר, נאָר אירע בליקן האָבן זיך ניט באַגעגנט מיט זייערע, זי האָט שוין געוואוסט ווי זיי אויסצומיידן און רייניקן דעם צימער דאַן, ווען זיי זיינען ניט געווען. די באַלעבאָסטעס, די צוויי שוועסטער נאַדיע און סעסיליא, האָבן איר ניט איינמאָל געגעבן אָנצוהערן, אַז די געסט באַקלאָגן זיך, אַז זי איז ניט פריינטלעך צו זיי. דזשעני האָט זיך געמאַכט ווי זי פאַרשטייט ניט און זיך פאַרענטפערט, אַז זי האַלט ריין יעדן צימער און קיין זאַך פעלט ניט אויס.

שוין דריי יאָר ווי דזשעני אַרבעט אין דעם ווינטער־רעזאָרט שטעטל. יעדן סעזאָן פאַר אַן אַנדער באַלעבאָס. ניט ווייל מע איז פון איר ניט צופרידן, נאָר צוליב איר „ציגיינערל”. דזשעני איז נאַאיוו. זי באַשטעלט זיך בלויז פאַרן צימער און די טיפּס, נאָר אין האַרצן גלויבט זי, אַז די באַלעבאַטים וועלן זיך דערבאַרעמען אויף איר קינד און איר געבן אַמאָל אָפּעסן אַ מאָלצייט פון זייער רייכן און איבערפולטן טיש. נאָר שטענדיק מאַכט זי דעמזעלבן טעות. זי ווייס, אַז דאָס קינד טאָר זיך ניט ווייזן פאַר די אויגן פון די געסט. האָט זי טאָקע טרענירט איר „ציגיינערל”, אַז זי זאָל זיך קיינמאָל ניט שפּילן מיט די קינדער פון די געסט, אַז זי זאָל זיך קיינמאָל ניט ווייזן אין אויפנאַם־צימער אָדער אין עס־זאַל, אָדער אויף דער וועראַנדע. ווי אַ מייזל, וואָס האָט מורא פאַר מענטשן, אַזוי באַהאַלט זיך פייגעלע אויס פון די געסט. זי ווערט בלאַסער ווען זי דערזעט, אַז אַ גאַסט האָט זי דערזען, אַז מע האָט זי נאָכגעפאָלגט מיט אַ בליק.

זי האָט גענוג קלעפּ אַריינגעכאַפּט פון דער מאַמען פאַר קריכן וואו מע דאַרף ניט. איז פייגעלע גליקלעך איצט אויב זי קאָן זיך שפּילן מיט אַן אַנדער קינד וועמעס עלטערן אַרבעטן אין דער געגנט און וואָס איז אויך אַזוי דערשלאָגן ווי זי איז. נאָר שטענדיק קומט פייגעלען אויס צו באַקומען נייע פריינט און איידער מע ווערט צוגע־בונדן איינס צום אַנדערן, ענדיקט זיך שוין דער סעזאָן און מע דאַרף זיך ווידער קלייבן אין וועג אַריין.

— ציגיינער זיינען מיר, מיר האָבן ניט קיין אייגענע היים, מיר ווייסן ניט וואו מיר וועלן זיין ווען מיר וועלן דאָ ענדיקן די אַרבעט,

— אזוי טענהט די מאַמע מיט איר קינד, ווען עס ווערט זיי ביידן אומעטיק אין די פאַרנאַכטן, ווען זיי זיצן אין זייער קליין קיכל און די מאַמע שטעלט אָן דאָס ראַדיאָכל, וואָס באַלאַנגט צו איר און צום קינד און זיי הערן זיך צו צו דער קינדער־פּראָגראַם. ס'קינד האָט מורא אַליין צו זיין אין צימער און די מאַמע מוז זיך מיט איר ליינגן, ווען ס'איז צייט פאַר איר שלאָפן גיין.

דזשעני איז אַ געטריי אויפּפּאַסערן. זי וועט ניט פאַרלאָזן ס'הויז וואָס איז איר אָנגעטרויט געוואָרן. איינמאָל אין צוויי וואָכן באַקומט זי אַ האַלבן טאָג פריי און זי נעמט דאַן איר „ציגיינערל" אין שטעטל אַריין און לאָזט זיך וואויל גיין. זי קויפט איר איין שפּילצייג אין צען־סענט־קראָם און זי גייט מיט איר אין די מואַוויס. דאָס קינד איז גליקלעך. די מאַמע עסט מיט די אויגן די פאַרבייגייער, די זאַכן אין די שויפענסטער.

די הויפּט־פּראָבלעם בא דזשענין איז די עס־פּראָבלעם פאַרן קינד. מאָדנע, טראַכט זי ניט איינמאָל, ס'איז ווי אַ דורשטיקער אַרומגע־רינגלט פון טייך. זי מיטן קינד געפינען זיך סיי ווינטער, סיי זומער אין פּרעסאַרניעס. אַלע געסט אַרום איר האַלטן זיך אין איין באַקלאָגן, אַז זיי ווערן געשטאָפּט ווי גענז אַף פּסח, זיי האַלטן זיך אין איין ווענגן און צונעמען פונטן, נאָר פאַר איר „ציגיינערל" סטייעט ניט קיין עסן. אמת, זי האָט זיך טאַקע ניט אויסגערעדט מיט די באַלעבאָסטעס, אַז זיי זאָלן געבן איר קינד עסן, נאָר ווי, פרעגט זי זיך כסדר איבער, האָט מען דאָס אַזעלכע הערצער און מע גיט דעם קינד ניט אַמאָל אין וואָך אַ געהעריקן מאָלצייט. וויפל עסן ווערט עס אַרויסגעוואָרפן יעדן טאָג, וויפל קעז און סמעטענע גייט עס לאיבוד! זיי ווייסן גאַנץ גוט, די באַלעבאָסטעס, אַז זי באַקומט זייער ווינציק טיפּס, אַז דער ענעקס פילט זיך ניט אָן און אַז זי האָט זייער ווינציק געלט מיט וואָס צו קאָנען אויסקומען און שפּייזן איר קינד. איז דען אַ וואונדער וואָס דאָס קינד קוקט אויס פאַר־חושכט און פאַרצערט.

אין אָנהויב פלעגט איר אַ ווייטערקע ברענגען לעקאַך און פרוכט און אַמאָל אויך אַ שטיקל עוף. דאָס קינד האָט אָבער אָנגעהויבן פאָדערן מער פון דעם מין און עס האָט זיך אויך פאַר די אַנדערע

קינדער באַרימט מיט דער גוטער שפּייז וואָס זי האָט באַקומען. דזשעני האָט געליטן דערפֿון. זי וויל דערציִען איר קינד אויף ער־לעכסטן אופֿן, ניט ווי ער, דעם קינדס טאַטע, האָט געהאַנדלט. הארצלאָז, ברוטאַל, מערדעריש. אַנטלאָפֿן מיט איר אייגענער שוועס־טער און זי איבערגעלאָזט מיט אַ פּיצל קינד אויף די הענט. זי האָט אַ סך, אַ סך פֿאַרלאָרן, נאָר איר זעלבסט־רעספּעקט וויל זי ניט אויפֿגעבן. ער האָט איר אַפֿילו ניט געגעבן צושטייער עפּעס פֿאַרן קינד. ער ווייס וואו זי איז. דאָס קינד גייט אים ניט אָן, ווי ס'וואָלט ניט זיינס געווען. מע האָט איר אָבער געהאַט געוואָרנט, אַז זי זאָל זיך מיט אים דעם קאָפּ ניט פֿאַרדרייען. זי האָט אים געגלויבט, זיך פֿאַרלאָזט אויף אַ מענטשנס וואָרט. אַזוי איז אויך איר מאַמע געווען. יעדערן געגלויבט. נאָר דער שוועסטער וועט זי ניט פֿאַרגעבן. אַפֿילו אויפֿן טויטן־בעט.

דאָס קינד וואַקסט אונטער און געפֿינט אויס אַזויפֿיל זאַכן, פֿון דער הוילער לופֿט, דוכט זיך. דאָס „ציגיינערל" ווייס, אַז די געסט עסן געבראָטענע הינדלעך יעדן צווייטן טאָג, אַז מע עסט אַזויפֿיל, אַז מע לאָזט אַ סך איבער. זי ווייס, אַז מוזיק שפּילט בײַם עסן, אַז אין אָוונט טאַנצט מען אין האָטעל און עס איז דאָרט פֿריילעך שטענדיק. און אַז ווען קינדער קומען אַרויס אַהער, פֿירן זיי די מאַמעס אַרום אין שליטנס געשפּאַנטע אין צוויי פֿערד, וואָס טראָגן גלעקלעך מיט רויטע שלייפֿן. זי זעט, ווי מענער קושן זיך מיט פֿרויען אויף דער וועראַנדע און אין פֿאַרברענג־צימער.

דריי זאַכן האָט פֿיגעלע ליב מער ווי אַלץ, אויסער איר מאַמען. זי וואָלט וועלן עסן מיט אַלע מענטשן בײַם ווייס־געדעקטן טיש אין האָטעל, וואו עס שטייט אָנגעשטעלט אַזויפֿיל, אַז מע ווייס ניט וואָס פֿריער צו נעמען. זי וואָלט אויסגעקליבן פֿאַר פֿרישטיק אַ שטיק לאַקס און מיטאָג וואָלט זי געגעסן די גרינע אָליוון און פֿאַר וועטשערע די שפּראָטן אין אייל. צווייטנס, וואָלט פֿיגעלע וועלן שפּילן פּינג־פּאָנג דריי מאָל אין טאָג, אַזוי ווי די געסט, וואָס קומען אַהער אין ענעקס און זי הערט אין קיך ווי עס קלאַפּן די פּעדלס אָן הוילן ווייסן באַלכל. ווען די מאַמע איז פֿאַרנומען מיטן אויפֿראַמען דעם פֿאַר־ברענג־צימער, פֿאַרגנבעט זיך פֿיגעלע אין שפּיל־צימער און שפּילט

פינג־פּאָנג מיט זיך אַליין. די מאַמע שרייט אַף איר, נאָר זי מאַכט זיך ניט הערנדיק, ביז עס הויבן אָן אָנקומען די געסט, דאַן אַנטלויפט פייגעלע אַוועק צו זיך אין קיך. די קיך איז איר וואוינונג. אהין קומט קיינער ניט אריין. דערנעבן איז דאָ אַ קליין צימערל. דאָרט שלאָפט זי מיט דער מאַמען, נאָר מערסטנס פאַרברענגען זיי ביידע אין קיך. דאָרט שטייט די ראַדיאָ. דריטנס, וואָלט פייגעלע וועלן זיין אַ זינגערן. אַזוי ווי די לעידי אַף דער ראַדיאָ. פייגעלע פּרוּאווט נאָכזינגען דאָס, וואָס זי הערט און די מאַמע לאָזט זי און שרייט קיינמאָל ניט אָן אַף איר. פייגעלע וואָלט וועלן אַמאָל זיין אין פאַרברענג־צימער פון האָטעל און הערן ווי די געסט זינגען. ס'איז ניטאָ קיין שענערע זאַך אַף דער וועלט ווי זינגען, אַזוי טראַכט בא זיך פייגעלע. טאַנצן איז אויך שיין. זי האָט שוין אַ סך מאָל געזען ווי מע טאַנצט אין די האָטעלן, זומער־צייט, נאָר די מאַמע לאָזט ניט. פאַרוואָס, קאָן פייגעלע ניט פאַרשטיין. ס'איז אַזוי פריילעך ווען מע טאַנצט. די מאַמע איז שטענדיק אומעטיק. שטענדיק רעדט זי וועגן דעם, ווי מיר זיינען ציגיינער, נאָר מיר זיינען ניט קיין ציגיינער. ציגיינער וואוינען ניט אין קיין רעזאָרטס און טוען ניט אַזאַ אַרבעט ווי די מאַמע טוט.

די מאַמע רעדט ניט איינמאָל מיט איר „ציגיינערל” וועגן דעם, וואָס זי וועט זיין, ווען זי וועט אויפוואַקסן. מאַמע הייסט איר עסן אַלץ, ווייל זי וועט דאַרפן האָבן כוח אויפצואוואַקסן. אַז די מאַמע איז אין כעס, זאָגט זי: „וועסט זיין אַ „טשעימבער־מעיד”, וועסט בלייבן אַ ציגיינער און ניט האָבן קיין אייגענעם ווינקל, ווי איך”.

פייגעלע וויל זיין אַ זינגערן און אַרויסקומען אין די רעזאָרטס און אַלע זאָלן זי בעטן, אַז זי זאָל עפּעס זינגען און מע זאָל איר אָפּגעבן דעם שענסטן צימער אין האָטעל און אַף איר טיש זאָלן שטיין לעבעדיקע בלומען. און די מאַמע אירע זאָל זיין אויסגעפּוצט אין אַ שוואַרץ זיידן קלייד און טראָגן אַ סך בריליאַנטן אַף זיך. די מאַמע האָט ניט ליב די געסט. זי האָט בלויז איין פריינט דאָ. די „טשעימ־בער מעיד” פון צווייטן האָטעל. אַז יענע קומט צו דער מאַמען, רעדן זיי שטענדיק וועגן איר, פייגעלען. די מאַמע ווישט זיך אַמאָל די טרערן.

ווען מרס. לענסקי, די טשעימבער מעיד, פרעגט פיינעלען וואָס זי וויל ווערן ווען זי וועט אויסוואַקסן, ענטפערט זי—אַ זינגערן. צעלאַכן זיי זיך פון איר חכמה און די מאַמע דריקט זי צו זיך און קושט איר אין שטערן.

די פראַגע וואָס וועט ווערן פון איר קינד ענגבערט דזשענין כסדר. אַזאַ שיינע וועלט, אַזאַ רייכע וועלט, אַזאַ אינטערעסאַנטע וועלט, טראַכט באַ זיך דזשעני, נאָר ווי קומט מען צו צו איר? ווען זי איז געווען טראַגעדיק, האָט זי געחלומט און געחלומט אין די חלומות אירע דערציילט אים. ער האָט צוגעשטימט, ער האָט גע-זאָגט יאָ אויף אַלעם. מע וועט אַרבעטן ביידע שווער און אָפּשפּאָרן, יעדע וואָך אָפּשפּאָרן עפּעס פאַרן קינד. דאָס קינד וועט גיין אין קאָלעדזש, דאָס קינד וועט אויסוואַקסן אַ לייט.

איצט איז דזשעני צופרידן וואָס דאָס קינד האָט אַ דאַך איבערן קאָפּ. באַלד וועט זי אָנהייבן גיין אין סקול. אין קינדערגאַרטן איז זי געווען דאָס בעסטע קינד, דאָס באַליבטסטע באַ דער לערערן. אפשר וועט זי אויסוואַקסן אַ לייט? זי איז קלוג און האָט אַ פיין שטימעלע צום זינגען און אַ גוט געהער.

ווען דזשעני גיט זיך אַ דערמאָן וועגן אירע באַלעבאָסטעס נאַדיע און סעסיליע, דאַן ווערט איר לייכטער אויף דער נשמה. יענע האָבן אַ האָטעל, מאַכן געלט און פאַרלירן עס, נאָר קיין קינד האָבן זיי נישט. אַלטע מוידן געבליבן. נאָך אַלעם, איז איר גאָרנישט אַזוי שלעכט. זי איז געזונט, זי האָט אַ ליב קינד, זי האָט אַ ריינעם געוויסן, נישט ווי די באַלעבאָסטעס וואָס ווייסן אַז די „העלפּ" האָבן זיי פיינט, נישט ווי ער און איר אייגענע שוועסטער, וואָס דאַרפן זיך פילן ווי מערדער קעגן איר.

וועט זי נאָך אַמאָל חתונה האָבן? זי ציטערט פאַר די זומער-פייגעלעך וואָס דרייען זיך אַרום, אָדער אַרבעטן אין די רעזאָרטן. זיי זיינען אויך ציגיינער ווי זי. ערגעץ וואו געפינט זיך אַ מענטש וואָס וועט זי קאָנען אָפּשאַצן. קיין בילדונג האָט זי נישט, נאָר אַן ערלעכער מענטש איז זי. און אַלט איז זי אויך נישט און דאָס קינד איז גוט דערצויגן.

אַמאָל טראַכט זי, אַז ער וועט נאָך צוריקקומען. זי חלומט

װעגן דעם. זי טענהט זיך אױס מיט אים, זי דערמאָנט אים אַלע זינד זײַנע, זי דערצײלט אים װעגן זײער ליכטיק קינד, װעגן אירע חכמות. ער שװערט זיך, אַז ער איז געװאָרן אַן אַנדערער און אַז ער װעט זײַן לעבן אָפּגעבן פאַר איר מיטן קינד. זײ הײבן אָן בױען פון דאָס נײ. זײ אַרבעטן בײדע. דאָס קינד לעבט אױף. מע קלײבט יעדע פּעני פאַר איר . . .

— מאַמע, מעג איך אַרױסגײן זיך שפּילן מיט בענין?

— נײן, קינד, דער טאָג איז ניט קײן שײנער, װעסט זיך נאָך צוקילן.

— מאַמע, איך האָב ניט װאָס צו טאָן אין הױז. לאָז מיך שפּילן פּינג־פּאָנג. איצט זײַנען קײן געסט ניטאָ.

— איך האָב דיר שױן טױזנט מאָל געזאָגט, אַז זאָלסט ניט אַרײַנגײן אַהין. קום מיט מיר, װעלן מיר אױפראַמען די צימערן, װעסטו מיר העלפן אָנטאָן ציכלעך אױף די קישנס.

אױפן גאַניק זיצט אַן עלטערער איד און גענעצט אױפן קול. „ס׳ציגײנערל" גײט נאָך דער מאַמען אױף די טרעפּ און זינגט. די מאַמע װאָרנט איר: „ששש". די צימערן זײַנען לײדיק. דזשעני עפנט די פענסטער, „ס׳ציגײנערל" גײט איר נאָך װי אַ קעצל.

פון װײַטן הערט זיך דאָס האַפּערדיקע פײַפן פון דער אָנקומענדיקער באַן. דאָס שטעטל שפּיצט אָן די אױערן און הערט. אפשר װעלן געסט אָנקומען.

# דריי טירן

1

איך האָב דאַן געוואוינט אין אַ צימערל, וואָס איז, ווייזט אויס, באַשאַפן געוואָרן בלויז פאַר אַזעלכע, ווי איך.

די איינזאַמקייט האָט אַראָפּגעקוקט פון דעם אָפּגעלאַקירטן בלוי אַף די נאַקעטע ווענט; די טונקל-געלקייט פון סופיט האָט ווי געפרעסט די לופט און דעם אָטעם.

אַ טיר, אַ פענסטער אין שמוציקן הויף אַרויס, אַ שמאָל אײַזערן בעטל, אַ האַרט ביינקל, אַ טישל, גרויס גענוג אָנצושפּאַרן דעם עלנבויגן, — דאָס איז געווען מיין צימער.

אַזוי ווי מיין לעבן. אַ גאַנצע וואָך געהאָרעוועט אין פאַבריק, ניט געהאַט צו וועמען קיין וואָרט אויסצורעדן; געצוואונגען געווען זיך צוהערן צום רעווען פון די אומרחמנותדיקע מאַשינען-רעדער. טייל מאָל האָט זיך מיר פאַרוואָלט זיי איבערשרייען און כ'פלעג זיך צעלאָזן אין אַ ווילדן רעווען, פּרובירן נאָכמאַכן זייער "פּרו-ו-ו! פּרו-ו!" און זיך גלייך מוזן אונטערגעבן אַ באַזיגטער.

מיין קרייז באַקאַנטע און פרײַנט, מיינע פאַרגעניגנס און אינטערעסן זיינען געווען, ווי מיין צימער — דאָ אַן אַרבעטסלאָזער פרײַנט, דאָרט אַ דערשלאָגענער באַקאַנטער, אַן אָרים מאָלצייט אין אַ ביליגן רעסטאָראַן, דאגות פאַרן מאָרגן, אָפּגעטראָגענע מלבושים.

אין קורצן — זכרונות פון געציילטע גוטע טעג און — עך! — חלומות פון אַ בעסערן מאָרגן. דער היינט אָבער איז געווען ווי מיין צימער: אָפּשטויסנד, ענג, אַ טיר, אַ בעט, שמוציקע ווענט. זיצן און פאַרברענגען אין צימער איז פאַר מיר געווען אוממעגלעך. פאַרוואָס — האָב איך אַליין ניט געוואוסט. נאָר געקומען אין אָוונט אין צימער אַריין, פּרובירט אַרומשפּרייזן (ס'איז ניט געווען וואו), אַרויסקוקן פון פענסטער (ווענט און מיסט) זיך אוועקזעצן אַפן האַרטן, אומפריינטלעכן בענקל און — תמיד געקומען צום

זעלבן באשלום: אויסטאָן און לייגן זיך אין בעט אריין. דאָס נאָענטסטע און געטרייסטע צו מיר איז דאָן געווען — דאָס בעט.

אין מיין פרייען טאָג, זונטיק, פלעג איך ניט זיין אין צימער. עפּעס האָט מיך ארויסגעטריבן אין גאַס אריין, א פארוואָגלטן — איבער גאַסן, סקווערן, און צו פארזאַמלונגען.

געוואוינט האָב איך אפן לעצטן שטאָק אין א דריי־שטאָקיג פאַמיליען־הויז. די באַלעבאָסטע מיינע איז געווען אַן אַלטע, בייזע אידענע, וועלכער כ'פלעג קיינמאָל ניט קענען אריינקוקן אין פּנים אריין, אויסצוגעפינען ווי זי קוקט אויס.

מיין צימער איז געווען אינגאַנצן אָפּגעטיילט פון איר וואוינונג. אויסער דער קיך, וואו כ'פלעג אריינקומען איינמאָל אין חודש צו באַצאָלן דירה־געלט, האָב איך איר וואוינונג ניט געזען.

די אַלטע פלעגט צונעמען דאָס געלט, א וואָרטשע טאָן: „אָל־רייט", אוועקדרייען דעם קאָפּ און מיט איר פיינלעך שווייגן און דרייען זיך איבער דער קיך געגעבן צו פילן, אַז כ'בין דאָרט אַן איבעריקער.

דערפאַר טאָקע, ווען כ'פלעג א טראַכט טאָן פון מיין באַלע־באָסטע, פלעגט מיך ארומנעמען א ווידערגעפיל. כ'פלעג טרוימען פון דער גוטער רגע, ווען כ'וועל זיך קענען איבערקלייבן אין א לייטישער דירה.

## 2

פיר טירן האָט דער לעצטער שטאָק געהאַט. די ערשטע טיר האָט געפירט צו דער באַלעבאָסטעס וואוינונג.

די באַלעבאָסטע האָט געהאַט א מאַן. כ'פלעג אים אמאָל אין א זונטיק טרעפן אַף די טרעפּ — א בייזער, א וואָרטשעגדיקער, אַזוי ווי זיין ווייב. אויך זיין פּנים האָב איך קיינמאָל ניט געקענט באַ־טראַכטן.

כ'האָב פאַרשטאַנען, אַז זיי האָבן געהאַט אויסגעגעבענע קינדער, וואָס פלעגן קומען צו זיי מיט זייערע קינדער בלויז אין א זונטיק. א גאַנצע וואָך, ווען כ'פלעג זיין אין צימער אין אָוונט, פלעג איך

קיינמאָל ניט הערן קיין טריט, וואָס האָבן געפירט צו דער ערשטער טיר. אויך פלעגן זיך קיינמאָל פון קיך קיין קולות ניט הערן.

בלויז ווען כ'פלעג אהיימקומען זונטיק אָוונט פלעגט זיך דער־טראָגן צו מיין צימערל אַ רעש פון קיך און נאָכדעם טריט, טריט אַראָפ טרעפ.

די צווייטע טיר אין קאָרידאָר איז געווען פון שמאָלן, גרויען וואַשצימער. (ווי שטאַרק האָב איך געבענקט נאָך אַ ווייס, ליכטיק וואַשצימער!).

די דריטע טיר איז פאַר מיר, אין אָנהויב, געווען אַ רעטעניש. זיך אַריינטראַכטענדיק אין דעם געבוי פון הויז, האָב איך גלייך פאַרשטאַנען, אַז די טיר פירט אין אַן איינזאַם צימערל אַריין, ווי מיינס; באַשאַפן פאַר אַזאַ עלנטן, ווי איך.

די פערטע טיר איז געווען פון מיין צימער און מיין וואַנט האָט זיך געגרענעצט מיט דער וואַנט פון טיר דריי.

אין אָנהויב, ווען כ'האָב זיך אַריינגעקליבן אַהער, האָט, ווייזט אויס, קיינער ניט געוואוינט אין טיר דריי, ווייל כ'פלעג ניט הערן די טיר זאָל זיך אַמאָל עפענען, אָדער טריט זאָלן פירן צו איר.

איינמאָל באַנאַכט, ליגנדיק אין בעט, האָב איך דורך דער וואַנט דערהערט אַ הוסטן און דערנאָך אַ וואַרפן זיך אַפן בעט.

אַ געמישט געפיל האָט מיך אַרומגענומען. אפשר וועט די איינ־זאַמקייט מיינע ווערן ווינציקער גרויזאַם; אפשר וועל איך זיך באַ־קענען און באַפריינדן מיט נאָך אַ מענטשן.

און ווידער האָט מיך געשראָקן דער געדאַנק: אַ פרעמדער מענטש איז אַ שונא, ער וועט אפשר שטערן מיין רו. ווער איז ער, מיין נייער שכן, וועמען כ'וועל באַלד מן־הסתם הערן שנאָרכן?

גלייך איז פאָרגעקומען אַן ענדערונג אין מיר. אַ מאָדנע זאַך. ביז כ'האָב דערפילט זיין דאָ־זיין, פלעג איך קיינמאָל ניט פאַרשליסן די טיר באַנאַכט. איצט פלעג איך ניט פאַרגעסן פאַרן שלאָפן זי צו פאַרריגלען.

אַ גאַנצן טאָג פלעגט די טיר שטיין אָפן, זאָל מען קומען, זאָל מען נעמען. נאָר באַנאַכט . . . פאַר וועמען האָב איך מורא גע־האַט? פאַרן שכן, וואָס איז מסתמא אויך געווען אַן עלנטער פראָ־

לעטאריער, ווי איך, וואס דער צימער איז פאר אים געווען בלויז א פלאץ צום איבערנעכטיקן, אויסצורוען די מידעביינער?

צוליב אים האב איך זיך דאס פארשלאסן? איך האב זיך אליין פארשעמט פאר מיין האנדלונג און דאך — ווען כ׳פלעג שוין ליגן אין בעט און מיר פלעגט זיך אויסדוכטן, אז די טיר איז ניט פארשלאסן, פלעג איך אויפשטיין און פרובירן די קלאמקע...

3

איך פלעג אויפשטיין גאנץ פרי צו דער ארבעט, נאר מיין שכן פלעגט זיך פעדערן פאר מיר. זיין אויפשטיין פלעגט מיך אויפוועקן. ביז איך פלעג באוויזן זיך אנצוטאן, פלעגט ער שוין זיין פארטיק מיטן וואשצימער.

אין אוונט פלעג איך זיין פריער פון אים אינדערהיים. זיצנדיק אין צימער פלעג איך דערהערן זיינע טריט אף די טרעפ — איינגע־האלטענע, הכנעהדיקע טריט, וואס האבן זיך אויסגעהיט נישט צו שטערן קיינעם, נישט ארויסצורופן קיין אומצופרידנקייט. אזוי אויך פלעגט ער עפענען זיין טיר און ארייננשלייכן צו זיך אין צימער.

עס פלעגט ניט דויערן לאנג און איך פלעג שוין הערן דאס סקריפן פון זיין בעט און נאכדעם א רעוועדיק שנארכן.

בלויז שבת־צו־נאכט פלעגט ער קומען זייער שפעט. ניט געקוקט אף זיין שטילן גאנג, פלעג איך זיך אבער אויפכאפן פון שלאף און דערשפירן זיינע טריט און וואכן מיט אויפגעשפיצטע אויערן, ביז ער פלעגט ארייננגיין צו זיך און כ׳פלעג ערשט פרואוון צוריק אנטשלאפן ווערן, ווען ער פלעגט שוין ליגן אין בעט.

איינמאל אהיימקומענדיק שבת באנאכט, האב איך צו מיין פארוואונדערונג דערהערט א קול פון צווייטן צימער. מיין שכן האט, ווייזט אויס, גערעדט צו אימיצן. איך האב זיך ניט געקענט פאר־שטעלן אזא זאך. איך האב זיך שטארק איינגעהערט.

ער האט גערעדט פויליש. א קול א מאנאטאנס, א זעגעדיקס. ווי קומט עס צו אים צו רעדן הויך? און צו וועמען רעדט ער דאס?

ניט געקענט באַגרייפן, דאַכט זיך, — נאָר זיך צוגעהערט, גע־כאַפּט בלויז אָפּגעריסענע ווערטער.

יאָ, מיט אים אין צימער איז געווען אַ פרוי, אַן איידל קול. ער האָט גערעדט אַ סך און זי האָט פאַר דער גאַנצער צייט גע־ענטפערט בלויז מיט אַ פּאָר איינציקע ווערטער.

זיין קול איז מיר געוואָרן דערווידער. וואָס רעדט ער צו איר אַזוי לאַנג, פאַרוואָס בייט ער ניט דעם טאָן און פאַרוואָס רעדט זי ניט מער?

ער, ווייזט אויס, שיכורט זיך אָן. טראַקטירט איר אויך. קלאַנג פון פלאַש און גלעזלעך. כ׳פיל, דוכט זיך, דעם ריח פון שלעכטן בראָנפן און כ׳זע, דוכט זיך, ווי מיין שכן ווישט זיך די וואָנסעס אָפּ, אין הנאָה.

זיין קול ווערט בעטנדיק, לעקעשדיק, נאַריש. זי שווייגט. און איר שווייגן זאָגט, דוכט זיך, אַזוי פיל. עס ווערט איינגאַנצן שטיל.

מיר פאַרדריסט פּלוצים די שטילקייט. כ׳גיב, צו־להכעיס, אַ שטאַרקן רוק מיט מיין בענקל, כ׳מאַך זיך הוסטנדיק. ס׳ווילט זיך מיר זיין טראַציק, כ׳האַלט זיך צוריק פון פייפן, זינגען, אויסשרייען...

אומזיסט האָט איך סימפּאַטיזירט מיט מיין שכן: געדענקט אַז ער איז אַזוי איינזאַם, ווי איך, און אפשר נאָך איינזאַמער. ער טרייסט זיך גאָר מיטן טרונק און פאַרשפּילט זיך מיט פרוי.

---

אין אַ קורצער צייט אַרום האָב איך אין אַ שפּעטן אָוונט גע־בראַכט אַ פרוי צו זיך אין צימער. כ׳האָב טאַקע אין זינען געהאַט, בשעת מעשה, זיך אויסצופּיינען פאַר מיין שכן אויך.

ווען מיר זיינען ביידע אַריין צו זיך אין צימער, האָב איך גלייך דערהערט דאָס כראָפּן פון איבער דער וואַנט.

האָט עס מיך פאַרדראָסן. האָב איך בכיון גערעדט הויך און זי האָט געלאַכט אויפן קול. ענדליך האָב איך דערהערט דאָס סקריפּן פון זיין בעט. מיין שכן האָט זיך אויפגעכאַפּט. האָט עס מיר הנאָה געטאָן. מיר האָט זיך פאַרגעשטעלט, אַז ער הערט זיך איין, אַז ער ליגט פון יענער זייט וואַנט, מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם.

אין עטלעכע טעג אַרום האָב איך דערפילט אַ מין חרטה צום שכן. ביידע זיינען מיר געווען איינזאַם אין אונזערע קאַמערן. אין דרויסן האָט געכליאַפּעט אַ האַרבסט־רעגן. ווי גוט וואָלט איצט געווען, ווען אימיצער וואָלט געווען מיט מיר אָדער מיט אים אין צימער.

אליין מיט די העסלעכע ווענט, מיטן קאַלטן בעט. פאַרוואָס באַקענען מיר זיך ניט איינער מיטן אַנדערן? אַט אָנקלאַפּן אין זיין טיר און זאָגן . . .

נאָר עפּעס פאַלט אָן אַ פּחד פון געדאַנק, אַז ער וועט אָנקלאַפּן אין מיין טיר . . . געפין איך נאָר אויס, אַז ער איז אין זיין צימער, פאַרשליס איך זיך דאָך באַ מיר אין צימער.

4

כ׳בין געווען קראַנק. געלעגן אין קאַלטן צימער. ניט געווען ווער ס׳זאָל מיר העלפן. אליין געדאַרפט אויפשטיין און אַראָפּגיין קויפן שפייז. כ׳האָב געוואוסט, אַז אינדערפרי קומט די באַלעבאָסטע אויפראַמען. זי האָט געוואוסט, אַז כ׳בין קראַנק.

„אַז מע איז קראַנק, גייט מען אין שפּיטאָל", האָט זי אַ וואָרטשע געטאָן — און איז אַרויס.

באַנאַכט האָב איך דערפילט קראַמפּן. די ווייטאָגן זיינען גע־שטיגן. כ׳האָב געברומט און געקרעכצט אַלץ העכער און העכער. מיין שכן האָט אויפגעהערט שנאָרכן, זיך אויפגעכאַפּט. זיין בעט האָט געסקריפּעט.

מיר איז געווען שלעכט. ווען איך האָב פאַר אימיצן אַרויס־צוזאָגן די ווערטער: „עס טוט מיר ווי אַרום און אַרום", און ווען אימיצער ענטפערט מיר מיט אַ טרייסט־וואָרט — וואָלט מיר מסתמא גלייך בעסער געוואָרן . . .

מיין שכן שווייגט. אַט דערהער איך זיינע טריט. פאַרוואָס האָב איך מיין טיר פאַרשלאָסן?

ער וועט דאָך מסתמא אַריינקומען זען, וואָס מיר איז. איך הער זיך איין. ניין, ער איז אַריין אין וואַש־צימער. צוריקגעקומען. ער ליגט שוין אין בעט. ער שנאָרכט.

איך האָב זיך געקאָרטשעט פֿון פּיין. געמיינט, אַז איך עס זיך.
בין אַנשלאָפֿן געוואָרן אַ פֿאַרחלשטער.
אַזעלכע ווי איך שטאַרבן נישט אַזוי גיך.

5

מיין שכן האָט אָנגעהויבן ברענגען געסט צו זיך באַנאַכט. מענער און פֿרויען. מע שיכורט. מע לאָזט מיך ניט שלאָפֿן. כ'געגעץ צופֿיל בײַ דער אַרבעט. דער פֿאָרמאַן קוקט אויף מיר קרום. כ'בין אין כעס. נאָר וואָס קאָן איך טאָן?

איינמאָל באַנאַכט וועקט עס מיך פֿון שלאָף. מע גייט אַף די טרעפּ. אַ וואַקלדיק גיין. זאָל עס זיין מיין שכן? מע טאַפּט די ווענט אין קאָרידאָר. מע טאַפּט מיין טיר. מע רירט אָן די קליאַמקע. מע רייסט זי.

איך זעץ זיך אַף אָן אויפֿגערעגטער און שריי אויס: „ווער איז?" אַ כאָרכלדיקער ברום. אַ פֿאַל פֿון אַ קאָפּ אָן דער טיר. טראַך! אימיצער פֿאַלט אַף דער טיר און ציט זיך אויס אָפֿן דיל.

איך באַשליס: מיין שכן איז טויט־שיכור. טרעפֿט ניט זיין אייגענע טיר. מ'דאַרף צוריק אַנטשלאָפֿן ווערן. איך נורע זיך איין, אַ באַרואיקטער.

באַם אויפֿשטיין דערמאָן איך זיך אָן דער פֿאַסירונג. עפֿן אויף די טיר. ניין, ער איז ניטאָ.

איך באַשליס צו געפֿינען אָן אַנדער קוואַרטיר. ס'איז שווער. כ'וועל שוין מוזן איבערוואַרטן דעם ווינטער. ניין, ס'האָט זיך אויסגעלאָזט אַנדערש.

איינמאָל קום איך אין אָוונט אַהיים, ווי תמיד. כ'לייען איבער אַ בלאַט. כ'בין מיד. כ'מאַך ס'געלעגער און טו אויס די שיך.

פּלוצים פֿאַרנעמט מיין אויער קולות פֿון מיין באַלעבאָסטעס וואוינונג. כ'הער זיך איין. ס'איז פֿאַרדעכטיק.

כ'האָב נאָך קיין צייט ניט אַ טראַכט טאָן, וואָס דאָרט האָט פּאַסירט און עס עפֿנט זיך די ערשטע טיר. אימיצער לויפֿט אַראָפּ די שטיגן. נאָך טריט אין קאָרידאָר. גלייך צו מיין טיר. אַ האַס־טיקער קלאַפּ אָן איר.

— ווער איז? — פרעג איך א דערשראָקענער. מע שווייגט.
— ווער איז? — פרעג איך שטאַרקער און גיי צו צו דער טיר.
אַן איינגעהאַלטן, שטיל מענערש קול, אין א צעקאַליעטשעטן ענגליש:

— מיסטער . . . פליז עפן . . . ס'איז דער באָרדער . . . פון דער צווייטער טיר".

כ'עפן. אַן אויסגעבלייכט ארבעטער פּנים. צעשראָקענע, וואַסערדיקע אויגן. ליפּן ציטערן. א מיטליעריקער בלאָנדער פּאַליאַק.

ער מאַכט צו מיר מיט די הענט: „מיסטער, פּליז, קום אריין... מיסעס דאַרט זייער קראַנק".

איך גיי אים נאָך אין קיך אריין. פון דאָרט אין א שלאָף־צימער.

אין א ברייט בעט ליגט די באַלעבאָסטע. די לעבנלאָזע אויגן שטאַרן צו אונז. דאָס פּנים קאַלירלאָז, פאַרשווארצט. די ווייסע קאַלדרע אָטעמט קוים איבער איר.

ס'איז קאָנטיק, זי וויל עפּעס זאָגן, נאָר זי קען ניט. די ליפּן פאַרשרפט, צעשפּאָלטן, פאַרטריקנט.

— וואו איז איר מאַן? — פרעגט איך דעם שכן.
— געגאַנגען נאָך א דאָקטאָר.
— וואָס האָט פּאַסירט? — פרעג איך.

ער איז צעשראָקן און מוטשעט זיך צו געפינען די פּאַסיקע ווערטער אין ענגליש: „איך נאָר וואָס געקומען, וויל גיין שלאָפן. מיסטער קלאַפּט אין טיר, זאָגט צו מיר: „מיין וויב זייער קראַנק, גיי ברענג דאָקטאָר". איך ווייס ניט קיין דאָקטאָר. איך זאָג „אָל־רייט", וויל זיך אָנטאָן. מיסטער לויפט אַליין נאָך דאָקטאָר. וואָס קען איך טאָן?"

ער קוועטשט מיט די פּלייצעס. מיר שטייען ביידע הילפלאָזע, קוקן אָף דער אויסגייענדער פרוי. איך טראַכט וואָס צו טאָן.

נאָר ס'דערהערן זיך טריט. דער אַלטער לויפט אריין מיט צעשפּרייטע, ציטערדיקע הענט. דער דאָקטאָר נאָך אים. א נידעריקער, א קיילעכדיקער, א גלייכגילטיק פּנים.

א מוראַדיק שווייגן. דער דאָקטאָר טאַפּט דעם דופק. איך קוק

אפן אַלטן. די ליפּן ציטערן בא אים. די אויגן ווילן ארויס. איך קוק אפן שכן. אויך בא אים ציטערן די ליפּן. איך זע טרערן אין זיינע אויגן.

דער דאָקטאָר ווענדט זיך צו אונז. זיינע קורצע, פולע הענט טראָגן פּאַראַוים דעם פּסק. די גראָבע ליפּן לאָזן די ווערטער פון מויל קוים ארויס.

— זייט איר אייגענע?

און איידער מיר ענטפערן נאָך:

— די פרוי שטאַרבט. מ'קען גאָרניט טאָן מער.

דער אַלטער לויפט אין קיך אריין און צעוויינט זיך און שרייט צו אונז:

— גוואַלד, וואו זיינען מיינע קינדער?

ער גיט מיר א טעלעפאָן נומער. איך לויף אראָפּ אָנקלינגען זיין זון. מיין שכן לויפט מיר נאָך. ער ווישט זיך די אויגן מיט די ארבל.

— מיסטער, — זאָגט ער צו מיר, — טויט ניט גוט... מיסטער, איך און דו דארפן זוכן א נייע קוואַרטיר . . . שווער צו קריגן א צימער, מיסטער.

אָפּגערופן דעם זון. ער קומט גלייך אריבער.

איך מיט מיין שכן קערן זיך אום אין הויז אריין ביידע מיט איין געדאַנק: היינט באַנאַכט זיך פּאַקן און מאַרגן פרי זיך ארויס־קלייבן פון דאַנען . . .

# די פריילעכע קאָמפּאַניע

דער הארבסטיקער רעגן האָט אויסגעצוואָגן דעם לויפנדיקן באָס, וואָס האָט זיך געסקירעוועט דורך די שמאָלע באַרג־וועגן און אַנטרונען פון זיג־זאַגן אַפן ברייטן געפלאַסטערטן שליאַך. דער אַנטרייבער האָט זיך דערפילט זיכערער און זיינע ברייטע פּלייצעס האָבן זיך אויסגעגליכן און דער בלאָנדער געקרויזטער קאָפּ איז מער ניט געווען שטייף און אָנגעשטרענגט. עס איז געווען אָנהייב אָוונט, אין באָס איז געוואָרן פינסטער. די קליינע צאָל פּאַסאַזשירן האָט געדרעמלט. קיינער האָט זיך ניט געקאָנט. איז מען געזעסן אָנגעלענט דעם קאָפּ אָן דער שויב, אָדער אויסגעצויגן זיך איבערן זיצפּלאַץ און פאַרריסן דעם קאָפּ מיט אָן אויסגעשטרעקטן גאָרגל. בלויז צוויי עלטערע אַמעריקאַנערינס (לויטן אויסזען און האַלטונג) האָבן גערעדט שטילערהייט צווישן זיך. זייערע האָר זיינען געווען איינגעפּאַסט אין האָרנעצן און זיי האָבן געטראָגן פוטער־מאַנטלען, כאָטש ס'איז ערשט געווען אינמיטן אָקטאָבער.

געפאָרן איז דער עולם אהיים, קיין ניו יאָרק, פון אַ פאַרשפּעטיקטער וואַקאַציע אין די בערג. אַף דעם האָבן עדות געזאָגט די שמאָלע רענצלעך און רייזע־זעקלעך. די מענער־פּאַסאַזשירן: אַ פּאָר אויסגעמאָגערטע בחורים וואָס האָבן געדענקט צוצונעמען עטלעכע פונט און אַ צוויי פאַרמערס, וואָס זיינען געפאָרן אַף סוף־וואָך קיין ניו יאָרק צו פאַרטרייבן דעם אומעט פון שטילן הויז.

אַרום יעדע פופצן־צוואַנציק מינוט האָט זיך דער באָס אָפּגעשטעלט אַרויפצונעמען נייע פּאַסאַזשירן. אַז עס פלעגט מיטאַמאָל ווערן ליכטיק אין באָס, איז דאָס געווען אַ סימן, אַז ער דערנענטערט זיך צו אַ סטאַנציע. דאַן האָט זיך דער עולם אויסגעריבן די אויגן און אויס לאַנגווייל זיך גענעבן אַ זעץ אויף, ווי ער וואָלט געווען גרייט אויפצונעמען די נייע מיטפאָרער.

דער רעגן האָט ניט אויפגעהערט. ווען דער באָס האָט זיך אָפּגעשטעלט, האָט זיך אויסגעוויזן, אַז עס גיסט צעבערוויז. כאָטש ס'איז געווען וואַרים אין באָס, האָט אַלעמען אַרומגענומען אַ ציטער. דאָס

קול פון אנטרייבער, וואס האט אנאנסירט די נעמען פון דער סטאנציע, איז אויך געווען ווי פאררעגנט.

ביי איין סטאנציע, וואס האט זיך געפונען צופוסנס פון דער לעצטער בארג־קיים, איז דער עולם אין באס איבעראשט געווארן צו הערן א טומלדיק געלעכטער אין דרויסן. דאס געלעכטער איז געווען קוויטשענדיק און דין. אין באס זיינען ארייננעלאפן, אייניציק־ווייז, א צאל פרויען, וואס האבן אויסער זייערע שירעמס און האנט־טאשן, גארנים ניט געהאט מיט זיך.

די ערשטע איז ארייין א מיטליעריקע, ברייטע פרוי פון סלאווישן אויסזען. איר פנים איז געווען רויט, פול, מיט א שמייכל, נאר געהאט אפשיי פארן פרעמדן עולם. נאך איר איז ארייגעלאפן מיט א הילכיק געלעכטער א הויכע שווארצהאריקע פרוי פון א יאר אכט און צוואנציק. אירע ברוינע אויגן האבן מיט איין האסטיקן בליק גע־פונען געגוג פלאץ פאר דער גרופע און זי האט אויסגעשריען צו איר דרויסנדיקער קאמפאניע: „חברה, ס'איז דא פלאץ פאר אלעמען צוזאמען! איילט זיך אונטער!"

און באמת. די לעצטע רייען פלעצער אין באס זיינען געווען אינגאנצן לער. די ערשטע פרוי וואס איז נאר־וואס געהאט ארייג־געקומען איז פון דער הויכער יונגער פרוי איינגעלאדן געווארן איבער־צובייטן איר פלאץ, וועלכן זי האט פארנומען לעבן א מאן, אין דער לעצטער ריי.

דער באס איז געווארן פול מיט געלעכטער און רייד פון דער נייער גרופע. צוזאמען זיינען זיי געווען זעקס פרויען. יעדע האט גערעדט אפן קול. מע האט געלאכט, געקוויטשעט און בכלל ארויס־געוויזן האפערדיקייט. איבער אלע קולות אבער האט זיך געטראגן דאס הילכיק קול פון דער שווארצהאריקער פרוי. זי איז געווען הפקרדיק פארשייט און זעענדיק ווי די אנדערע פילן זיך אביסל אומ־היימלעך פון דעם טומל, וואס זיי האבן ארייננעבראכט, האט זי אויס־געשריען: „איז וואס, אז מיר האבן געהאט א טרונק, טארן מיר ניט א לעב טאן? צום טייוול מיטן רעגן, לאמיר א זינג טאן א פאר לידער:

„העי, שיינקייט, זעץ זיך אוועק לעבן מיר, וועלן מיר איבערקערן דעם באָס".

דער באָס האָט זיך געגעבן א יאָג אין וועג אריין און דאָס ליכט אינעווייניק האָט זיך אָטאָמאַטיש אויסגעלאָשן. דער מענער־עולם וואָס איז פון ווייבערישן טומל געוואָרן וואָך און אָנגעשפּיצט און געדרייט די קעפּ אין דער ריכטונג פון דער לעצטער ריי, איז מיטאַמאָל אנטוישט געוואָרן, א דאַנק דער פינסטערניש. זי, די פינסטערניש, האָט אָבער שטאַרק נושא חן געווען אין דער לעצטער ריי און דאָרט האָבן זיך דערהערט פריילעכע קולות . . . „איצט וועלן מיר קאָנען טאָן וואָס מיר ווילן. איז לאָמיר זינגען!" די הויכע האָט אָנגעהויבן אף די הויכע טענער: „עי טיסקעט, עי טעסקעט, עי גרין ענד יעלאָו בעסקעט!"

און אירע קאָמפּאַניאָנקעס האָבן ארויסגעהאָלפן. גלייך נאָכדעם האָט א צווייטע פון דער גרופּע, אין א ברוסטיקן אלט, א זינג געטאָן: „ביי מיר ביסטו שעין, אָ לעט מי עקספּלעין".

און די הויכע האָט ווידער זיך א נעם געטאָן: „סטאָפּ לידינג מי עראַונד טהי מאַלבערי בוש, מאַלבערי בוש".

מיטן אויסגאַס פון די צוויי הויפּט־זינגערקעס האָבן די איבעריקע די מערסטע ווערטער ניט געקאָנט און זיי האָבן ניט־האַרמאָניש נאָכגעברומט. דאָס געזאַנג האָט געגרילצט. די הויכע האָט געפּרואווט זינגען מיט געפיל, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אין א מין געקרעכץ; די צווייטע, ווידער, וואָס האָט געהאַט א גוט אויער, האָט געליטן פון מידקייט אין קול און זי איז גאָרניט געווען קיין פּאָר צו דער געמאַכטער איבערפריילעכקייט פון דער ערשטער.

פאַרטיק געוואָרן מיט די פּאָפּולערסטע גאַסן־לידלעך, האָט די ערשטע אויסגעשריען: „איצט וועל איך אייך זינגען א לידל וועגן „בוטשער באָי", נאָר אביסל אנדערש ווי איר קאָנט עס. רוקט זיך צו נענטער, וועט איר הערן". זי האָט אָנגעהויבן שטיל און אירע צוהערער האָבן אָנגעהויבן קוויטשען פון גרויס שאָקירטקייט און הנאה. אין באָס האָט זיך געפילט אַן אָנגעצויגענע שטימונג פון זייערע גוואַלדן. די צוויי עלטערע פרויען האָבן טרויעריק געשאָקלט

מיט די שיין־פּאַרקעמטע קעפּ. די מענער האָבן געהאַלטן אין איין אויסדרייען די קעפּ, נאָר גאָרניט ניט געקאָנט זען, און פון די אויס־געשרייען און באַמערקונגען האָבן זיי פאַרשטאַנען, אַז עס איז אַ פּעפּערדיק לידל און אַז די זינגערין מוז זיין פון „יענע" מיידלעך. נאָר די לעצטע ריי האָט זיך ווינציק־וואָס געזאָרגט וואָס דער גאַנצער באַס טראַכט וועגן איר.

— ווער פון אייך קאָן דערציילן אַ געזאַלצענע מעשה, אָדער אַ שמוציקן וויץ?" — האָט אויסגעשריען די הויכע.

„איך וועל אייך זינגען אַן איטאַליעניש לידל וועגן אַ פראַנצוויז און זיין פידל", האָט די פרוי מיטן מידן אַלטאָ געלאָזט וויסן. די ריי האָט אַפּלאָדירט און די הויכע האָט איר אַ פרעג געטאָן: „ביסטו, הייסט עס, אַן איטאַליענערין? נו, וואָס איז דער חילוק, אַ איד צי אַ „וואָפּ". איך קום פון עסעקס סטריט. וואו וואוינסטו — אַף מאָלבערי גאַס? אין האַרלעם? . . . איז פאַראַן אימיצער פון אייך וואָס פאָרט אין מיין ריכטונג?"

יעדע איינע האָט דערציילט וואו זי וואוינט. עטלעכע פעלקער אין פאַרשיידענע שטאָט־טיילן. צוויי איטאַליענערקעס, איין אירלענ־דערן, איין פּוילישע, אַ דייטשקע און אַ אידישע.

די איטאַליענערקע האָט פריער געגעבן צו דערקלערן דעם טייטש פון די ווערטער. ווידער האָבן זיך דערהערט קוויטשערייען און ספּאַזמאַטישע געלעכטערס. „אָ, איך וועל פּלאַצן... אָ, שעם זיך!"... „פאַרוואָס זאָל זי זיך שעמען? אַלע טוען דאָסזעלבע".

די באַמערקונג האָט ווידער אַרויסגערופן ווילדע געלעכטערס און די איטאַליענערין האָט ניט געקאָנט ווייטער דערציילן. ענדלעך האָט זי אָנגעהויבן זינגען. דאָס מידע קול האָט אויפגעהייטערט. זי האָט מיטאַמאָל באַקומען ניי לעבן אין זיך און זי האָט זיך פאַרמאָסטן אין טומלדיקייט מיט דער הויכער שוואַרצהאָריקער אידישער פרוי. ס'איז מיטאַמאָל געוואָרן ליכטיק אין באַס. די פריילעכקייט האָט זיך פּלוצים אָפּגעהאַקט. נאָר באַלד האָט זיך די איטאַליענערין אָנגענומען מיט מוט און אויסגערופן: „איז וואָס האָט איר זיך דערשראָקן פאַר דער ליכט? איר פאָרט אַלע אַהיים צו די מענער היינט".

די מענער אין באַס האָבן זיך אויסגעדרייט מיט די קעפּ צו דער לעצטער ריי. נאָר די פרויען דאָרט זיינען געווען פאַרטאָן מיט זיך, אָדער געמאַכט אַזאַ אָנשטעל, און זייערע אויגן ניט געווענדט צום זייטיקן עולם. קיינער איז ניט אַרויפגעשטיגן. דער באַס האָט זיך גלייך געלאָזט ווייטער אין וועג. פינסטער. די אידישע פרוי האָט ווידער געפּרואווט אָרגאַניזירן דאָס געזאַנג. זי האָט אָנגעהויבן: „העיל, העיל, די גענג איז אַל היר!" די איטאַליענערן האָט איר אײַנאָנהויב אַרויסגעהאָלפן, נאָר ס'קול האָט איר מער ניט געדינט און זי האָט אויסגעשריען: „מיינע פיס זיינען שטיקער אייז. איך וועל זיך אָוועקזעצן לעבן „סטים" און זיי אָנוואַרעמען". דאָס געזאַנג האָט אויפגעהערט. די דייטשקע האָט עפּעס דערציילט אינדערשטיל און די איבעריקע האָבן אויסגערופן אומצופרידן: „מיר ווילן אויך הערן. רעדט העכער". אַף דעם האָט די אידישע געענטפערט: „אויב איר ווילט הערן, רוקט זיך צו נענטער אַהער". די איטאַליענערן איז אָוועק צו אַ פּלאַץ, פונוואַנען עס האָט זיך געטראָגן אַ שטאַרקע היץ און וואו קיינער האָט ניט געוואָלט זיצן. די איבעריקע פינף פרויען האָבן זיך איצט צונויפגעקאָרטשעט און מע האָט אָנגעהויבן פירן אַ געמיטלעכן שמועס.

דאָס קול פון דער יונגער אידישער פרוי האָט זיך געהערט איבער אַלע קולות. עס איז אָבער געווען אַ געביטן קול. "איר מיינט, אַז איך שריי און טומל, און מאַך זיך משוגע, בין איך שטענדיק אַזוי? דער עולם אַרום קאָן דענקען, אַז מיר זיינען אַ באַנדע ליידיקגייער, וואָס קומען פון די בערג־רעזאָרטס און מיר האָבן זיך אָנגעשיכורט פון וואוילטאָג" . . .

דאָ האָט זיך אַריינגעמישט די אירלענדערן, אַ פרוי פון אַ יאָר דרייסיק, מיט אַ לאַנג דאַר פּנים. „איך זאָג אייך, אַז ס'איז געווען גוט וואָס מיר האָבן זיך אַביסל פריילעך געמאַכט נאָך אַזאַ טאָג".

„גערעכט, גערעכט!" האָבן אַלע אין כאָר צוגעשטימט.

„איך וואָלט שוין וועלן זיין אינדערהיים און ליגן אין בעט", האָט זיך אָנגערופן פון דער זייט די איטאַליענערן.

„כ'מאַך אַ וועט, אַז דיין מאַן וועט אַף דיר וואַרטן ביי דער

סטאַנציע", האָט הוין׳ אַ זאָג געטאָן צו איר די אידישע און גלייך צוגעגעבן: „אויב מיין מאַן וועט שכל האָבן צו וואַרטן אויף מיר מיט זיין טראַק, וועל איך אים דערפאַר געבן אַ קוש".

דאָ האָט זיך אַריינגעמישט אַן עלטערע פרוי, וואָס האָט געשוויגן די גאַנצע צייט, נאָר אירע גרויסע אויגן האָבן אויפגעלויכטן ביים איטאַליעניש לידל, פון וועלכן זי האָט געכיכיקעט פאַרשטיקטערהייט. דאָס איז געווען די צווייטע איטאַליענערן פון דער גרופע. זי האָט אַ פרעג געטאָן איצט ביי דער אידישער פרוי: „אייער מאַן איז אַ טראַק־אַנטרייבער? מיין עלטערער זון קאָן אָנטרייבן אַ טראַק. ער איז אויסער ארבעט שוין באַלד צוויי יאָר. זייער אַ גוטער בחור, מיין עלטסטער באָי".

— ווען מיין זון איז געווען אינדערהיים, האָט ער געקאָנט טרייבן אַ קאַר און ער איז געווען אַ גוטער מעכאַניק — האָט די דייטשקע געזאָגט מיט אַ קרעכץ.

— און ווי לאַנג איז אייער זון שוין דאָ? — האָט איר אַ פרעג געטאָן די אירלענדערן.

— אָ, אין דעצעמבער ווערט זיבן מאָנאַטן. ער וועט נאָך דאַרפן „זיצן" איבער אַ יאָר, נאָר דער לאָיער זאָגט, אַז אויב ער וועט זיך גוט אויפפירן, וועט מען אים אַרויסלאָזן פריער. הלואי זאָל עס אַזוי געשען.

—ווי אַלט איז אייער זון? — האָט אַ פרעג געטאָן די עלטערע איטאַליענערן.

— אים ווערט ניינצן יאָר נאָוועמבער דעם 10טן.

— און מיין זון איז שוין צוויי און צוואַנציק יאָר אַלט — האָט געזאָגט די עלטערע איטאַליענערן, כאָטש קיינער האָט איר ניט געפרעגט.

עס האָט זיך ווידער געהערט דאָס הויכע קול פון דער אידישער פרוי. „עס איז מיר נאָר וואָס איינגעפאַלן, אַז ווען איך וועל אַהיים קומען — איך גלויב אַז איך וועל עס טאָן גלייך מאָרגן, — וועל איך אַריינגיין צום קאַפּיטאַן פון מיין אַסעמבלי דיסטריקט און אים בעטן אַ טובה. אין די לעצטע וואַלן האָט מיין מאַן אים געטאָן אַ

טובה, און געטריבן דעם טראָק פאַר די רעדנער. מען דער קאַפּיטאַן מיר איצט טאָן א טובה. ער וועט עס פאַר מיר זיכער טאָן, ער האָט מיר נאָך קיינמאָל ניט אָפּגעזאָגט. איך וועל אריינגיין צו אים און בעטן, אז ער זאָל זיך אריינמישן פאַר מיין ברודערל. אזוי האָט מיר היינט איינער פון די „גאַרדס" געהייסן טאָן. איר ווייסט, אז צווישן די גאַרדס דאָ זיינען דאָ גאַנץ גוטע מענטשן. אמת, זיי דאַרפן זיין שטרענג, א ניט פאַרלירן זיי זייער דזשאָב, נאָר קיינער פון אונדז קאָן זיך ניט באַקלאָגן, אז זיי האָבן אונדז ניט באַהאַנדלט יושרדיק.

— איך קום אהער יעדן שבת שוין באַלד א יאָר צייט, — האָט זיך אָנגערופן די אירלענדערן — איך האָב זיך אָנגעזען פאַרשיידענע סצענעס דאָ, נאָר וואָס קאָן מען דערוואַרטן אין אזא פּלאַץ? מ'דאַרף זען, הערן און שווייגן".

אַלע זיינען אַנטשוויגן געוואָרן. די יונגע איטאַליענערן האָט זיך אויפגעהויבן פון איר פּלאַץ און געזאָגט: „איך ברען ווי אַן אויוון, מאַכט פּלאַץ פאַר מיר".

— זעץ זיך אוועק לעבן מיר, — האָט געזאָגט די אידישע.

— איך הער ווי מ'רעדט זיך אויס די הערצער, — האָט אָנגע־הויבן די יונגע איטאַליענערן, — גלויבט מיר, איך האָב געלאַכט און געשטיפט, ווען מיר זיינען אריין אין באַס, נאָר ווען איך פאָר אוועק פונדאַנען, יעדן שבת, בין איך א צעבראָכענער שאַרבן. ס'איז מיין איינציקער זון, א אינגל פון זיבעצן — איך האָב חתונה געהאַט צו פופצן — שיין און קלוג און האָט ניט געוואוסט וואָס ער האָט געטאָן. ווער ווייס וואָס וועט פון אים זיין איצט. ווען מ'לאָזט זיי ארויס פון דאַנען, זיינען זיי נאָך ניט פריי. איר פאַרשטייט, ער איז מיין ערשטן מאַנס, פון וועמען איך האָב זיך געשיידט מיט זעקס יאָר צוריק. אונזער לעבן איז געווען א גהינום. שוין איבער א יאָר ווי איך האָב חתונה געהאַט מיט מיין איצטיקן מאַן. ער איז א דימענט. מיר אַרבעטן ביידע שווער. יעדע וואָך שפּאָר איך אָפּ צען טאָלער פאַר מיין אינגל. איך ברייננ אים יעדע וואָך עפּעס. ער קושט מיך און האַלזט מיך" . . .

זי איז אַנטשוויגן געוואָרן. אירע לאַנגע שוואַרצע האָר, פאַר־

קאמט גלאט אף ארויף, האבן דעם מאטן פנים און הויכן פראמינענטן שטערן צוגעגעבן חן. אירע אויגן זיינען געווען טיף און ווארים. דאס פנים איז געווען יונג און רייצנדיק.

די אידישע פרוי האט געשוויגן. זי האט גראד געוואלט ריידן, נאר עס האבן איר ווערטער אויסגעפעלט. ענדלעך האט זי אנגעהויבן. „איך האב אויך א גוטן מאן, א דימענט, נאר איך האב א מיידעלע פון דריי יאר, איז זי געבארן געווארן קראנק און זי האלט אין איין קרענקען. ווי איר זעט, בין איך יונג און כ'וואלט וועלן געניסן פון לעבן. עס ווילט זיך אמאל גיין צו א טאנץ אדער פארברענגען מיטן מאן אין געזעלשאפט, נאר אונזער מיידעלע דערגייט אונז די יארן. מיין מאן איז כמעט שטענדיק פארנומען. ס'איז שווער צו פארדינען אף א לעבן היינטיקע צייטן. און דא איז נאך אונטערגעקומען דער אומגליק מיט מיין ברודער. מיין מאמע איז א וואונדערבארער מענטש. שטעלט זיך פאר ווי זי ליידט איצט. זי איז איינמאל ארויסגעפארן אהער מיט מיר, האט זי געחלשט אין ווארדנס אפיס. מער נעם איך זי ניט מיט.

די דייטשקע האט זיך נאכגעפרעגט: „ווען קומען מיר אן קיין ניו יארק?"

— אין א האלבער שעה, — האט געענטפערט די אידישע.

— איך פארהאף אז אימיצער וועט ווארטן אף מיר — האט זיך אנגערופן די דייטשקע.

— אויב מיין מאן וועט דארטן זיין מיטן טראק, וועל איך אים געבן א קוש, — האט נאכאמאל געזאגט די אידישע.

מ'האט אנגעהויבן ריידן וועגן אהיימפארן פון דער סטאנציע. עס האט זיך ארויסגעוויזן, אז יעדע פארט אין אן אנדער ריכטונג.

— קומענדיקן שבת וועלן מיר זיך ווידער טרעפן, חברה, — האט הויך אפן קול זיך אפגערופן די אידישע. — און לאמיר ווידער נעמען אלע איין באס און ווידער זיך פריילעך מאכן. עס איז דער איינציקער אויסוועג. די ערשטע צייטן פלעג איך אוועקפארן א וויינענדיקע. און אויב איך האב ניט געוויינט, האבן אנדערע געוויינט פאר מיר.

דער באס האט זיך דערנענטערט צו דער לעצטער סטאנציע אין

ניו יאָרק. דער רעגן האָט זיך געגרייט אָלעמען צו באַגעגענען. יעדע פֿון די פֿרויען האָט געהאַפּט, אַז אימיצער וועט וואַרטן אַף איר און איר האָפֿענונג אַרויסגעזאָגט הויך אַפֿן קול. בלויז די מיטליאָריקע, רויטפּנימדיקע פּוילישע פֿרוי האָט דעם גאַנצן וועג געשוויגן. נאָר ווען דער באָס איז אַריין אין סטאַנציע־הויף האָט זי זיך אָנגערופֿן: „מיין עלטסטער באָי, ער איז דאָ. אָט שטייט ער, דער ערשטער, דער הויכער".

די איבעריקע פֿרויען האָבן געקוקט אַף איר מיט קנאה.

# אייגענע מענטשן

## 1. דוד'ס סוד.

וואָס נעענטער די וואָך האָט זיך צוגערוקט צום זונטיק, אַלץ האַפּערדיקער איז געוואָרן דאָס געמיט בא יעדן אין שאַפּ. פון מאָנטיק ביז פרייטיק איז אַ היבשער מהלך, פון זונטיק ביז מאָנטיק אָבער איז אַ קורצער שליטוועג. איידער מע האָט זיך אַרומגעקוקט, איז דער רוטאָג אַוועק, פאַרשוואונדן ערגעץ ווייט־ווייט. פאַרנאַכט האָט מען שוין געקאָנט דערפילן זיין אַרויסשלייכן זיך און אין דער נשמה האָט זיך אַריינגעכאַפּט דער שאָטן פון לאַנגען מאָנטיק. אין קאָפּ האָבן געדאַנקען וועגן שאַפּ, וועגן מאַשינען, וועגן פאָרמען זיך אויסגעפּאַקט און פאַר די אויגן האָבן זיך באַוויזן בילדער פון: סאָבוועי־געדרענג, געפּאַקטן אָטאָמאַט, מידע פּנימער. אין בלוט האָט זיך פאַרקליבן אַן אומרו און עס האָט באַנג געטאָן, באַנג געטאָן וואָס דער זונטיק פאַרלאָזט; ווי די אונטערגייענדיקע זון פאַרלאָזט ער און לאָזט איבער אַן אומצופרידנקייט און אַ געפיל פון פאַריאָכטקייט.

די דרוקעריי, אין וועלכער דוד האָט געאַרבעט, איז געווען פון די קבצנישע קליינע שעפּער, וואָס זיינען נאָך פאַרבליבן אויף דער אידי־שער איסט סייד. אַ צוויי לאַינאָטאַיפּ מאַשינען, אַ קליינע פּרעס און אַ פּאָר „פידערס". אין די מאָדערנע שעפּער איז פאַראַן גענוג ליכט און לופט. נאָר וואו קריגט מען אַזאַ שאַפּ? אין העלערס שאַפּ, וואו דוד האָט געאַרבעט די לעצטע צוויי יאָר, האָט מען אָן דער עלעקטרישער באַלייכטונג זיך ניט געקאָנט קיין ריר טאָן. דאָס פּלאַץ איז געווען געבויט פאַר אַ קראָם און דערפאַר איז באָם אַריינגאַנג געווען אַ גרויסע וויטרינע, וואָס האָט געשאַפן דעם איינדרוק פון ליכטיקייט און גראַמקייט.

אַז מען האָט אָן עפּן געטאָן די טיר פון דרויסן, איז מען טאַקע אַריין אין אַ ליכטיקן, כאָטש זייער שמאָל אָפיסל, וואָס האָט זיך געגרענעצט מיט אַ הילצערנער הויכער וואַנט מיט דער דרוקעריי,

צו װעלכער עס האָט געפירט אַ גלעזערנע טיר. דער אַרײַנגייער האָט אין אָפּיסל נעקאָנט דערהערן, װאָס עס טוט זיך הינטער דער הילצערנער װאַנט און װען די טיר האָט זיך אָן עפן געטאָן האָט אַ שלאָג געטאָן מיט אַ שװערער היץ און מיט אַ ריטמיש סאָפּען פון די שטאָלענע חיות, װאָס האָבן זיך געיאָגט, װי אַנטלױפנדיק פון פאַנגער, אָדער לױפנדיק נאָך פאַנג.

ערגעץ זײַנען אין דער דרוקערײ געװען פענצטער מיט שױבן, װאָס האָבן עדות געזאָגט, אַז הינטער זײ דאַרף זײַן די פרײ — אַ שטח טאָג־ליכט, אַ פּאַס לופט. נאָר די שױבן זײַנען געװען באַדעקט מיט אַזאַ געדיכטער שיכט טונקלקײט, אַז זײ האָבן אױסגעקוקט װי אַ טײל פון דער װאַנט. נאָך אַ גרינטלעכער אינספּעקציע האָט מען נעקאָנט דערגײן, אַז אױף די שױבן האָבן זיך באַזעצט שװאַרצע דרוק־טינט פלעקן, װאָס האָבן מיטגעבראַכט מיט זיך שטיקלעך פּאַפּיר־שכנים, װאָס זײַנען צוגעקלעפּט געװאָרן צו דער שױב און געװאָרן װי אַ לײַבלעכער טײל פון איר און איבער דעם אַלעם איז אָנגעװאַקסן גרױער, מוטנער מעטאַל־שטױב.

עפענען די פענסטער האָט מען אפשר געקאָנט, נאָר עס איז קײנעם קײנמאָל ניט אײַנגעפאַלן דאָס צו טאָן. די היץ אין שאַפּ איז נױטיק געװען צוליבן צעלאָזטן בלײ, צוליבן געשמאַקן טינט־און־פּאַפּיר ריח, װאָס האָט צוגעגעבן דעם שאַפּ דעם אמתן טעם פון אַ דרוקערײ. אױסער דעם זײַנען די פענסטער פון דרױסן געװען באַשיצט פון שװערע שטאַכעטן — אַזעלכע שפּיציקע, װי די צײן פון אַ רױב־חיה.

פאַר דודן איז דער דזשאָב געװען װי געװאונטשן, אונטער די אומשטענדן. כאָטש ער האָט בײ דעם פאַך געאַרבעט פינף יאָר, האָט ער אָבער נאָך אַלץ ניט געהאַלטן זיך פאַר אַ פולן באַלמעלאָכע. און װעגן אַרײַנגײן אין דער יוניאָן — װעגן דעם האָט ער בלױז געקאָנט חלומען דערװײַל. װען דער גליקלעכער מאָמענט װעט קומען, װעט אים זײַן גוט װי די װעלט. דערװײַל איז ער אַן „אַמעריקאַנער" באַלמעלאָכע. אין יעדן שאַפּ לערנט ער זיך אױס נאָך אַביסל, נאָך אַביסל. עס איז קאָמיש, האָט ער געטראַכט, אַז אַמעריקע, דאָס לאַנד פון עפּישענסי, פון טעכנישער מײסטערשאַפט, זאָל אַרױסגעבן

באַלמעלאָכעס, וואָס זאָלן ניט קענען זייער פאַך דורך און דורך, נאָר בלויז זיין אַ שרייפל אין אַ מאַשין. דאָ, בא העלערן אין שאָפּ, האָט ער מער געלעגנהייטן זיך צוצוכאַפּן צו דער ליינאָטיפּ־מאַשין און צום „שטיין־טיש", ווי ערגעץ אַנדערשט, אין אַ גרויסן שאָפּ. דוד האָט ליב געהאַט דעם געזשום אין דער דרוקעריי. דאָס איז געוועזן אַ סימן, אַז עס איז פאַראַן אַרבעט; אַז די ליינאָטייפּס גאָרגלען זיך, וועט זיין שפּייז פאַר די פּרעסן, פאַרן שטיין־טיש; אַז יעדער פרייער שטיקל דיל איז פאַרלייגט מיט פעק פּאַפּיר, איז אַ באַווייז, אַז מען וועט אַזוי גיך ניט אָפּליינן. כאָטש — פריי זיין האָט זיך דודן שטאַרק געוואָלט. די אַרבעט איז געפאַלן שווער. נאָך אַ טאָג אין שאָפּ, האָט ער געפילט אַז ער איז אָנגעפילט מיט דער שווערער בליי־לופט און אָפט האָט אים בא דער אַרבעט פּשוט אויסגעפעלט אָטעם און ווען ער וואָלט זיך ניט געשעמט פאַר די מיטאַרבעטער זיינע, וואָלט ער אַרויסגעלאָפן אין גאַס בלויז אָנצושעפּן אַביסל לופט פאַרן גוף, וואָס איז פאַרטשאַדעט געוואָרן אינווייניק.

דערפאַר האָט דוד אַזוי געהאַפט אָפן זונטיק. מיטוואָך איז אַף אים שוין געלעגן, ווי אַ שווערער פּאַק פּאַפּיר, וועלכן מע דאַרף אַרויפליינן אַף אַן אַנדער הויך־געפּאַק; וואָס העכער די הורבע, אַלץ שווערער קומט אָן דאָס אַרויפליינן. דאָנערשטיק און פרייטיק איז דוד שוין געוועזן אויס מענטש און מיטאָגצייט איז ער געוועזן אַזוי אויסגעמאַטערט, אַז דאָס עסן אין דער געפּאַקטער, רווישיקער קאַפעטעריע איז אים ניט איינגעגאַנגען. אַזוי ווי ער איז נאָר אַריבער די שוועל פון דעם עס־פּלאַץ, איז דער אַפּעטיט זיינער אַנטרונען געוואָרן און די שפּייז, וואָס איז געלעגן אויסגעלייגט איבערן קאָונטער און געצויגן צו זיך, האָט אים מער ניט גערייצט.

דער זונטיק איז בא דודן געוועזן פאַרבונדן מיט צוויי זאַכן, וואָס האָבן אים, אין געדאַנק, דערפרייט און וועגן וועלכע ער האָט גע־טראַכט, ווען די הענט זיינע געלאָפן אָטאָמאַטיש אין גייעג נאָכן געדרוקטן פלוג־בלעטל אָדער וויזיט־קאַרטל. זונטיק האָט דוד געקאָנט שלאָפן לענגער, אָפּעסן געמיטלעך זיין אָנבייסן אין רעסטאָ־ראַן און דאַן זיך אַרויסלאָזן אַף אַ לאַנגען שפּאַציר צום וואַשינגטאָן

סקווער, וואו ער האָט אַף אַ באַנק איבערגעלייענט די זונטיק־ציַיטונגען און דערבײַ אַריַינגעכאַפּט אַ סך לופט, וואָס איז געווען גוט, ווײַל אַרום און אַרום איז געוואַקסן אַזאַ פריש גרין גראָז און אַף די געדיכט באַצוויַיגטע ביימער האָט זיך געהערט דאָס זאָרגלאָז געפײַף פון פייגעלעך. ווינטער־צײַט, ווען מע האָט ניט געקאָנט זיצן אין דרויסן, פלעגט ער זיך אַ לאָז טאָן אַף דער פינפטער עוועניו און פון זײַן וואוינונג אַף סטענטאָן סטריט שפּאַצירן ביז דער דריַי־און־צוואַנציקסטער, צום מעדיסאָן סקווער; דאָרט זיך אָנוואַרימען אין אַטאַמאַט מיט אַ שאָל שאַרפער קאַווע און דאַן זיך לאָזן צוריק אַף דער צווייטער עוועניו, לעבן דער פערצנטער גאַס, וואו ער פלעגט עסן זײַן זונטיקדיקן מיטאָג, אַזוי אויסגערוט, אַזוי געלאַסן.

דאָס איז געווען איינס. דאָס צווייטע, אַף וועלכער ער האָט אַ גאַנצע וואָך געוואַרט, איז געווען דער זונטיק נאָכמיטאָג, וואָס האָט באַלאַנגט אינגאַנצן צו עטלען, זײַן מיידל. כאָטש ער פלעגט מיט איר אָפּרעדן יעדן זונטיק זיך טרעפן אין דער באַשטימטער צײַט, דאָך איז זי דורכויס באַשטאַנען, אַז ער זאָל איר אַ קלונג טאָן אַפּן טעלעפאָן. מיידלשע שטיק. האָט ער אויסגעפאָלגט. איז צווישן זיי פאָרגעקומען כמעט יעדן זונטיק, צוויי נאָכמיטאָג, פאָלגנדיקער שמועס:

— עטל, דאָס בין איך, דוד, וואָס מאַכסטו?

— אָ, דוד, איך האָב טאַקע געוואַרט אַף דײַן „קאָל". איך בין אָלרײַט. ווי פילסטו?

— וואָס מאַכט די מאַמע? הער, עטל, ווען פאָרסטו אַרויס? באַלד? אָלרײַט. איך וועל וואַרטן אַף דיר באַם סאָבוועי דרײַ אַזייגער.

שוין דרײַ יאָר צײַט ווי זיי באַגעגענען זיך יעדן זונטיק און אַנדערע ימים־טובים, ווען מע אַרבעט ניט. עטלס מאַמע איז לעצטנס ניט צופרידן. ווי לאַנג איז דער שיעור? פרעגט זי בײַ דער טאָכטער. עטל ענטפערט: — מאַמע, באַדער מיך ניט. — אַליין פילט זי, אַז די מאַמע איז גערעכט. זי שווייַגט, שווייַגט דוד אויך. אַז ער האָט זי ליב, דאָס ווייס זי. מיט קיין אַנדערער גייט ער ניט אויס. אין די מואַוויס דריקט ער זי צו זיך און קושט אירע

פינגער. אמאָל לאָזט זי זיך איבעררעדן און גייט צו אים אין צימער אריין. זיין צימער איז איר אַזוי ליב. קליין, נאָר ציכטיק, ווי ער איז אַליין. דאָס פענסטער גייט ארויס אין הויף אריין, וואָס איז ארומגערינגלט פון ווענט, ווי א קאַסטן. דוד'ס מיסים איז אַן עלטערע, פרומע פרוי, וואָס קוקט אַף איר, אַף עטלען, דורך דיברילן. עטל האָט פון איר, פון דער מיסיס זיינער, באַקומען דעם „אָקעי", זאָגט דוד און לאַכט און קוקט אַף איר מיט פארליבטע אויגן. נאָר ווענגן א תכלית, ווענגן חתונה האָבן — ווענגן דעם רעדט דוד ניט. אמאָל האָט ער עפּעס יאָ געגעבן אָנצוגעהערן, אַז ווען ער וועט קריגן א לייטישן דזשאָב און אריין אין דער יוניאָן, וועט ער ווערן א מענטש, חתונה האָבן — הא, עטל? — האָט ער איר שטיפעריש, נאָר פאַרשנדיק, אריינגעקוקט אין די אויגן אריין. זי האָט דאַן איר בליק אראָפּגעלאָזט, עפּעס האָט איר געשטיקט אין האַלז און זי האָט זיך אויסגעדרייט פון אים. ער האָט זי א צי געטאָן צו זיך און ליידנשאַפטלעך געקושט. — ס'וועט זיין אַלרייט, עטל, — האָט ער איר א קניפּ געטאָן די באַקן.

דוד איז שוין ניט קיין אינגל. אין פעברואַר ווערט ער ניין און צוואַנציק יאָר אַלט. עטל וויים עס. זי קויפט אים דאַן א מתנה און ער מוז אהיימקומען צו איר, וואו עס וואַרט אַף אים שוין איינמאָל א מאַלצייט, וואָס איר מאַמע גרייט אַזוי בריה'ש צו.

עטל איז יונג, נאָר די יאָרן רוקן זיך גיך־גיך. אין סעפּטעמבער איז זי געוואָרן פינף און צוואַנציק. צו איר געבורטסטאָג נעמט דוד עטלען צוזאַמען מיט דער מאַמען אין א טעאַטער אַף בראָדוועי, אָדער צו א אידישער שאָו אַף סעקאַנד עוועניו. אויסער דעם קויפט דוד איר עפּעס. ער האָט איר שוין געקויפט: דעם ערשטן יאָר פון זייער באַקאַנטשאַפט — א רוסישע שאַל (געקויפט אַף א באַזאַר), צום צווייטן יאָר — א פאָונטנפּען און לעצטן יאָר — א זייגערל.

עטלס צוויי פארהייראַטע ברידער האָבן אים, דודן, דורך איר, ניט איינמאָל איינגעלאַדן צו זיך, נאָר דוד דרייט זיך תמיד ארויס פון גיין צו גאַסט. דער זונטיק באַלאַנגט צו זיי ביידן, רעדט ער איר איין. זי איז ניט צופרידן, נאָר קריגן זיך צוליב דעם דאַרף מען זיך ניט. ווען זי פארברענגט מיט דודן, פארגעסט זי אַלץ.

דאָן איז יום־טוב. ניטאָ קיין „פינישערס" אַף דער וועלט, ניטאָ קיין קראַנקע מאַמע, וואָס דערגייט די יאָרן. פאַראַן בלויז דוד און איר חברטע פון שאַפּ — עליס, וועמען זי וועט מאָרגן דערציילן, ווי אַזוי זי האָט דעם טאָג פאַרבראַכט. און עליס וועט איר דערציילן ווי אַזוי זי האָט מיט איר „באָי" פאַרבראַכט.

ווען ס'ווערט סלעק אין שאַפּ, באַגעגענען זיי זיך ניט, דוד און עטל. עס איז עפּעס צו וואָכעדיק „אויסצוגיין" דאַן. סלעק־טעג זיינען טרויער טעג. מע רייסט שטיקער פון די אָרימע פאַרדינסטן. שעמט מען זיך מיט די טעג.

אין די אָוונטן איז עטל פאַרנומען. זי גייט אין אַ אָוונט־שול, לערנט זיך: ענגליש, אַריטמעטיק און אַמעריקאַנער געשיכטע. זי באַלאַנגט צו דער יוניאָן, קומט צו אַלע מיטינגען, נאָר זי האָט פיינט זיך צו מישן אין פּאָליטיק, זאָגט זי.

דוד אינטערעסירט זיך אויך ווינציק מיט פּאָליטיק. יעדן צווייטן פרייטיק גייט ער צו זיין ברענטש־מיטינג. ער באַלאַנגט צו זיין לאַנדסמאַנשאַפט־ברענטש, כאָטש ער האָט פאַרלאָזן די אַלטע היים, ווען ער איז נאָך געווען אַ אינגל פון זעכצן יאָר. באַם ברענטש קריגט מען זיך אויף אַרום און דער זאַל איז אָנגערויכערט, ווי אין אַ קרעטשמע. עס קריגן זיך די „יונגע" און די „אַלטע". ער, דוד, האַלט מיט די „יונגע" און שטימט פאַר זיי. נאָר דער גאַנצער עסק גייט אים ווינציק אָן. ער איז צו אויסגעמאַטערט נאָך דער אַרבעט. ער איז צופרידן אַהיימצוקומען, איבערלייענען אַ ביכל און זיך לייגן פרי שלאָפן, אַ ניט איז ער אַף מאָרגן אַ צעבראָכענער מענטש.

גוטס און שלעכטס קומט אומגעריכט. ווענן נוטן טרוימט מען, ווענן שלעכטן האָט מען קיין אַנונג ניט. דוד האָט באַ דער אַרבעט זיך אָפט פאַרגעשטעלט, ווי ער וועט קומענדיקן זומער אַרויספאָרן אַף צוויי וואָכן אין אַן אַרבעטער קעמפּ, ווענן וועלכן עס האָט אים דערציילט דער זעצער לעווין. עס קאָסט ביליק, אַן אייגענער עולם, די לופט שמעקט, ווי די טייערסטע פּאַרפיומען; מע שטייט אייַן אין לייוועטענע ביידלעך, צו צוויי אין אַ ביידל; מע טוט זיך אָן וואָס ווינציקער. מע פאָרט אַרויס אַהין מיט דער שיף, אַפן האַדסאָן טייך. ווי גוט וועט זיין, ווען אויך עטל וועט קאָנען אַרויסקומען מיט

אים און זיי וועלןביידע איינשטיין אין אייןביידל און דאַן וועט מען צוריקקומען אין שטאָט און מע וועט אַריינגיין אין סיטי האָל און אַרויסנעמען „מערעדזש לייסענס".

דערווייל איז געווען דעצעמבער. פּרעסט האָבן דורכגענומען דאָס לייב, זאַווערוכעס האָבן חוצפּהדיק געשמיסן שטיקער שנייאיקן ווינט אין פּנים אַריין. דוד איז געווען שטאַרק פאַרקילט. ער האָט געהאַלטן אין איין ניסן. די באַלעבאָסטע האָט אים געהייסן טרינקען טיי מיט געטריקנטע יאַגעדעס, געהייסן זיך אויסשוויצן. דוד האָט געפּאָלגט, סהאָט ניט געהאָלפן. אין דראָג־סטאָר האָט ער באַקומען פּילן, נאָז־שפּריצערס, פּראָשקעס, נאָר בעסער איז אים ניט געוואָרן.

געהערט, אַ פאַרקילונג זאָל אָנהאַלטן וואָכן־לאַנג? עטל האָט אים געהייסן גיין צום דאָקטער. דוד האָט זיך באַרימט, אַז ער האָט אַן אייגענעם ברענטש־דאָקטער און אויב ער זאָל בלייבן אין הויז, וועט ער באַקומען קראַנקן־בענעפיט. נאָר ווער וויל דאָס קראַנק ווערן? אין שאַפּ איז גראָד געווען ביזי. דער קריסטמעס־סעזאָן. מע האָט גאָר געאַרבעט איבערצייט. דוד האָט אָנגעהויבן הוסטן, אָבער הוסטן! די אַרבעטער אין שאַפּ האָבן געזאָגט, אַז ער פאַר־מעסט זיך איבערצושרייען די פּרעס. דוד האָט געפילט, אַז עס ווערט אים געפערלעך היים פון דער אַרבעט. ער האָט געשוויצט און געשוויצט. זיין פּנים, דאָס בלייכע, איידעלע פּנים, האָט זיך אָנגע־פילט מיט אַ גלאַנציקער רויטקייט. אַנגסטן האָבן אים אויסגעשלאָגן. דער קאָפּ האָט אים ווי געטאָן. אין מיטן דער אַרבעט האָט ער דערפילט אַ שוואַכקייט, ווי אָט־אָט וועט ער אַוועקפאַלן אין חלשות.

ס'איז געווען פרייטיק. דוד האָט באַשלאָסן צו גיין צום ברענטש־מיטינג, כאָטש ער האָט געפילט ווי די קני דינען אים ניט. ער האָט געוואָלט זיך זען מיטן ברענטש־סעקרעטאַר און צוגיין מיט אים מאָרגן צום דאָקטער. ס'איז קיין תכלית ניט, איבערהויפּט נאָך, אַז עס וועט אים גאָרניט קאָסטן.

פרייִנט יאַנאָווסקי, דער הויכער סעקרעטאַר פון ברענטש, וואָס האָט אים טאָקע געמאַכט פאַר אַ מיטגליד, האָט אַ קוק געטאָן אויפן הוסטנדיקן, נידעריקן דודן און אַ זאָג געטאָן: — מיט קיין הוסט שפּילט מען זיך ניט.

דוד האָט אים, יאַנאָווסקין, געקאַנט פון לאַנדסלייט־באַל, ווען דער הויכער איז צוגעקומען צו אים און אַרויפלייגנדיק די האַנט אויף זיין שולטער, אַ פרעג געטאָן: — יונגערמאַן, איר זייט אַ לאַנדס־מאַן? — און נאָך דעמזעלבן אָוונט אים געמאַכט פאַר אַ מיטגליד פון ברענטש. ער האָט אים געפירט צום דאָקטער. דער דאָקטער האָט דודן דאָן קוים אויסגעהערט; צוגעשטעלט דאָס טרייבל צום האַרצן, זיך כמעט ניט איינגעהערט, אַ קלאַפּ געטאָן מיט די פינגער איבערן ברוסט־קאַסטן, אויסגעפילט אַ בלוי פּאַפּיר און צוגענומען אַ טאַלער.

איצט איז יאַנאָווסקי מיט דודן געגאַנגען צו אַן אַנדער דאָקטער. דר. פעלד איז געווען אַ יונגערמאַן, נידעריק, מיט גאָלדענע פּענסנע, רויטע בעקלעך. ס'האָט געשמעקט פון אים מיט פּאַרפומירטער זייף. ער האָט גערעדט אידיש און, ווייזט אויס, זיך גוט געקאַנט מיט יאַנאָווסקין.

— דערציילט מיר אייער טראָבל, יונגערמאַן, — האָט דער דאָקטער זיך געווענדט העפלעך און מיט אַ שמייכל צו דודן. דאָס איז פאָרגעקומען אין אויפנאַם צימער, וואו אויסער זיי דריי, איז קיינער ניט געווען. יאַנאָווסקי איז געזעסן אויף דער ווייכער קושעטקע און געבלעטערט אַ זשורנאַל. דער דאָקטער האָט אַריינגעקוקט דודן אין פּנים אַריין, בעת ער האָט דערציילט און דודן איז דערפון גע־וואָרן אומהיימלעך, כאָטש דעם דאָקטערס פּנים האָט אויסגעדריקט פריינטלעכקייט און צוטרוי.

— קומט אַריין מיט מיר אין אָפיס, וועלן מיר זען, — האָט זיך געווענדט געלאַסן צו דודן דער דאָקטער.

— מיך דאַרפט איר דאָך ניט, — האָט זיך אָנגערופן הויך יאַנאָווסקי. — דערווייל זייט איר דאָך ניט קראַנק, — האָט געשפּאַסט דער דאָקטער.

אין אויסגעטאָנער — די אויבערשטע העלפט — איז דוד גע־שטאַנען פאַרן דאָקטער און געציטערט, כאָטש עס איז געווען זייער וואַרים אין קליינעם ווייסן קאַבינעטל. דער דאָקטער האָט אים גע־מאַטערט, אַזוי האָט זיך דודן אויסגעוויזן.

— אָטעמט איין נאָכאַמאָל. שטאַרקער. נאָכאַמאָל . . . האַלט איין דעם אָטעם. ניט אַזוי . . .

דוד האָט אַ קוק געטאָן אָפן דאָקטער און געזען, ווי יענער איז זייער ערנסט, דאָס פּנים איז בײַ אים אײַנגעצן רויט געוואָרן, די אויגן האָבן געפינקלט דורך דער פענסנע.

דודן האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דער דאָקטער האָט אים געהאַלטן אַ לאַנגע צײַט, כאָטש דער עקזאַמען האָט געדויערט אַרום צען מינוט. דער דאָקטער האָט זיך אַוועקגעזעצט בײַ זײַן סעקרעטאַר־דעסק און אַרויסגענומען אַ גרויסן בויגן פּאַפּיר מיט געדרוקטע שורות און אָנ־געהויבן פאַרשרײַבן עפּעס. ער האָט געהייסן דודן זיך אָנטאָן און דאַן אים געבעטן זיצן קעגנאיבער זיך און אָנגעהויבן שטעלן פראַגעס.

— ווי אַלט זײַט איר? וויפיל וועגט איר? (דוד האָט זיך קיינמאָל ניט געוואויגן). זײַט איר אַמאָל קראַנק געווען? בײַ וואָס אַרבעט איר? ווי לאַנג אין לאַנד?

ווען דער דאָקטער האָט אים אָנגעהויבן אויספרעגן וועגן זײַנע עלטערן, איז דודן געוואָרן ענג אין האַלז. דודס עלטערן זײַנען גע־שטאָרבן יונגערהייט. בכלל איז זײַן מאַמעס משפּחה אַוועק פון דער וועלט יונג. דער דאָקטער האָט זיך אײַנגעהערט, אײַנגעהערט און פאַרשריבן, אַרײַנגעטאָן אין באַריכט. ווען ער איז פאַרטיק געוואָרן, האָט ער אַראָפּגענומען די ברילן, די אויגן האָבן אויסגעקוקט שטאַרק מיד, ער האָט זיך צוגערוקט מיטן בענקל נענטער צו דודן, אַזוי אַז זייערע קני האָבן זיך כמעט ווי באַגעגנט און ער האָט אָנגעהויבן מיט אַ שטיל, נאָר זייער ערנסט קול:

— מיסטער סטיין, איר וועט דאַרפן קומען צו מיר נאָכאַמאָל. איך וועל זײַן מאָנטיק באַטאָג אַרום דרײַ . . .

דאָ האָט דוד אים אונטערבראָכן, אַז ער קאָן דאַן ניט קומען. ס'איז אַרבעט־צײַט און ס'איז ערב קריסטמעס און — נאָר דער דאָקטער האָט אָנגעשטעלט אַן אומצופרידן און אפילו אַ בייז פּנים און העכערנדיק זײַן קול, זיך אָנגערופן:

— מיסטער סטיין, איר וועט דאַרפן פאַרגעסן אייער שאַפּ, האָב איך מורא. מיר דאַרפן נעמען אַן עקס־רעי פון אייערע לונגען און אייך מעגלעך דאַרפן שיקן צו פּראָפעסאָר ניומאַן, אונזער לונגען־

ספּעציאַליסט. יונגערמאַן, זייט ניט נערוועז. איר זייט יונג, איר וועט ווערן געזונט.

דער דאָקטער האָט זיך ווי געאײַלט אַרויסצוגיין און ווען יאַ־נאָווסקי האָט זיך אויפגעשטעלט, האָט ער אים אַרײַנגערופן צו זיך אין קאַבינעט און אַרויפלייגנדיק זײַן האַנט אויף דודס פּלייצע, אַ זאָג געטאָן ערנסט און לאַנגזאַם:

— אײַער מיטגליד, פּרײַנט סטיין, איז אַ קראַנקער מענטש. מיר וועלן דאַרפן צוּוואַרטן אויף די רעזולטאַטן פון דער עקס־רעי, נאָר מיר דוכט זיך, אַז מע וועט אים דאַרפן שיקן צו פּראָפעסאָר ניומען.

— און איר, יונגערמאַן, — האָט דער דאָקטער זיך געווענדט נאָכאַמאָל צו דודן, — רוט וויפיל איר קאָנט און גרייט זיך צו אויף אַ לענגערע וואַקאַציע. איר וועט מסתמא דאַרפן פאָרן אין סאַנאַ־טאָריום אַרײַן — מירן וואַרטן אויפן באַריכט פון פּראָפעסאָר ניומען. איר וועט צוריקקומען פון דאָרט אַן אויסגעהיילטער מענטש. ס'איז גוט וואָס איר האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן אין צײַט —און ס'איז גוט וואָס איר באַלאַנגט צו אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט אַן אייגענעם סאַנאַ־טאָריום.

און צו יאַנאָווסקין: — ער איז ניט שטאַרק אָנגעגריפן. ס'איז דוכט זיך מיר, אין דער אָנהייב־שטופע. ער וועט זײַן אַלרייט נאָך עטלעכע מאָנאַטן אין סאַנאַטאָריום.

ווען דוד איז נאָכהער מיט יאַנאָווסקין געגאַנגען אין גאַס, האָט יאַנאָווסקי געקוקט אויף אים, ווי אויף אַ פאַרשולדיקטן. ער האָט כמעט צו אים ניט גערעדט. דוד אַליין איז געווען אַזוי צעמישט פון דעם וואָס ער האָט וועגן זיך אויסגעפונען, אַז ער האָט אין קיין פאַל ניט געקאָנט צונויפנעמען זײַנע געדאַנקען, וועלכע זײַנען געשפּרונגען איינער איבערן אַנדערן און מע האָט זיי ניט געקאָנט צאַמען.

בײַ דער אַרבעט איז דוד ערשט צו זיך געקומען. ער האָט מיטאַמאָל זיך אָנגעהויבן היטן פאַר יעדן שטויבל אין שאַפּ. ער האָט כסדר געקוקט אויף די פאַרהאַקטע פענסטער, ווי זיי וואָלטן געווען אַ סך שולדיק אין זײַן לאַגע. ער האָט קיינעם אין שאַפּ גאָרניט געזאָגט וועגן דעם וואָס מיט אים איז פאָרגעקומען. דאָס איז געווען זײַן סוד. דעם סוד האָט ער באַשלאָסן צו האַלטן אין

זיך. איבערהויפּט האָט עטל ניט געטאָרט וויסן וועגן דעם. קיינער האָט ניט געטאָרט וויסן.

דאָס עקס־רעי בילד האָט געוויזן, אז בא דודן זיינען אָנגעגריפן די אויבערשטע שפּיצן פון ביידע לונגען. צום פּראָפעסאָר איז דוד געגאַנגען מיט יאַנאָווסקין. ס'איז געווען דודס מזל, וואָס יאַנאָווסקי האָט דאַן ניט געהאַט געאַרבעט און ער האָט צייט געהאַט זיך אָפּצוגעבן מיט דודן. און בכלל האָט יאַנאָווסקי האָלט געהאַט זיך צו עסק'ן מיט ברענטש־ענינים, וואָס האָבן מער באַלאַנגט צום שפּיטאָלער, ווי צו אים.

דער פּראָפעסאָר האָט געוואוינט אַף סענטראַל פּארק וועסט. א קליין מעשן שילדל אַף דער וואַנט פון גרויסן אַפּאַרטמענט־הויז, א טונקל־באַלויכטענער קאָרידאָר, א שווארצער לאַקעי אין א יוניפאָרם מיט מעשענע קנעפּ, א רייך מעבלירט וואַרט־צימער, וואו עס זיינען געזעסן עטלעכע מענטשן און דוד מיט יאַנאָווסקין זיצן שוין אין די טיפע ווייכע פאָטעל־שטולן. א מאָדנע שטילקייט האָט גע־הערשט אין צימער, — ווי אמאָל אין בית־מדרש, ערב מעריב, — האָט געטראַכט בא זיך דוד. דוד האָט באַקוקט די מענטשן און זיי האָבן אים באַקוקט. אַף אַלעמען איז געלעגן דער אויסדרוק פון הילפלאָזער מורא. די שטילקייט האָט נעגליוועט. די בילדלעך אַף די ווענט, אַזעלכע איידעלע געצייכנטע, רואיקע, האָבן זיך ניט אריינגעפּאַסט אין דער אַלגעמיינער שטימונג.

פּלוצלינג האָט זיך געעפנט א זייטיקע טיר און א יונגע, הויכע, שיינע נוירס, אין א ווייסן יוניפאָרם, וואָס האָט אַזש שעמערירט פון ריינקייט, האָט אויסגערופן א נאָמען. זי האָט געשמייכלט און גע־וויזן אירע קליינע ווייסע ציין און דער בלאָנדער פּאַס האָר, וואָס האָט ארויסגעקוקט חנ'עוודיק פון איר הייבל, האָט אויך געשמייכלט. עס האָט זיך אויפגעשטעלט א מיטליעריקער מאַן, וואָס איז געזעסן לעבן א פרוי. זיין פּנים איז געווען אש־גרוי און ער האָט געוואָרפן א בליק, וואָס האָט ווי זיך געזעגנט מיט איר. זי האָט זיך געקנייפּט די הויט פון דער האַנט און די ליפּן נעביסן. די נוירס האָט גע־שמייכלט און זיך איינגעבויגן, איינלאַדנדיק דעם מאַן אריינצוגיין אין א ווייסן צימער. דוד האָט באַמערקט, אז אריין צום פּראָפעסאָר

איז מען דורך איין טיר, דורכן וואַרט־צימער, אַרויס — דורך אַן אַנדערער.

ענדלעך האָט די נוירס אויסגערופן דודס נאָמען. יאַנאָווסקי האָט זיך אויך אויפגעשטעלט. די נוירס האָט יאַנאָווסקין פאַר־האַלטן בא זיך אין צימערל, וואו זי האָט אים אויסגעפרעגט און פאַרשריבן די רוטינע פראַגעס וועגן ברענטש־מיטגליד.

דעם פּראָפעסאָרס קאַבינעט איז געווען פאַרוויקלט אין קנוילן ציגאַר־רויך. פּראָפעסאָר ניומען איז געווען אַן עלטערער, נאָר פעסט געבויטער מיטלוויקסיקער מאַן, מיט אַ הייזעריק קול, מיט נער־ווועזע הענט און ליפּן, מיט שיטערע אַש־גרויע האָר. זיין פּנים האָט גאָרניט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ פּראָפעסאָר. סאיז געווען גראָב, פלייִשיק, די אויגן גרינלעך און קליין און דודן האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דער פּראָפעסאָר קוקט אויס ווי אַן אָפּגעלאָזענער קרעמער. אין די קורצע, פאַרגעלטע פינגער האָט ער געהאַלטן אַ שטיקל ציגאַר און אים פאַררויכערט, בעת דוד האָט זיך אויסגעטאָן. דאַן האָט ער זיך אַוועקגעזעצט בא אַ גרויסן דעסק, וואָס איז געווען פאַרוואָרפן מיט פּאַפּירן, אין גרויסער אומאָרדנונג. ער האָט אָנגע־הויבן אַרויסלייענען פראַגעס פון אַ פּאַפּיר און פאַרשריבן, וואָס דוד האָט געענטפערט. די גאַנצע צייט האָט ער אַף דודן אפילו קיין קוק ניט געגעבן, נאָר ווען דוד האָט געענטפערט, אַז זיין מאַמע האָט יאָרנלאַנג געהוסט, נאָר געשטאָרבן איז זי פון אַ נירן־קרענק, ערשט דאַן האָט דער פּראָפעסאָר אַ בליק געטאָן אַף דודן.

דאָס הייזעריק קול פון פּראָפעסאָר האָט דודן דענערווירט. דער דאָקטער איז געוואָרן אין כעס, פאַרוואָס דוד טוט ניט וואָס ער הייסט אים, ער אָטעמט ניט ווי עס באַדאַרפט צו זיין. דוד האָט זיך ניט געקאָנט איינהאַלטן און געזאָגט, אַז די לופט דאָ דישעט אים און דערפאַר קאָן ער ניט האַלטן דעם אָטעם אין זיך, —ווי דער דאָקטער וויל. דאַן האָט דער דאָקטער אַוועקגעוואָרפן זיין ציגאַר און אַביסל אָן עפן געטאָן אַ פענסטער.

געענדיקט דעם עקזאַמען, באַקוקט דאָס עקס־רעי בילד אונטער אַ שיין, האָט דער פּראָפעסאָר געגעבן אַ דריק אַ קנעפל און די נוירס איז אַריינגעקומען מיט יאַנאָווסקין.

— איר זײט דער סעקרעטאַר פֿון ברענטש? — האָט ער זיך געװענדט צו יאַנאָװסקין. יאַנאָװסקי האָט זיך אײנגעבױגן און אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אַף יאָ. — דאַן הערט װאָס איך זאָג אײַך. דער יונגערמאַן האָט עטװאָס אָנגעגריפֿענע לונגען, ער מוז אומ־באַדינגט גלײַך אָװעקגעשיקט װערן אין אונזער סאַנאַטאָריום אַף עטלעכע מאָנאַטן. איך שיק װעגן דעם אַ באַריכט אין אָפּיס. איך װיל איר זאָלט מיר דאָ חתמענען אַ פּאָר פּאַפּירן.

דאַן האָט דער פּראָפֿעסאָר זיך געװענדט צו דודן: — יונגערמאַן, איר זײט קראַנק, איר פֿאַרשטײט װאָס מע רעדט צו אײַך? קראַנק. באַלד אָװעקפֿאָרן, איר הערט? ניט רױכערן, ניט נוצן אַלקאָהאָל, ניט טרינקען קאַװע, ניט הורן. איר האָט אַ מײדל? זאָל זי װאַרטן אַף אײַך, ביז איר װעט צוריקקומען, איר הערט? איר װעט זײַן אָלרײַט, אויב איר װעט אויפּפּאַסן אַף זיך און פֿאָלגן אַלץ װאָס מע װעט אײַך הײסן טאָן אין סאַנאַטאָריום. האָט ניט קײן מורא פֿאַרן סאַנאַטאָריום. דאָס איז אַ שול װאָס װעט אײַך לערנען װי צו לעבן, נאָכדעם װי איר װעט צוריקקומען קײן ניו יאָרק. אָלרײַט. איר זײַט יונג, נאָר היט זיך, װעט איר װערן געזונט.

דוד איז אַרױס פֿון פּראָפֿעסאָר אַ צעטומלטער. אים האָט זיך אויסגעװיזן, אַז מע האָט ניט גערעדט װעגן אים, נאָר װעגן עפּעס אײנעם אַן אומגליקלעכן קראַנקן. דער דרױסן, די פֿאַרבײַגײער, די הײַזער — אַלץ האָט עפּעס איצט געהאַט אַן אַנדער אויסזען. יאַ־נאָװסקי, װאָס איז געגאַנגען מיט אים, האָט געשװיגן. דודן האָט עפּעס געקלונגען אין די אויערן און ער האָט געפֿילט, אַז ער װערט אַזױ אָפּגעשװאַכט, אַז אָט װעט ער באַלד זיך אַ װאַקל טאָן און אָװעקפֿאַלן. ער האָט מיטאַמאָל דערזען פֿאַר זיך דאָס בילד. דאָק־טוירים, פֿאַראומערטע פּנימער, קראַנקע, טויט, װײַסע באַלאַטן. דודן האָט זיך געװאָלט אַנטלױפֿן פֿון דעם אַלעם. ער האָט דאָך אַזױ פֿײַנט געהאַט קראַנק צו זײַן און זײַן צװישן קראַנקע. ער פֿלעג ניט װעלן באַזוכן קײן קראַנקע באַקאַנטע און קײנמאָל אין ברענטש ניט אָנגענומען צו באַזוכן אַ קראַנקן מיטגליד. ער פֿלעגט קײנמאָל צו קײן לויה ניט גײן און ניט װעלן הערן קײן מעשׂות װעגן טויט און טויטע.

זיין ווידערגעפיל האָט געשטאַמט פון זיינע קינדעריאָרן. דוד האָט קיין קינדהייט ניט געהאַט. זינט ער האָט געקאָנט זיך דער־מאָנען, האָט ער געזען זיינע עלטערן אין די בעטן. דער טאַטע — אַ קראַנקער אין איין בעט, די מאַמע—אַ שלאָפע אין צווייטן. אין אַלע ווינקלען פון פייכטן קעלער, וואו זיי האָבן געוואוינט, זיינען גע־שטאַנען פאַראַדנע אויסגעשטעלט פלעשלעך מעדיצינען. אויף זיי, אויף די פלעשלעך, האָט מען געקוקט מיט בעטנדיקע אויגן, מיט בליקן פון האָפנונג.

דער טאַטע איז געווען אַ פאַרבער. ער האָט געליטן פון אַסטמע. די דאָקטוירים האָבן געהייסן אויפגעבן די אַרבעט און זיך אַרויס־קלייבן פון קעלער. דער טאַטע האָט ביטער זיי נאָכגעקרימט:

— אויפגעבן די אַרבעט און אַרויסקלייבן זיך פון קעלער? און ווער וועט אָנפילן די קישקעס זייערע? — האָט ער אָנגעוויזן אויף די קינדער. געוואוסט האָט ער, אַז זיי, די דאָקטוירים, זיינען גע־רעכט, נאָר וואָס האָט ער געקאָנט טאָן? די קינדער זיינען געווען צו יונג אים צו העלפן. זיין ווייב, דודס מאַמע, האָט פון קינדווייז אָן שווער און ביטער געאַרבעט און נאָכדעם ווי זי האָט געהאַט צוויי קינדער, איז זי שוין געווען אַ צעבראָכענער שאַרבן. דאַן האָט זיך באַוויזן בא איר דער הוסט און זי פלעגן גאַנצע נעכט „אָפּגעבן קאָנ־צערטן", ווי דער טאַטע האָט זיך ווענן דעם אויסגעדריקט.

ניט איינמאָל פלעגן דוד זיך אויפכאַפּן פון שלאָף און דערהערן, ווי דער טאַטע כריפּעט, דאָס פּנים בלוי. ער קאָן דעם אָטעם ניט אָפּציען. פון האַלז טראָגט זיך אַ מאָדנע פּייפן, דאָס מויל איז אָפן, אַ שוויים שלאָגט אַרויס אָפן פּנים. דאָס נאָפּט־לעמפּל האָט גע־ברענט. די מאַמע איז געשטאַנען לעבן אים אַ הילפלאָזע. און ווען זי האָט זיך געלייגט אין צווייטן בעט אַריין, האָט ניט לאַנג געדויערט און זי האָט זיך אַ צעלאָז געטאָן אין אַ הוילן הוסטן, וואָס האָט גע־ריסעט איבערן אויער, און דוד, אויף דער צעבראָכענער קאַנאַפּע, האָט זיך איינגענורעט טיפער אין קישן ניט צו הערן איר הוסטן.

נאָך אַלץ קינד האָט דוד געזען אַרום זיך בלויז קראַנקע פּנימער, טייערע פּנימער, געהערט קרעכצן און אָכצן. ער, דוד, האָט ניט געטאָרט אַ לאַך טאָן אָדער אַ שטיף טאָן אין שטוב.

דער טאטע איז קראנק! די מאמע איז שלאף! שטיל זאל זיין. דאס אויבערשטע פון דער מילך פאר דער מאמען אראפגענומען. אויב ס'איז געווען פוטער און אייער אין הויז, איז דאס געקויפט געווארן ווי א רפואה פאר דער מאמען. די קינדער אין הויז האבן זיך ארומגעריסן צוליב א שטיקל ברויט, צוליב א לעק פוטער.

אין איין יאר צייט פארלארן — פריער דעם טאטן און אין פיר חדשים ארום די מאמע. שוין דאן (ער איז עלף יאר אלט געווען) האט דוד געפילט, אז ניט בלויז זיינען זיינע עלטערן צונערויבט געווארן פון אים, נאר זיין קינדהייט, די שענסטע מתנה פון לעבן, איז פון אים אומרחמנותדיק אוועקגעריסן געווארן.

אט דאן האט ער באשלאסן פון דער היים צו אנטלויפן, אוועק פון אומגליק־פלאץ. ניט זען מער די פארוויינטע פנימער פון די שוועסטער און מומעס און שכנות, אוועק פון טויט, זיך לאזן זוכן די פרייד, וואס געהערט צו אים. ער וועט זיין בלויז צווישן געזונטע, ער וועט וייכן פון קראנקע און פון טויט. ער וועט לעבן, לאכן, פרייען זיך מיט זיינע יונגע יארן. א, ווי גוט עס איז צו זיין יונג, געזונט און פריי.

דאס איז געווען די הויפט־קראפט וואס האט אים קיין אמעריקע געטריבן, אין דער נייער וועלט געבראכט. איצט האט די קרענק אים געפאקט. נאר קיינעם וועט ער וועגן דעם ניט דערציילן. עטל טאר ניט וויסן. דאס איז זיין סוד. די באלעבאסטע דארף ניט דערגיין, די ארבעטער אין שאפ וועלן ניט אויסגעפינען. ער וועט אוועק אין סאנאטאריום און קיינער וועט פון אים ניט הערן.

עטל האט מיט אים פארבראכט זונטיק. ער האט זי ניט געקושט. זי האט באמערקט, אז זיין פרייליעכקייט איז א געמאכטע. ער האט איר געזאגט, אז ער וועט אפשר זיך פארן אויסרועון אפן לאנד, ווייל דער דאקטער האט אים געזאגט, אז אין ניו יארק וועט ער ניט פטור ווערן פון הוסט. זי האט אים רעקאמענדירט א גוט פלאץ אין לעיקוואוד. ער האט פארשריבן דעם אדרעס.

אלץ איז געווען פארטיק פאר זיין אפפארן. דוד האט בלויז

גערארפט לאזן וויסן אין שאפ און דער באלעבאסטע. ער איז געווען שטארק אויפגערעגט. דער באלעבאסטע האט ער געזאגט, אז ער פארט אוועק אין אן אנדער שטאט, וואו עס ווארט אף אים א בע־סערער דזשאב. זי האט צוגעשטימט אז ער זאל בא איר איבערלאזן די פאר ביכער און דאס טשעמאדאנדל וואס ער האט פארמאגט. ער האט איר פארזיכערט, אז ווען ער וועט צוריקקומען, וועט ער ווידער בא איר וואוינען. זי האט געקאנט דערפילן פון זיינע רייד, אז ער זאגט איר ניט דעם אמת, אז עפעס איז דא ניט גלאטיק מיט דעם שטילן יונגענמאן.

מיסטער העלער, דער באלעבאס פון שאפ, איז געווען אויסער זיך. דאס קליין מענטשל מיט די צעשפרייטע פיס און אנגעבלאזענע באקן, האט מיט די קורצע דלאניעס געקלאפט אין טיש אין זיין אפיסל און געשריען אף דודן.

— וואס מיינט איר זיך עפעס — איבערלאזן דעם שאפ אין סאמע ביזי און אוועקפארן אף עטלעכע וואכן? איר מיינט, איך וועל פארמאכן דעם שאפ און ווארטן ביז איר וועט צוריקקומען? הערט זיך איין, סטיין. איר האט מיך אנגעכאפט פארן גארגל. זאגט אפן, אז איר ווילט א רעיז, וועל איך אייך געבן א טאלער א וואך מער — און געסעטלט.

דוד האט געשטאמלט. אימיצער האט אין אים חוזק געמאכט פון זיך אליין. גראד איצט, ווען ער האט א דזשאב, ווען ער קאן צו זיך קומען און אנהייבן לעבן ווי א מענטש, דארף זיך אונטער־רוקן אזא געשיכטע. גיי, דערצייל מענטשן, וואס מיט אים האט גע־טראפן. ניין. ער וויל ניט קיין רחמנות־בליקן אף זיך. בעסער שטארבן, איידער דאס.

— סטיין, באטראכט זיך, איידער איך נעם אריין אן אנדערן אף אייער פלאץ, — האט אים מיטן וויז־פינגער געווארנט דער באלעבאס, העלער.

סטיין האט פארלאזן דעם שאפ טראגנדיק מיט זיך זיין סוד, נאר ארויסגייענדיק איז אים געווארן אזוי באנג. ער האט דערפילט, אז ס'איז ניטא קיין בעסערע זאך, ווי האבן א דזשאב און זיין געזונט צום ארבעטן.

מיט עטלען האָט ער באַשלאָסן זיך ניט צו געזעגענען. זי האָט געוואוסט, אַז ער קלייבט זיך אוועקפאָרן אַפן לאַנד אַף עטלעכע וואָכן, נאָר גענוי ווען און וואו האָט זי ניט געוואוסט און עס וואָלט איר ניט איינגעפאַלן, אַז דוד וועט האַנדלען ווי ער האָט געהאַנדלט.

דוד האָט לאַנג געטראַכט וועגן בריוו וואָס ער האָט איר גע־שיקט. פיר מאָל אָנגעשריבן און צעריסן. פריער אַ לאַנגן בריוו, אַ סענטימענטאַלן. דער דאָקטער הייסט זיך אים אויסרוען און ניט וואוינען אין ניו יאָרק אַ צייט. ער פאָרט אוועק אַפן לאַנד, נאָר ער וויל ניט, אימיצער זאָל אים באַדויערן, ער האָט פיינט דעם געפיל פון מיטליד. ער וועט צוריקקומען צו איר, ווען ער וועט זיין אינ־גאַנצן צופרידן מיט זיך. „ניין, דער טאָן טויג ניט". צעריסן דאָס געשריבענע. דער צווייטער און דריטער און פערטער בריוו זיינען געווען נאָך ערגער. זיך צופיל אַרויסגעגעבן. ענדלעך האָט ער איר אָנגעשריבן פאָלגנדיקע שורות:

מיין טייערע עטל:

איך פאָר אוועק אַף אַ לענגערער צייט. אַנטשולדיק, וואָס איך האָב זיך מיט דיר ניט געזעגנט. איך וועל דיר שרייבן, ווען איך וועל זיך איינאָרדענען. דערווייל זאָרג זיך ניט פאַר מיר און פאַרגיב מיין מאָדנע האַנדלונג. אַזוי בין איך. איך ווייס, אַז דו ביסט מיין בעסטער פריינט, וואָס איך האָב און איך פאַרהאָף אַז דו וועסט מיר פאַרגעבן. איך פאַרהאָף אַז עס וועט זיך אַלץ ענדיקן צום גוטן פאַר אונז.

זיי געזונט. גריס די משפחה. דיין אייביקער פריינט,

דוד.

ווען עטל האָט דערהאַלטן דעם בריוו, זיינען אירע אויגן געוואָרן איבערפולט מיט טרערן. זי האָט זיך געפילט באַליידיקט. זי האָט געמיינט, אַז דוד האַקט אָפּ מיט איר זיין לאַנגע פריינטשאַפט. מן־הסתם האָט ער חתונה, איז איר דורך אַ געדאַנק. ערשט ווען זי האָט, אַביסל אַ באַרואיקטע, גענומען אַנאַליזירן דעם אינהאַלט פון די שורות, האָט זי אָנגעהויבן צו זיך קומען.

פריער פון אַלץ איז זי אוועק, נאָך דער אַרבעט, צו אים אין

שאַפּ. דאָרט האָט מען איר דערקלערט, אַז ער האָט פאַרלאָזן מיט דריי טעג צוריק. וואו און פאַרוואָס האָט ער ניט דערקלערט. דאַן איז עטל אַרויף צו זיין קוואַרטיר. די באַלעבאָסטע האָט איר דערקלערט, אַז דוד איז אַוועק אין אַן אַנדער שטאָט, אַף אַ בעסערן דזשאָב. די באַלעבאָסטע איז געווען אויסער זיך צו הערן, אַז עטל וויים גאָרניט דערפון, אַז ער האָט זיך מיט איר ניט געזעגנט.

— ער איז געווען זייער צעטראָגן, — האָט זי דערציילט עטלען, — ער האָט מיט זיך מיטגענומען צוויי סעמשלעך און דאָ איבערגעלאָזט אַ פּאָר זאַכן און ביכער. איך האָב געמיינט, אַז איר ווייסט אַלץ. אַוועק אין אַ פרעמדער שטאָט און נאָך אַזאַ פאַרקילטער דערצו. אַן אָרנטלעכער יונגערמאַן. פאַרוואָס ער האָט אייך ניט געזאָגט, איז מיר שווער צו פאַרשטיין, נאָר זאָל אים דער אויבערשטער העלפן, וואו ער איז.

עטל האָט ניט געוואוסט צי זיין אין כעס, צי זיין פאַרזאָרגט. אַף דודן האָט זי זיך ניט געגלויבט, אַז ער זאָל אָט אַזוי האַנדלען. און אפשר האָט ער געמוזט. נאָר וואָס פאַרא סוד שטעקט אין דעם?

## 2. אין אַ ווייסער וועלט.

קיינער האָט דודן ניט באַגלייט צו דער באַן־סטאַנציע, ווען ער האָט אין אַ זאַווערוכעדיקן פרימאָרגן זיך אַריינגעלאָזט מיט ביידע שווערע טשעמאָדאַנעס אין רחבותדיקן גרענד סענטראַל וואָקזאַל. מענטשן זיינען אָנגעקומען פון אַנדערע שטעט, מענטשן האָבן זיך געקליבן פאַרלאָזן ניו יאָרק, נאָר אַף אַלעמענס פּנים'ער איז געלעגן די גרויסשטאָטישע אומרו; מע איז געווען פאַרהאַוועט, מע האָט זיך ערגעץ וואו געיאָגט אין דערוואַרטונג, מע איז אַריינגעפאַלן אין די אָרעמס פון פריינט, מע איז באַגלייט געוואָרן פון נאָענטע; מע האָט געטומלט, געלאַכט, געוואָרפן פאַרבענקטע בליקן. מע איז ניט געווען איינזאַם.

דוד האָט געפילט, ווי ער קלייבט זיך אין פאַשיקונג, ער פאָרט ניט ווערן געזונט, נאָר געזונטערהייט אַ תּל ווערן. אפשר ניט פאָרן? קיינער צווינגט אים ניט . . . נאָר ביידע דאָקטוירים האָבן דאָך גע־

זאָגט, אַז ער וועט געזונט ווערן און צו זיין געזונט, איז דאָך דער תמצית פון זיין לעבן. ווי האָט יאַנאָווסקי אים געזאָגט, ווען ער האָט זיך מיט אים געזעגנט: „זאָל אייך דוכטן, אַז איר האָט אַ לאַנגע וואַקאַציע. כ'ווייס פון מעמבערס וואָס וואַרטן אַף דער געלעגנהייט, אַז מע זאָל זיי שיקן אַהין און פאַראַן אַזעלכע וואָס מע האָט געשיקט אַהין אַף אַ דריי חדשים, האָבן זיי זיך געבעטן, מע זאָל זיי דאָרט לאָזן זיין די פולע ניין מאָנאַטן. זייט ניט קיין נאַר, סטיין, אַז איר וועט זען, אַז איר „פיקסט" זיך, איילט זיך ניט צו פאַרלאָזן. וואָס לענגער איר וועט דאָרט זיין, וואָס בעסער וועט עס זיין פאַר אייך".

ווען די באַן האָט זיך אַ ריר געטאָן פון אָרט און אָנגעהויבן פּאַוואָליע זיך אַרויסגליטשן פון די לאַפּעס פון ניו יאָרק, האָט דוד געפילט ווי עפּעס גליטשט זיך אַרויס פון זיינע הענט, ווי אימיצער רייסט אים אַרויס פון זיין פריערדיקן לעבן און ער, אַ הילפלאָזער, לאָזט זיך פירן דורך פינסטערע טונעלן, אַ פאַראורטיילטער צו אַ לעבן פון שרעק און פּיין, ניט צו אַ לאַנגער וואַקאַציע. דאָס ריטמישע קלאַפּן פון די רעדער אַף די רעלסן איז פאַר דודן געווען — רייד פרעמדע און פראַסטיקע און אַזעלכע, פון וועלכע ער האָט דערפילט אַ פאַר־גליווערטקייט.

די באַן האָט געדאַרפט אָנקומען אין סאַנאַטאָריום־שטעטל פאַרנאַכט. דער צוג איז געווען אַ לאָקאַלער און זיך כסדר אָפּ־געשטעלט לעבן שטעטלעך.

מענער און פרויען מיט קינדער האָבן געהאַלטן אין אַרויפשטייגן און אַראָפּשטייגן. דוד האָט ניט געוואָלט מיט קיינעם פאַרפירן קיין שמועס. ער איז געזעסן, דאָס פּנים צוגעשמידט צום פענסטער, ווי די קאַלטע שויב וואָלט געווען זיין נאָענטסטער פריינט דאָ. וואָס ווייטער די באַן איז אַריינגעדרונגען אין די באַרגיקע מקומות, אַלץ מער האָט זיך געביטן דאָס געמיט בא דודן. ווייסע לאַנדשאַפטן, ווייסע בערג, ריינער, אומענדלעכער שניי. זעלטן זעט מען אַ ישוב, פּוסטע פעלדער, נאַקעטע בערג. אַלץ ווייס, ווייס, ווייס. דוד האָט זיך געפילט אַרומגערינגלט פון אָט דער ווייסקייט, וואָס האָט אים גע־

לאָקט צו זיך און צוגעזאָגט אזעלכס, וואָס ער האָט קיינמאָל פריער ניט געזען, ניט דורכגעלעבט.

איז דאָס אַלץ געווען אַ חלום? וואו געפינט ער זיך? וואוהין מ׳־אָגט אים די באַן? ער איז קראַנק. די שפּיצן לונגען אָנגעגריפן. ער איז ברוכוואַרג. ווער ווייס, צי ער וועט אַמאָל אַרויס אַ געזונטער פון דאָרט. אַ טייערע ירושה האָט אים די מאַמע געלאָזט. נאָך גוט וואָס ער האָט ניט חתונה געהאַט מיט עטלען. אויב צאָלן דעם פּרייז פון זיינע ביטערע, הונגעריקע קינדער יאָרן, זאָל ער אַליין צאָלן. ער האָט זיך דערמאָנט אין זיינע צוויי שוועסטער און איין ברודער, וועלכע ער האָט איבערגעלאָזט אינדערהיים. זיי זיינען געזונט, האָבן חתונה געהאַט, האָבן קינדער. פאַרוואָס איז עס עפּעס אויף אים אויסגעפאַלן די קללה אַריינצופאַלן אין אַ סאַנאַטאָריום? וואָס איז אַ סאַנאַטאָריום? איז ער דער איינציקער דאָ אין באַן וואָס פאָרט אהין? ער האָט זיך אַרומגעקוקט אין וואַגאָן און געזען אַלץ ניט קיין אידישע פּנימער, דאָרפישע, פעסטע, אָנגעכמורעטע.

אַן איינזאַמע סטאַנציע, צווישן ריזיקע בערג, האָט זיך ווי גע־טוליעט צו דער אָנגעקומענער באַן, וואָס האָט געסאָפּעט און גע־ברומט, ווי זי וואָלט געמאָלדן: געבראַכט אייך אַ פּאַסאַזשיר פון ניו יאָרק, זיך דאָס אָנגעפאָרן מיט אים. כ׳מוז ווייטער לויפן. אַ גוטן.

אַ געלער פאַרמאַכטער אָטאָמאָביל־וואָגן האָט געוואַרט אויף דודן. אַ מאַן אין אַ בלויען שווערן סוועטער האָט אויסגערופן דודס נאָמען און אים צוגעפירט צום אָטאָמאָביל. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז מיט דערזעלבער באַן איז פון ניו יאָרק אָנגעקומען נאָך אַ פּאַסאַזשיר, אַ פּאַציענט, אַ מיטליעריקער איד.

פאָרנדיק צוזאַמען אין דער מאַשין האָט דער איד זיך גע־פּרואווט באַקאָנען מיט דודן, געוואָלט וויסן דודס צושטאַנד, צו וועלכער שטופע זיין קרענק געהערט, צי איז ער אַ באַווייבטער, א. א. וו., נאָר דודן איז געווען שווער אויסצורעדן אַ וואָרט צום אידן. ער האָט זיך נאָך אַלץ ניט געוואָלט גלויבן, אַז ער פאָרט טאַקע אין סאַנאַטאָריום אַריין, אַז ער וועט באַלד זיין אַ פּאַציענט און זיין אַנדערש פון אַלע מענטשן אויף דער פריי.

די מאַשין האָט זיך נעטראָגן איבער ווייסע, וויסטע פעלדער. אין ערגעץ האָט מען קיין הויז ניט געזען. אַ ווייסער מדבר, ווייסע בערג, ווייסער אומעט.

ענדלעך איז די מאַשין אַריין אין אַן אַלייע. פון ביידע זייטן זיינען געשטאַנען, ווי אַן ערן־וואַך, נאַקעטע ביימער, כמעט אַלע פון איין גרויס און דיק. אָפּגעשטעלט האָט זיך די מאַשין לעבן אַ צווייר־שטאָקיקער געביידע, וואָס איז כמעט אינגאַנצן באַשטאַנען פון פענ־סטער, וועלכע זיינען, צו דודס דערשטוינונג, געווען ברייט אָפן, ניט געקוקט אַף דער בייסיקער קעלט. דאָרט האָבן זיך געפונען דער אָפּיס און שפּיטאָל פון סאַנאַטאָריום. אַלע נייע פּאַציענטן האָבן די ערשטע צייט געמוזט ליגן אין שפּיטאָל.

ס׳איז געווען פאַרנאַכט. אַ נוירס מיט אַ קראַנק פּנים און אַ זויערער מינע, האָט די ניי־אָנגעקומענע צוויי פּאַציענטן געוואויגן, געמאָסטן, געשטעלט אַ צעטל פראַגעס און נאָכדעם זיי אַריינגעפירט אין אַ ווייס גרויס צימער, אין וועלכן עס זיינען געשטאַנען פיר אייזערנע בעטן, צו צוויי אַף אַ זייט. אין צוויי בעטן זיינען געלעגן פּאַציענטן שטאַרק איינגעדעקטע, וואָס האָבן נייגעריק אַרויסגעשטעקט זייערע נעזער און אויגן צו געבן אַ קוק אַף די ניי־אָנגעקומענע.

— גרינהאָרנס אָנגעקומען! צוויי אויפאַמאָל! — האָט זיך דערהערט אַ לאַכעדיק קול פון אַ ליגנדיקן. אים האָט געענטפערט זיין שכן פון צווייטן בעט: — נאָוואָבראַנצעס אין גאָסודאַרסקן פּאָלק.

די נוירס האָט די ניי־אָנגעקומענע געהייסן נעמען אַ וואַרימען טוש און זיך אַריינלייגן אין די בעטן און וואַרטן, ביז מע וועט פאַר זיי ברענגען וועטשערע. זי האָט זיי אויך געגעבן האַנטיכער און גלייך האָט מען אַריינגעבראַכט זייערע טשעמאָדאַנעס, פון וואַנען זיי האָבן אַרויסגענומען זייערע פּידזשאַמעס.

שטייענדיק אונטערן וואַרימען טוש האָט דוד געפילט, ווי ער וואָלט זיך מאַכן צו נאַר. נאָך אָנשטאָט לאַכן פון זיך, האָט ער גע־פילט ווי צום וויינען. „היינט, דעם אַכטן יאַנואַר, ווער איך אַ פּאַ־ציענט", האָט ער געזאָגט צו זיך אַליין. ווען ער איז אַריין אין צימער זיינען די פענסטער געווען פאַרמאַכט. ער האָט זיך אַריינגעלייגט

אין קאַלטן בעט און זיך איינגעהערט צו דער שטילקייט פון אַרום, אַרומגעקוקט זיך אין דער נאַקעטער פוסטקייט פון צימער און גע־וואָלט מיטן שכל באַנעמען, וואָס קומט דאָ פאָר מיט אים. נאָר דער קאָפּ האָט אים איצט ניט געדינט. ער האָט בלויז געפילט, אַז ער ווערט אויס דוד, אויס מענטש. ער איז אַ טייל פון אַן אומבאַוועג־לעך בעט, פון פוסטן צימער.

דוד האָט זיך איבערגעשראָקן, ווען ער האָט דערהערט דאָס קול פון דער נוירס לעבן זיין בעט. זי האָט אים אָנגעזאָגט ווי זיך צו פירן דאָ: ניט ריידן מיט קיינעם, ניט אַרויסגיין פון בעט ביז דער באַשטימטער צייט. זי האָט אים געגעבן אַ טערמאָמעטער און אים אָנגעזאָגט ווי אים צו נוצן. זי האָט אים געלערנט מאַכן אַ שפּיי־קעסטל פון קאַרטאָן און אים געגעבן אַ פּעקל מאַרלע (גאַזע) אין וואָס אַריינצוהוסטן. קיין טאַשנטיכלעך איז ניט דערלויבט געוואָרן צו באַנוצן.

אַ באַדינער אין ווייסן האָט אַריינגערעדלט אַ ווייס טישל, אויף וועלכן עס זיינען געשטאַנען צוויי טאַצן מיט געקעכץ. ער האָט פאַרמאַכט אַלע פענסטער, אַוועקגעשטעלט צוויי בענקלעך, איינס קעגן אַנדערן און געהייסן די נייע פּאַציענטן זיך אָנטאָן און עסן.

דודס שכן האָט געהייסן פינק. ער האָט באַמערקט ווי דוד עסט אָן אַפּעטיט, האָט ער אים געלערנט: „מיסטער, דאָ וועט איר זיך דאַרפן אויסלערנען עסן, וואָס מער עסן. דאָ וועט מען אייך שטאָפּן, ווי אַ גאַנז פאַר פּסח". עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז פינק איז געווען ניט קיין נייער דאָ. מיט אַ יאָר פיר צוריק האָט ער דאָ פאַר־בראַכט אַ פינף חדשים, איצט איז ער געקומען אָפּנעמען די איבעריקע פיר.

נאָכן עסן — צוריק אין די בעטן אַריין. די שכנים פון דער צווייטער זייט האָבן ניט געגעסן אין שפּיטאָל־צימער. זיי זיינען געגאַנגען אין אַלגעמיינעם עס־זאַל. זיי זיינען איצט צוריקגעקומען פריילעכע און זיך אויסטוענדיק, גענומען אויספרעגן דודן און פינקן זייערע לעבנס־געשיכטעס. פון וואַנען זיינען אידן? פון ניו יאָרק, דאָס ווייס מען, נאָר פון וואַנען לאַנדסלייט? פּוילישע? רוסישע? גאַליציאַנער? באַ וואָס אַרבעט מען? ווי לאַנג קראַנק? מע שפּייט

מיט בלוט? באַ וועלכע דאָקטוירים געווען? אַזוי ווי דוד איז גע־
ווען ווינציק געניינגט צו רעדן, האָבן זיי זיך אַ נעם געטאָן צו פינקן.
פינק האָט זיי געוויזן, אַז ער איז דאָ ניט קיין גרינהאָרן און זיי גע־
נומען אויספרעגן אַף פאַרשיידענע אָנגעשטעלטע פון סאַנאַטאָריום.

דוד האָט פון זיי אויסגעפונען, אַז באַלד קומט דער דאָקטער.
אַלע זיינען אַנטשוויגן געוואָרן. אין דער שטילקייט האָט דוד דער־
הערט קולות וואָס זיינען געקומען פון אויבן. דאָס זיינען געווען
פרויען־געלעכטערס און הייזעריקע קוויטשערייען. אַפן צווייטן שטאָק
איז געווען די פרויען־אָפּטיילונג פון סאַנאַטאָריום.

עס האָט זיך אָן עפן געטאָן די טיר און עס איז אַריין אַ מיטל־
וויקסיקער מענטש, אַ פּראָסטער אַפן אויסזען. אים איז נאָכגע־
גאַנגען די נוירס. דאָס איז געווען דער הויפּט־דאָקטער פון סאַנאַ־
טאָריום. ער איז געגאַנגען פון בעט צו בעט און געפרעגט אין אַ
נעלאַסן קול ווי מע פילט און צי דער מאָגן איז אין אָרדנונג. צוקו־
מענדיק צו דודס בעט, האָט ער געפרעגט: — ר' איד, ווי הייסט
איר? — דוד האָט שטיל און ערנסט געענטפערט.

— און שוין לאַנג רופט מען אייך אַזוי? — האָט דער דאָקטער
ערנסט געפרעגט. די פּאַציענטן האָבן אויסגעשאָסן אין אַ געלעכטער.
דער דאָקטער האָט אַ מאַך געטאָן מיטן קאָפּ און ער איז אַוועק.

נאָכן דאָקטערס אַוועקגיין איז דערלויבט געוואָרן זיך אָנצוטאָן
און אַרומשפּאַצירן אין צימער, אין קאָרידאָר און אין שרייב־צימער,
וואו מע האָט געוויינלעך געשריבן בריוו. אַלע האָבן זיך אָנגעטאָן,
נאָר דוד האָט געענטפערט, אַז אים שלעפערט. דאָס האָט אַרויסגע־
רופן געלעכטער באַ די אַלטע פּאַציענטן. — איר וועט זיך נאָך אויס־
שלאָפן די ניין חדשים וואָס איר וועט דאָ זיין. טוט זיך אָן, ר' איד.
— נאָר דוד איז געבליבן אין בעט.

ער איז געשלאָפן געשמאַק און ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט,
האָבן אים די שכנים דערציילט, אַז ער האָט געוויינט אין שלאָף.

אין שפּיטאָל האָט דוד געדאַרפט ליגן אַ וואָך צייט. דאָס איז
געווען אַ געזעץ פון סאַנאַטאָריום. נאָך דער וואָך, אויב דער פּאַ־
ציענט האָט געפילט גוט, איז ער איבערגעשיקט געוואָרן אין דער
„לינטאַ". די „לינטאַ" איז באַשטאַנען פון אַ גרויסן זאַל מיט צוויי

לאַנגע פּיאַזעס (וועראַנדעס) פון ביידע זייטן זאַל, וואָס האָבן אויס־געזען, ווי די פליגלען פון אַן עראָפּלאַן. אַזעלכע לינטאָס זיינען אין סאַנאַטאָריום געווען דריי. זיי זיינען געשטאַנען אויף באַזונדערע הויך־פּלאַכן. אויף דער העכסטער „לינטאָ" פלעגט מען שיקן די לייכט־אַנגעגריפענע פּאַציענטן.

ליגנדיק אין שפּיטאָל פלעגן די פּאַציענטן ספּעקולירן צווישן זיך אויף וועלכער לינטאָ מע וועט זיי שיקן. דאָס איז פאַר זיי געווען אַ סימן צו טרעפן ווי שטאַרק קראַנק זיי זיינען געווען, ווייל ניט די דאָקטוירים, ניט די נוירסעס האָבן וועגן דעם געגעבן אַנצוגעהערן.

די וואָך וואָס דוד איז געלעגן אין שפּיטאָל האָט זיך אים אויס־געוויזן צו זיין די ערגסטע אין זיין לעבן. ער האָט ניט געקאָנט איינליגן, אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דאָ וועט אים ווערן ערגער. דער הוסט האָט אַביסל אָפּגעלאָזט, נאָר דערפאַר האָט זיך אים גע־דוכט, אַז ער איז אַזוי אָפּגעשוואַכט, אַז ער וועט אויסגיין דאָ אין בעט. אַלץ האָט זיך אין אים אויפגעלייזט. ווייטיקן, פון וועלכע ער האָט קיינמאָל ניט געוואוסט, האָבן זיך איצט באַוויזן. דער קאָפּ האָט ניט געהאַט פון וואָס צו טראַכטן, ניט געקאָנט טראַכטן. ער איז געווען אין אַ געפענגעניש, ער איז אָפּגעקומען פאַר אימיצנס זינד.

עס האָט זיך אים אָפט אויסגעוויזן, אַז ער וועט דאָ אַראָפּ פון זינען, ליגנדיק אַ שווייגנדיקער אַ גאַנצן טאָג און זיך איינהערנדיק צו די נאַרישע קיבעצערייען פון זיינע שכנים. זיי, די שכנים, האָבן גערעדט וועגן: עסן, הוסטן, וועגן אַנדערע פּאַציענטן מיט וועלכע זיי האָבן זיך באַגעגנט באַם עסן, וועגן דער נוירס, וועגן וועטער. יעדן טאָג דיזעלבע רייד, דיזעלבע חכמות, דענערווירנדיקע, איינ־געגעסענע.

זיין איינציקע צעשטרייאונג איז געווען אין אָוונט, ווען ער פלעג קאָנען אַ פּאָר שעה אַרומשפּאַצירן איבערן קאָרידאָר פון שפּי־טאָל. אהין פלעגן אַראָפּקומען פרויען־פּאַציענטקעס און זייער אַנ־וועזנטקייט האָט פאַרגרינגערט די אַטמאָספערע. זיי זיינען געווען מערסטנס יונגע און גאָרניט קיין מיאוסע און דוד האָט ניט געקאָנט פאַרשטיין, אַז אָט די שטיפערישע, אָנגעצונדענע פּנימער זיינען אין שאָטן פון טויט.

שוין אפן צווייטן טאָג פון דודס ליגן אין שפּיטאָל האָבן די פרויען אויבן געפּרוּאווט זיך באַקאָנען מיט די נייע פּאַציענטן. זיי האָבן אַראָפּגעשריגן א „האַלאָ" צו די אַלטע און געפרעגט: „ווער איז אָנגעקומען? איינער א יונגער און דער צווייטער א מיטליע־ריקער? . . . פרעג דעם יונגען ווי מען רופט אים, זאָג מיר ווי קוקט ער אויס, פרעג אים צי ער איז א בחור". די קולות זיינען געווען פון פאַרשיידענע פרויען. נאָך יעדער פראַגע, אָדער ענטפער, איז געוואָרן א געלעכטער.

ווען דודן האָט דער מער באַרעדעוודיקער אַלטער פּאַציענט, וועלכן די פרויען האָבן גערופן מיסטער פאָנאָגראַף, — ווייל ער האָט וועגן אַלעם גערעדט, — דערציילט זיי, אַז דער יונגערמאַן הייסט מיסטער סטיין, אַז דער דאָקטער האָט אים שוין „איניש־יעיטעד", אַז ער איז פון די שטילינקע און אַז מע וועט דאַרפן אים באַקאָנען מיט דער „וועמפּ". פון דער לעצטער באַמערקונג איז אויבן געוואָרן א גרויס געלעכטער און אַלע האָבן אָנגעהויבן רעדן מיטאַמאָל.

מיט דער „וועמפּ" האָט זיך דוד באַקאָנט אין קאָרידאָר דעם קומענדיקן אָוונט. זי האָט געהאַט רויטלעכע האָר, א לענגלעך, שמאָל פּנים, מיט מאָדנע גרינע אויגן, וואָס האָבן אים געמאַגיעט צו זיך. זי האָט געמוזט זיין אַרום דרייסיק, העכער פון מיטלוואוקס, שלאַנק, נאָר ניט דאַר.

— מיסטער סטיין, מיין נאָמען איז בעקי, עס פרייט מיך אייך צו קאָנען. איר, האָט זיך, ווייזט אויס, נאָך ניט צוגעוואוינט צום פּלאַץ, ווייל איר זייט פאַראומערט. עס טויג ניט אַזוי. מע לעבט דאָך נאָר איינמאָל און דאָ איז אַזוי לאַנגווייליק, אַז מע קאָן אויסגיין.

אַרום איר זיינען געשטאַנען נאָך א פּאָר פרויען און זיך גע־שושקעט, צוהערנדיק זיך צום שמועס. דודן איז געווען אומהיימ־לעך. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז זיין צוריקגעהאַלטנקייט וועט זיין א טעמע פאַרן עולם און ער האָט געוואָלט זיך א ווייצל טאָן, נאָר ניט געקאָנט.

— מיסטער סטיין, ווי געפעלן אייך אונזערע פרויען? — האָט בעקי אים א פרעג געטאָן.

— איך האָב נאָך ניט געהאַט קיין געלעגנהייט צו זען מיט ווע־

מען איך האָב דעם כבוד זיך צו געפינען אונטער איין דאַך, — האָט דוד געזאָגט מיט אַ שמייכל.

— אָט אַזוי זאָגט, אַז איר וועט זיך באַקאַנען מיט אונזערע שיינקייטן, וועט איר גאַרניט וועלן פאַרלאָזן דעם שפּיטאָל, — האָט קאָקעטירט בעקי. — גיט אַ קוק אַף די צוויי „זינגפילד פּאַלים" דאָרט אין ווינקל . . . קומט אַהער, מיידלעך, איך וועל אייך באַקאַנען מיט אַ שיינעם בחור. איר דאַרפט וויסן, מיסטער סטיין, אַז בחורים זיינען באַ אונז זייער אַנגעזען דאָ. די מערסטע קאָסטאָמערס דאָ זיינען הוסטנדיקע אידן, וואָס האָבן שוין באַלד אייניקלעך און זיי זיינען שוין ניט אַהין, ניט אַהער. — די מיידלעך האָבן געלאַכט.

— דאָס איז לילי, מיסטער סטיין. לילי דערהאַלט יעדע וואָך אַ באָקס קענדי, דערפאַר, ווי איר זעט, איז זי זייער זיס. און דאָס איז מיין פּריינט ראָוז־מאַרי. זי איז אויסגעבענקט נאָך אַ בחור. באַקאַנט זיך מיט איר, טוט מיר אַ טובה.

די אַלטע פּאַציענטן האָבן דודן גענומען אַף אַ פאַרהער וועגן דער „וועמפּ". דוד האָט די שכנים זיינע פיינט באַקומען. פאַרוואָס — האָט ער אַליין ניט געוואוסט, נאָר באַ אים אין האַרצן האָט זיך דאָ אין די פּאָר טעג פאַרקליבן אַזויפיל האַס, אַז ער האָט אַליין ניט געוואוסט פאַרוואָס און צוליב וואָס.

— מיסטער סטיין, ווי געפעלט אייך די נקבה, די „וועמפּ" הא? זי ברענט אַ וועלט! היט זיך פאַר איר. זי וועט אייך אַנרייצן, נאָר געבן וועט זי אייך אַ מכה. אַזוי טוט זי מיט אַלע. פאַראַן אַ פּאָר שיינע מיידעלעך אויבן. אַז איר וועט קאָנען עסן אין זאַל, וועט איר זיי זען. זיי לאָזן זיך אַ טאָפּ טאָן אויך, איבערהויפּט פון יונגעלייט. איר וועט זיי געפעלן ווערן, ניט געזאָרגט. הלוואַי וואָלט איך געווען אין אייערע יאָרן, וואָלט איך מיך אָסור פאַרסמט מיט זיי.

דוד האָט שפּעטער אויסגעפונען, אַז דער הונגער נאָך אַ פרוי איז געווען די הויפּט־טעמע באַ אַלע פּאַציענטן אין סאַנאַטאָריום. און ער אַליין איז געוואָרן אַ פּאַציענט מיט אַלעמען גלייך און ניט איין־מאָל געווען גרייט אַוועקצוגעבן אַ שטיק לעבן פאַר אַ פרוים שמייכל, פאַר אַ פרוים באַריר.

אין צווייטן פליגל פון שפיטאָל האָבן זיך געפונען די ערנסט־קראַנקע. קיין נעפּערלעך קראַנקע האָט מען אין סאַנאַטאָריום ניט אַריינגענומען. עס פלעג אָבער פּאַסירן, אַז היילנדיק זיך אין סאַנאַ־טאָריום, האָט זיך די לאַגע פונם פּאַציענט פאַרערגערט און דאַן פלעגט מען אַזאַ פּאַציענט האַלטן אין אַ באַזונדערן אָפּטייל פון שפּיטאָל.

די וואָס האָבן זיך געפונען אין צווייטן פליגל האָבן ניט גע־טאָרט פאַרלאָזן זייערע געלעגערס, נאָר די וואָס האָבן זיך געהאַלטן אין בעסערן, איז דערלויבט געווען אין אָוונט אַרומשפּאַצירן אין קאָרידאָר. דוד האָט מיט שווידער באַטראַכט די האַלב־לעבעדיקע, געלע פּנימער און נאָכגעפּאָלגט דעם וואַקלדיקן גאַנג פון די אויס־געצערטע גופים. זיי האָט באַגלייט דער טויט, געהיט זייער יעדן טראָט און געוויזן זיין שאָטן איבער זיי.

איבערהויפּט האָט אויף דודן געמאַכט אַ פּיינלעכער איינדרוק דער פּאַציענט דזשאָו. ער איז געווען אַ איינגל כמעט, דער זון פון אַ מיטגליד. בלאָנד, הויך און גראַציעז. מע האָט געקאָנט זען, אַז דער אויסגעדאַרטער גוף ווערט פאַרברענט פונם פיבער. ווען דזשאָו פלעג זיך באַווייזן אין קאָרידאָר, פלעגט ווערן פריילעך. זיין קול האָט געוואָלט אויפלעבן די אַטמאָספערע, נאָר עס האָט זיך גע־קרישלט און ניט דערגרייכט ווייט. ער האָט קיינעם ניט דורכ־געלאָזט אָן אַ קאָמפּלימענט אָדער אַ שפּאַס.

— וואָס איז עפּעס אַזוי שטיל היינט? וואו איז דזשעני? איך האָב אַ „דעיט" מיט איר. האָט זי מיך פאַרראַטן מיט אַן אַנ־דערן? אויב דאָס איז דער פאַל, וועל איך אים דעם מוח פּלעטן. איך בין גרייט אויף אַ דועל פאַר דער דאַמע פון מיין הארצן.

זיינע אויגן האָבן געפלאַקערט, אַזעלכע גלאַנציקע העל־בלויע אויגן, שטיפערישע און אויסגעהונגערטע נאָך לעבן. די מינוט וואָס ער האָט זיך באַוויזן אין קאָרידאָר, איז ער געווען זייער פריינטלעך צו יעדן מאַן, נאָר אויף אַ פרוי פלעגט ער קוקן אַ גיריקער און קיין זאַך האָט פאַר אים דאַן מער ניט עקזיסטירט, ווי די פרוי. ער האָט זיך איינגענעסן אין איר, די הענט האָבן זיך געריסן זיך צורירן צו איר, אָנרירן איר קלייד, אָננעמען איר האַנט. ער האָט גלייכגילטיק

ניט געקאָנט שטיין לעבן איר. פון באַריר איז ער געוואָרן אַן אויפגערעגטער און ליידנשאַפטלעך, פאַר די אויגן פון די אַרומיקע, מיט בײדע הענט זי אַרומגעכאַפּט און צוגעדריקט צו זיך. די פרוי האָט זיך ניט געוועגט, נאָר עס איז געווען צו זען, אַז ס'איז איר געווען דערווידער זיין ליידנשאַפט, ווייל אַלע האָבן געוואוסט, אַז דאָס וועט אים נאָכהער קאָסטן אַ בלוט־שטורע. פון אַרומכאַפּן ביזן קושן איז געווען דערזעלבער מהלך. דזשאָוס פּנים פלעג נאָכהער ווערן טויט־בלייך, די ליפּן פאַרטריקנט און אָנגסטן פלעגן אויסשלאָגן אַף זיין פּנים. ער פלעג זיך דאַרפן אין עפּעס אָנהאַלטן, אַז ער זאָל ניט פאַלן.

ווען עס איז געווען די צייט פון פאַרלאָזן דעם קאָרידאָר, פלעגט דזשאָו די פרויען באַגלייטן ביז די טרעפּ און טיילמאָל אַרויפגיין מיט זיי כמעט ביז דעם אַריינגאַנג צו דער פרויען־אָפּטייל.

וועגן זיין קראַנקהייט האָט דזשאָו פיינט געהאַט צו רעדן. אין דעם איז ער געווען אינגאַנצן אַנדערש פון די איבעריקע פּאַציענטן, וואָס זיינען ניט מיד געוואָרן צו דיסקוטירן און דעבאַטירן וועגן זייער לאַגע. דזשאָו האָט נאָר געוואָלט מאַכן דעם אָנשטעל, אַז ער איז ניט פאַראינטערעסירט אין זיין צושטאַנד און אים גייט מער אָן זיינע דערפאָלגן איבער די פרויען. ער האָט געוואָלט מיט די מע־נער רעדן וועגן ספּאָרט־נייעס, וועגן פרייז־פייטס, נאָר די מערסטע מענער אין סאַנאַטאָריום זיינען ניט געווען אַמעריקאַניזירט גענוג זיך אָפּצוגעבן צו ספּאָרט.

איינמאָל האָט דער קאָרידאָר געטרויערט. אַ פּאַציענט אין דזשאָוס צימער איז געשטאָרבן. דזשאָו איז אַריינגעקומען אין קאָרי־דאָר מיט אַ פאַראומערט פּנים. דער עולם איז געווען נייגעריק צו הערן איינצלהייטן און זיך געווענדט צו דזשאָון וועגן דעם, נאָר דזשאָו האָט אַרויסגעלאָזט אַ געשריי: — פאַרוואָס לאָזט איר מיך ניט צורו? איר ווילט אויסגעפינען ווי דער מענטש איז געשטאָרבן, גייט אַראָפּ אין מאָרג און גיט אים אַ פרעג. — עס איז געוואָרן שטיל, נאָר ניט אַף לאַנג. דזשאָו האָט דערזען בעקין די „וועמפּ" און זיך אַ לאָז געטאָן צו איר און זיך אָנגעהויבן שושקען מיט איר. זי האָט אים לייכט מיט די פינגער אָפּגעשטויסן פון זיך, נאָר ער האָט זיך

אָנגעהויבן טוליען צו איר און אַז איז שוין זיין אָרעם געווען אַרום איר טאַליע און ער האָט זי אָנגעהויבן צודריקן צו זיך.

אַלע מענער פּאַציענטן פון שפּיטאָל האָבן מקנא געווען דעם מר. ראָס. דאָס איז געווען דער נאַכט־וועכטער פון שפּיטאָל, אַן אויס־געצוימגענער עלטערער מאַן, מיט שטייף־אָנגעצויגענע, פון היץ דורכ־געפרעסענע באַקן און מיט לאַבעדיקע, נאָר צינישע אויגן. אים האָט מען מקנא געווען, ווייל ער האָט געהאַט פרייען צוטריט צו דער פרויען־אָפּטיילונג. אין אָוונט האָט ער כמעט אינגאַנצן פאַרבראַכט אין דער אויבערשטער אָפּטיילונג. די מיידלעך האָבן וועגן אים געזאָגט, אַז ער באַציט זיך צו זיי פּאָטערלעך, נאָר די מענער האָבן געצווייפלט אין זיין גוטסקייט.

דוד האָט זיך דערוואוסט, אַז מר. ראָס איז אַליין אַמאָל דאָ געווען אַ פּאַציענט אין סאַנאַטאָריום און ניט בלויז ער, נאָר אַלע דאָקטוירים און נוירסעס זיינען מיטגלידער פון דער „טי בי" משפּחה.

אין דער וואָך וואָס דוד איז געווען אין שפּיטאָל, האָט ער זיך אויסגעלערנט אַ נייע שפּראַך. ער האָט אויסגעפונען, אַז ער האָט — אַ קאַפּיטשקע קאַטוטע. די עלטערע פּאַציענטן האָבן מיט די נייע איינגעקנעלט, אַז —

איינמאָל קאַטוטע — שטענדיק קאַטוטע.

און — ס'האָט זיי ניט געהאָלפן, ס'וועט אונז אויך ניט העלפן.

צענדליקער מאָל אין טאָג האָט דוד געהערט דיזעלבע חכמה, וואָס איז אַרויסגעזאָגט געוואָרן פון די וועטעראַנען אין שפּיטאָל:

— „איך האָב ניט די קאַטוטע — די קאַטוטע האָט מיך". און די ווערטער, כאָטש זיי זיינען אַרויסגעזאָגט געוואָרן אין האַלב־שפּאַס, האָבן אָבער כאַראַקטעריזירט די אַלגעמיינע שטימונג פון די פּאַ־ציענטן. מע האָט געוואוסט, אַז ס'איז ניטאָ קיין רפואה צו דער קראַנקהייט! מע האָט זיך אָנדערצייילט מעשות און מעשות וועגן מענטשן וואָס זיינען פון די דאָקטוירים דערקלערט געוואָרן פאַר אויס־געהיילטע און עס איז זיי נאָך ערגער געוואָרן.

דאָס שפּיי־שאַכטעלע האָט געהייסן די „דזשולערי באָקס". די געדיכטע שטיקער לייכעץ האָבן געטראָגן דעם נאָמען „קרעפּלעך". ווען דער פּאַציענט האָט אַריינקוקנדיק אין שאַכטעלע — דאָס איז

געטאָן געוואָרן פּינקטלעך פון יעדן פּאַציענט — דערזען, אַז ער האָט געשפּיגן מיט בלוט, האָט דאָס געהייסן „סטראַבערים". די שפּראַך איז אריין אין לעבן פון סאַנאַטאָריום. אַזוי, אַז מע האָט צו די דאָקטוירים באַנוצט דיזעלבע טערמינען און ווען זיי זיינען געווען אויפגעלייגט האָבן זיי צו די פּאַציענטן גענוצט דיזעלבע אויסדרוקן. וואָס לענגער אַ פּאַציענט איז געווען אין סאַנאַטאָריום, אַלץ צינישער איז ער געוואָרן און דער קיבעץ־גייסט האָט אַלעמען באַהערשט.

ווען דוד איז גערופן געוואָרן צום הויפּט־דאָקטער שער אין אָפּיס אַריין עקזאַמינירט צו ווערן, האָט דער דאָקטער כמעט ניט קוקנדיק אין זיין זייט, נאָר זיך וואַשנדיק די הענט, געזאָגט: — ר' איד, טוט זיך אויס ביזן פּופּיק און ציטערט ניט — כ'וועל אייך ניט איינבייסן.

מיט אַ בלויען קרייד האָט דער דאָקטער געמאַכט צייכנס איבער דודס לייב און דערנאָך מיט רויטן טינט געשטראָכן אַפן „טשאַרט", וואָס איז געלעגן אַף זיין טיש. דודן האָט זיך אויסגעוויזן, אַז מיט יעדן שטריך, וואָס דער דאָקטער מאַכט, ווערט אויסגעשטראָכן אַ שטיק לעבן זיינס. דער דאָקטער האָט עס אָבער געטאָן אַזוי געמיטלעך און אונטערגעברומט דערביי אַ גמרא־ניגון.

דוד האָט מיט אומגעדולד געוואַרט אַף אָט־דעם מאָמענט, ווען דאָקטער שער וועט אים עקזאַמינירן. ער האָט זיך געקליבן דערגיין פונם דאָקטער ווי לאַנג ער וועט דאָ דאַרפן זיין, ווי שטאַרק זיינען זיינע לונגען אָנגענריפן און וואָס פאַרא האָפענונגען קאָן ער אים געבן. דוד האָט דעם דאָקטער געשטעלט די פראַגעס מיט אַ ציטער אין קול. דער דאָקטער האָט ווידער ניט געקוקט אַף אים און ווידער זיך די הענט געוואַשן און לאַנגזאַם זיי אָנגעהויבן אָפּווישן מיטן האַנטעכל. דאַן האָט ער קוים־קוים אַ מאַך געטאָן מיט די ליפּן און אַרויסגעזאָגט:

— ר' איד, איר האָט אַ קאַפּעטשקע קאַטוטע, דאַצאָל!

דערווייל פלעגן יעדן טאָג אָנקומען נייע פּאַציענטן אין שפּיטאָל — יונגעלייט און מיטעליעריקע אידן. אַ שטאַרקן איינדרוק האָבן אַף דודן געלאָזן צוויי יונגעלייט אין די צוואַנציקער. איינער האָט געהאַט קאַטוטע איןביידע לונגען און אין דער רעכטער האַנט. זיין קאָפּ

איז געווען איינגאַנצן גרוי. אַן אומענדלעך גוטער און צוגעלאָזענער איז ער געווען. די אַלטע גוואַרדיע, די דערפאַרענע פּאַציענטן, וואָס האָבן געפונען פאַר נויטיק אָפּצושפּעטן און זיך אַמוזירן אָפּן חשבון פון די נאָוואָבראַנצעס, האָבן אָבער דעם יונגנמאַן ניט געטשעפּעט. זיין לאַנג פּנים און די צעשראָקענע, מיט הילפלאָזיקייט אָנגעפּילטע טונקעלע אויגן, האָבן ניט נאָר ארויסגערופן אַן ערנסטע באַציאונג צו אים, נאָר מע האָט געהאַט אָפּשיי פאַר זיינע לאַנגע, ביינערדיקע, איידעלע הענט. ער האָט שלום געמאַכט, ווייזט אויס, מיט דער לאַנגע פון זיינע לונגען, נאָר זיין הויפּט־זאָרג איז געווען זיין אָנגעגריפענע האַנט. ווי אַזוי וועט ער קאָנען צוריק פאַרדינען זיין ברויט?

זיין נאָמען איז געווען לעאָן לאַרקין. ווען איינער פון די פּאַ־ציענטן האָט אים געפרעגט, צי האָט ער ניט משפּחה אין האַרטפאָרד, קאָנ., האָט ער געענטפערט איינפאַך: — איך האָב דאָ קיינעם ניט אין לאַנד. — זיין ענטפער איז געווען אַזוי קורץ, נאָר עס האָט גע־ווירקט אַף די פּאַציענטן. די פרויען האָבן זיך פון אים געהאַלטן פון ווייטן, כאָטש ער האָט זייער געוואָלט, אַז זיי זאָלן זיך באַפריינדן מיט אים. זיין העפלעכקייט, פיינע מאַניערן און אינטעליגענטישער ענגליש זיינען געווען זיינע אייגענע באַריערן, וואָס האָבן אים דער־ווייטערט פונם עולם.

דער צווייטער יונגערמאַן, וואָס איז געקומען אין איין צייט מיט לאַרקינען, איז אויך געווען אַ הויכער, אַן איינגעפאַלענער און ער האָט אומענדלעך געהוסט און אריינגעהוסט אין זיין פּויסט אריין. ער איז גלייך, אין דער ערשטער שעה, געוואָרן דער שפּאַס פונם עולם און אפילו דער טרויעריקער דוד האָט זיך ניט געקאָנט איינהאַלטן און שטאַרק געלאַכט. געהייסן האָט דער יונגערמאַן מעלווין קיננ און ער האָט געקוקט אַף דעם ארומיקן עולם, פון אויבן אראָפּ. עס איז אים ניט אָנגעשטאַנען זיך איינצובירגערן דאָ. ער איז דאָ דורך אַ טעות. מע דאַרף זיין משוגע צו דענקען, אַז ער האָט קראַנקע לונגען. אָ, נאָ, ער וועט דאָ קיין פּאַציענט ניט זיין. מע האָט אים געשיקט אהער בלויז אַף אַ חודש. ער דאַרף תּתונה האָבן קומענדיקן חודש; געקומען איז ער אהער צונעמען וואָג. צופיל נע„באָמ"ט, האָט ער געחכמהט וועגן זיך, גאַנצע נעכט פאַרבראַכט אין טאַנץ־

זאלן, אין קאבארעים, האט ער זיך באריטמט. דא וועט ער זיין געצוואונגען צו לעבן א נארמאל לעבן, אזוי האט מען אים אינדערהיים אנגעזאגט. זיינע עלטערן זיינען געשעפטסלייט. זיי האבן א קראם. „צוליב וואס דארפט איר וויסן וואס פארא קראם? איר קליבט זיך זי אפצוקויפן?"

בעקי, די „וועמפ", האט אים צוגעלאזט צו זיך, נאר גלייך אנגעהויבן קוקן פון אויבן אראפ. — מיט חתנים, וואס זיינען געקומען אהער צונעמען וואג, האב איך זיך מורא אנצוהויבן . . . וואו האט איר זיך אויסגעלערנט אייער געפעפערט לשון? אין די טאנץ־זאלן? כ'האב טאקע אזוי חושד געווען. בחור, איר וועט ווארטן א לאנגע צייט, ביז איר וועט ווידער זיך קענען דרייען אין א טאנץ־זאל. זאלן זיי אייך, די לצים, ניט איינרעדן, אז איר זייט געקומען אהער אף א וואקאציע.

נאר מעלווין קינג האט געהאלטן, אז ער געפינט זיך דא צווישן א באנדע גרינהארנס און אז די פרויען זיינען אויך א „באנטש" אלטע מוידן און אז ער וועט זיך מוזן ארויסכאפן פון דאנען אז אוונט א לעב טאן אין א דערבייאיק שטעטל. חברה האט געלאכט, אים צוגעגעבן מוט, צוגעזאגט צו געבן אדרעסן, ווען ער'ט האלטן דערביי. מע האט אים א נאמען געגעבן דער לאקש (יעדער פאציענט פלעגט גלייך באקומען א צונאמען פון דער אלטער גווארדיע). מע האט אנגעהויבן איינקנעלן מיט אים, אז ער האט — א קאפעטשקע קאטוטע און אז פון דאנען וועט מען אים אוועקשיקן קיין דענווער, קאלאראדא, און פון דארטן גלייך — צום צאר־באטיושקא. מעלווין קינג האט אבער זיך געהאט זיינע ווערטלעך און ער האט געענטפערט מיט — איר זייט אלע משוגענע דא. ניט די לונגען דארף מען אייך היילן, נאר דא (האט ער אנגעוויזן אפן שטערן). אדער מיט א — איר וועט אלע צעפלאצט ווערן, זעענדיק ווי איך וועל ארויס פון דאנען, אזוי שנעל ווי איך וועל צונעמען א פאר פונט. איך וועל אייך שיקן אן איינלאדונג צו מיין חתונה, נאר קומען זאל קיינער ניט פון אייך. דארט וועלן זיין בלויז קלארע מענטשן.

דער עולם האט זיך נערייצט מיט אים. ער האט זיך אויפגערעגט און נאך מער געהוסט. ער איז געווארן אין כעס און אנגע־

שריבן אַ בריוו אַהיים, אַז מע זאָל אים גלייך צונעמען פון דאַנען, ווייל ער וויל זיין צווישן אייגענע אַמעריקאַנער, ניט צווישן אַ באַנדע גרינהאָרנס.

## 3. אָף דער פריי.

ענדלעך איז געקומען דער גליקלעכער טאָג, ווען דער דאָקטער האָט אָנגעזאָגט דודן, אַז ער ווערט אַ „פרייער מענטש", אַז ער קאָן זיך שוין אַריבערקלייבן פון שפיטאָל אָף דער לינטאָ. זיין מוט איז געשטיגן, ווען ער האָט געהערט אַז ער וועט זיין אָף דער העכסטער לינטאָ. די איבעריקע פאַציענטן האָבן אים מקנא געווען. ס'האָט געהייסן, אַז ער איז אַ „געזונטער", ניט קיין סך אָנגעגריפענער, אַז ער וועט אפשר ניט דאַרפן אויסזיין דאָ די פולע ניין מאָנאַטן.

ווען דוד איז אַרויס אין פראַקטיקן דרויסן, האָט ער געפילט, ווי ער וואָלט פון אַ געפענגעניש, וואו ער האָט יאָרן־לאַנג פאַרבראַכט, ניט איין וואָך, אָף דער פרייער וועלט אַרויס. דער ווייס־בלענדנ־דיקער שניי אָף די אַרומיקע פעלדער און אָף די בערג האָט אים אָנ־געפילט מיט פרייד און האָפנונג און גייענדיק אָף די געדרייטע, היל־צערנע טרעפּלעך אַרויף צו דער לינטאָ, האָט זיך אים אויסגעוויזן, ווי ער ווערט העכער און שטאַרקער און ער וועט לעבן און געזונט זיין. ער האָט דערשפירט אַ כוח אין זיך און ער האָט געשפּרייזט מיט אַ געהויבענעם קאָפּ.

ער איז אַריין אין אַ גרויסן וואַרעמען זאַל, וואָס איז געווען אינ־גאַנצן באַפענסטערט. עס האָט זיך געפילט אַזאַ רחבות אין דעם פוסטן זאַל און באַ די עסלעכע טישן וואו עס זיינען געזעסן פּאַ־ציענטן און געשפּילט דאַמינאָ און שאַך, האָט זיך געפילט אַזאַ געמיטלעכקייט און פוילקייט. ווען דוד איז אַריינגעקומען מיט זיין זעקל זאַכן, האָבן אים די בירגער באַגעגנט מיט אַ „שלום עליכם, אַ גרינ־האָרן" און מיט אַ „ר' איד, איר האָט אַ קאַפּעטשקע קאַטוטע?"

איבער די טישן האָט זיך געהערט אַ „וואו איז די רעסעפּשאָן־קאָמיטע?" און „וואָס איז דאָס פאַרא ביזנעס? מיר וועלן דאַרפן אַראָפּוואַרפן די אַלטע קאָמיטע, זי איז „נאָ גוד" און דערוויילן אַ נייע,

מע דאַרף האָבן נייע וואָלן, דאַרף מען האָבן. אַ חרפּה פאַר לייטן. ס'קומט אַ גאַסט און די קאָמיטע איז מן־הסתם אין טאָילעט.

— העי, פאַרמאַך דאָרט דיין היפּאָדראָם! יעדער דאַרף וויסן ווער דו ביסט?

ענדלעך האָט זיך איינער אויפגעהויבן. די איבעריקע באַם טיש האָבן פאַרלאַנגט, אַז ער זאָל ענדיקן די נעים, נעוואָר מיינד דער גאַסט. אימיצער אַנדערש וועט אים ווייזן די „תורה", נאָר ער האָט זיך געווענדט צו דודן מיט אַ: — איר זייט דעם ערשטן מאָל דאָ?

— דוד האָט געהערט ווי מע האָט נאָכגעשריען: — העי דאָרט, האָסט פאַרלאָרן די נעים, דערפאַר האָסטו זיך אויפגעשטעלט. מע קאָן דיך, פעטער."

דער מכנים אורח האָט דודן צונעפירט צו דער זייט פון זאַל וואָס האָט געפירט צו דער לינטאָ. דאָרט זיינען געשטאַנען אין אַ ריי אַ צאָל „לאָקערס", וואו די פּאַציענטן האָבן געהאַלטן זייערע זאַכן. אַ שמאָל קעמערל, אַ הילצערנס, מיט טשוועקעס אויפצו־הענגען אַנטועכץ, מיט אַ פּאָר פּאָליצעס פאַר זאַכן. דוד האָט אריינגעלייגט זיין פּעקל אַהין. קיין שליסל האָט מען ניט געדאַרפט. אַלע לאָקערס זיינען געווען אָפן. דודס וועגווייזער האָט אים ארויס־געפירט אַף דער פּיאַזע, וואו עס זיינען געשטאַנען אויסגעשטעלט אין אַ ריי צען בעטן, האַרט איינס לעבן אַנדערן. דאָ האָט דוד גע־דאַרפט פאַרברענגען זיין צייט.

— ווייסט איר ווי אַזוי צו מאַכן אייער בעט? — האָט דער וועגווייזער אים געפרעגט און איידער דוד האָט נאָך באַוויזן צו ענטפערן, אַז ער וועט עס אַליין טאָן, האָט יענער אים אָנגעהויבן לערנען די „תורה", ווייל — אויב איר טוט עס ניט ווי מע באַ־דאַרף, וועט איר פאַרפראָרן ווערן און איר וועט ניט קאָנען שלאָפן באַנאַכט."

ווען דוד איז צוריק אריין אין זאָל האָט ער געזען, ווי דער עולם איז נאָך אַלץ פאַרטאָן אין די שפּילן און מע שענקט אים ניט קיין אויפמערקזאַמקייט. שלמה, אַזוי האָט געהייסן דודס וועגווייזער דאָ, האָט זיך גלייך אַוועקגעזעצט באַ טיש און אָנגעהויבן זיך אריינמישן אין אַ נעים. דוד האָט געהערט, ווי מע האָט זיך דאָרט

געטומלט. באַ אַן אַנדער טיש האָבן די שפּילער צוזאַמען געברומט אַ ניגון, עפּעס אַ ראש־השנה־ניגון, וואָס ער האָט אַמאָל אַלס קינד געהערט אין שול.

אונטן האָבן זיך געפונען די וואַש־צימערן און שפּריצן. עס זיינען אַרויפגעקומען מענטשן און באַקוקט פון דער זייט דעם נאָ־וואַבראַנעץ און אַ זאָג געטאָן צום עולם:

— נאָך אַ גרינהאָרן? אַמעריקע, זאָג איך אייך, איז אַ רייך לאַנד. עס פעלט ניט אויס. — דוד האָט געשמייכלט.

צום ערשטן מאָל איז איצט דוד געגאַנגען מיט זיינע לינטאָ־חברים אין עס־זאַל אַראָפּ. ער האָט זיך געפילט מונטער און דער אַפּעטיט האָט זיך אין אים צעשפּילט, אַ דאַנק דער שאַרפער באַרג־לופט. ער האָט פאַר זיך דערזען אַ ליכטיקן, גראַמען זאַל מיט פריי־לעכע, אויסגעפּאַשעטע, טומלדיקע מענטשן און עס האָט זיך אויס־געוויזן, אַז דאָ ווערט געפּראַוועט אַ באַנקעט פאַר אימיצן.

דער געהילף־דאָקטער, וואָס האָט געהייסן רובין, נאָר די פּאַ־ציענטן האָבן אים אַ נאָמען געגעבן דר. שטילשטאַנד, וויל ער פלעגט אָף דער פראַגע פון די פּאַציענטן וועגן זייער לאַגע, האָבן איין ענטפער — אייער לאַגע איז אין אַ שטילשטאַנד, האָט דודן באַשטימט זיין פּלאַץ באַ אַ טיש. יעדער טיש האָט געהאַט זעקס ערטער. דוד האָט זיך באַקאַנט מיט זיינע טיש־חברים און וואָרפנדיק זיין בליק איבערן זאַל, דערזען ווי אַלעמענס בליקן זיינען אָנגעשטעלט אָף אים, איבערהויפּט האָבן די פרויען זייערע העלזער געשטרעקט צו כאַפּן אַ קוק אָפן גרינהאָרן.

אויך באַ זיין טיש איז געזעסן אַ שוואַרצהנעוודיקע מיידל. דוד האָט פון איר אויסדרוק אָפן פּנים פאַרשטאַנען, אַז זי פילט זיך גוט דערפון וואָס באַ איר טיש זיצט אַ בחור און ווען דודס בליק האָט זיך באַגעגנט מיט אירן, האָט זי זיך פאַררויטלט און אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

מע האָט זיך געקיבעצט באַם טיש, געלאַכט פון דודן וואָס ער עסט אַזוי ווינציק, כאָטש דודן האָט זיך אויסגעוויזן אַז ער האָט נאָך אָף זיין לעבן ניט געגעסן אַזויפיל אין איין מאָלצייט. דאָס עסן איז געווען געשמאַק, ניט קיין קאַפּעטעריע שפּייז, אָף וועלכער

ער האָט זיך געהאַדעוועט אַזויפיל יאָרן. מע האָט ניט געדאַרפט זיך יאָגן נאָך אַ פּלאַץ און קוקן אַפן זייגער און שטופּן אין זיך דעם סענגדוויטש. דאָ האָבן קעלנער אין ווייסן באַדינט און געווען גרייט צו ברענגען נאָך און נאָך. די שכנים באַם טיש האָבן די קעלנער געהייסן געבן דודן נאָך אַ פּאָרציע זופּ, אַזוי ווי זיי האָבן געגעסן, נאָר דוד האָט געדרייט מיטן קאָפּ און זיך געבעטן מע זאָל אים ניט איבערפירן.

קוקנדיק אַף די פּריילעכע זאָרגלאָזע געזיכטער און זעענדיק פאַר זיך אַזויפיל מענטשן, האָט דוד געטראַכט וועגן דעם ווי זיי קומען אַהער. יונג און אַלט, פּעט און דאַר — אַלע אַרבעטער, קרבנות פון אַ לעבן פון דחקות און נויט, פון פאַרפּעסטיקטע שעפּער און פאַבריקן, קרבנות פון צופיל שקלאַפעריי, פון צופיל אַרבעטן און צו ווינציק עסן און רוען. ווער האָט באַ זיי צעגערויבט זייער לעבן, זייער געזונט? איצט עסן זיי ווי מענטשן, איצט, ווען ס'איז שוין אפשר צו שפּעט, ווען דער חלף ליגט אַפן האַלז.

איבערהויפּט האָט דודן געקרענקט וואָס פרויען געפינען זיך דאָ. ער איז פאַרכאַפּט געוואָרן פון עטלעכע שיינע, יונגע בלוט־און־מילך פּנימער. אַ ווייטיק האָט אים אַרומגענומען. ער האָט ניט געקאָנט מער עסן. ער האָט געקוקט אַף די מיטליעריקע פרויען, מאַמעס פון קינדער, וואָס האָבן אויסגעזען אַזוי גוט דאָ און געטראַכט וועגן זיין איינגענער מאַמען וואָס איז אויסגעגאַנגען ווי אַ ליכט אינם דושנעם קעלער.

אין דודס לינטאָ האָבן זיך געפונען 17 פּאַציענטן, כמעט אַלע זיינען שוין דאָ געווען אַ לענגערע צייט, ניט ווינציקער ווי דריי חדשים. אַנדערע, ווידער, האָבן שוין געציילט די טעג און נעכט, וואָס עס איז זיי נאָך פאַרבליבן דאָ צו זיין.

פאַרן און נאָכן עסן האָבן די פּאַציענטן געדאַרפט ליגן אין די בעטן אַף דער פּיאַזע. אין אָוונט האָבן זיי געהאַט צוויי שעה צו פאַרברענגען. זיי האָבן געמעגט שפּאַצירן אָדער באַזוכן אַנדערע לינטאָס.

אַזוי ווי אין דרויסן איז געוואָרן אַ זאַווערוכע, האָבן זיך אַלע

פּאַציענטן פון דער לינטאַ פּאַרקליבן אין זאַל. צוליבן נייעם קוואַר־טיראַנט איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַן איינשוועת־צערעמאָניע. דער פּאָרזיצער פון דער לינטאַ, משה לעץ, אַ מיטליעריקער אַרבעטער, מיט שוואַרצע וואָנצעס, וואָס האָבן אים צוגעגעבן אַ וואַזשנעם אויס־זען, האָט זיך כסדר געוואָרפן מיט פּסוקים פון דער תורה. דאָס האָט ער געוואָלט מאַכן אַן איינדרוק מיט זיין געלערנטקייט אויף דעם יונגען דודן. ער איז געווען דער עלטסטער פּאַציענט אויף דער לינטאַ און דער גרעסטער ציניקער. ער האָט געהאַלטן פאַר דודן אַ מוסר־רעדע, וואָס איז געווען פול מיט צווייִדייטיקע אָנצוהערענישן.

דער עולם איז געווען אַרומגערינגלט אַרום אַ טיש און זיך איינ־געהערט מיט אָפענע מיילער און ציניש־ע בליקן צו משהס רייד. ער האָט פאַר דודן דערקלערט די כללים פון דער לינטאַ:

1. ניט שפּייען אויפן דיל — נאָר אויף דער סטעליע.
2. פּאַרשטעלן זיך ס'מויל מיט מאַרלע, ווען מע הוסט, אָדער, בעסער, איינגאַנצן ניט הוסטן.
3. ניט דערציילן קיין שלעכטע, פּעפּערדיקע וויצן, נאָר — גוטע.
4. ניט שפּילן קיין קאָרטן, ס'איז ניט אָנשטענדיק, נאָר, — האָט ער צוגעגעבן מיט אַ קראַץ איבער דער פּאַטילניצע, — אויף מיין לעבן האָב איך נאָך קיין אָנשטענדיקן קאַ־טוטניק ניט געזען.

דער עולם האָט פּאַרלאַנגט פון דודן אַ „ספּיטש". דוד האָט געענטפערט, אַז דאָס איז זיין ערשטע עפנטלעכע רעדע וואָס ער האַלט אין זיין לעבן און אַזוי ווי ער איז אַ נייער, וועט ער זיך לערנען פון די דערפאַרענע. דאָס איז דעם עולם געפעלן געוואָרן און עס האָבן זיך געהערט אויסרופן: — דער בחור איז דאָך ניט קיין כניאָק!

גלייך נאָכן מיטינג האָט זיך דער עולם צעוואָרפן אין גרופּקעס. מע האָט ווידער געשפּילט אין ביינדלעך, מע האָט געשריבן בריוו, געלייענט צייטונגען. איין יונגערמאַן האָט אָנגעשטעלט די וויקטראָלע וואָס איז געשטאַנען בא דער וואַנט אינמיטן צימער. דער פּאָרזיצער

פון דער לינטאַ, משה לעץ, איז געזעסן אין אַ ווינקל און געמאַכט אַ קערטל מיט נאָך דריי שכנים.

דודן איז געווען זיך שווער צוצופּאַסן צו דער אַטמאָספערע דאָ. עס איז אים ניט געלעגן אין קאָפּ צו שפּילן אין ביינדלעך, אָדער לייענען אַ צייטונג. ער האָט זיך צוגעהערט צו דער מוזיק. אַ פידל־שפּילער האָט דורך דעם רעקאָרד זיך אויסגעוויינט דאָס האַרץ און דוד האָט אים פאַרשטאַנען. דער יונגערמאַן וואָס האָט אָנגע־שטעלט די רעקאָרדס איז געווען אַ שווייגנדיקער און דוד האָט באַ־מערקט, ווי יענער וויל ניט פאַרפירן קיין שמועס אַצינד. אויך אים האָט דוד פאַרשטאַנען.

באַלד האָט זיך אָבער דערהערט איבערן זאַל אַן אויסברוך פון צאָרן, וואָס איז געקומען פון איין טישל. די קולות זיינען געוואָרן העכער און בייזער. איינער האָט מיט אַן אָנגעצונדן פּנים געקלאַפּט מיט דער דלאָניע אין טיש. מע האָט זיך געקרינגט צוליב אַ ביינדל. דוד האָט געוואוסט, אַז די קלענסטע אויפרעגונג קאָסט דעם קראַנקן טייער. די פידל האָט געבעטן מע זאָל זי אויסהערן. דוד האָט גע־שווינגן פאַרלאָרן.

ער האָט ארומשפּאַצירט איבערן זאַל און באַקוקט די דעקאָ־ראַציעס אויף די ווענט. דאָס זיינען געווען צייטונג־אויסשניטן פון אַנטבלויזטע פרויען, פרויען אין באָד־קאָסטיומען און מאָווי־אַקטרי־סעס אין רייצנדיקע פּאָזעס. נאָר אין איין ווינקל איז אין אַ רויטער פּאַפּירענער ראַם געווען איינגעפּאַסט אַ קליין בילד פון לענינען. עס האָט זיך געפילט אין דעם די אַרבעט פון פאַרליבטע הענט.

פאַרן שלאָפן־גיין האָבן זיך די פּאַציענטן אָנגעגרייט מיט „כאַ־זיירימלעך". דאָס זיינען געווען ליימענע פלעשער, וואָס זיינען אָנ־געפילט געוואָרן מיט זודיקע וואַסער און אַריינגעלייגט געוואָרן אין בעט צו האַלטן די פיס וואַרים. בכלל איז דאָס גרייטן זיך צום שלאָפן, אפשר געווען די הויפּט־אַרבעט פון די פּאַציענטן. מע האָט נעדאַרפט זיין באַשיצט פון דער אַטאַקע, וואָס די פראַסטיקע נאַכט האָט זיך געקליבן מאַכן. שלאָפן אין דרויסן איז מען, ביזן סאַנאַ־טאָריום, ניט געוואוינט געווען. און מען האָט זיך גענוג אָנגעליטן דערפון.

אַלע האָבן געמוזט זיין אין די בעטן צען אין אָוונט. דאַן איז אויסגעלאָשן געוואָרן דאָס ליכט אין זאַל. נאָך מיט א שעה פריער איז דער פּאציענט געוואָרן באשעפּטיקט מיט זיין בעט־גארניטור. מע האָט זיך אָנגעפּעלצט אזוי, אז איינער האָט דעם אנדערן ניט דערקענט. דער קאָפּ איז געווען באַדעקט מיט א מין טורבאן, אָדער מיט א געשטריקט וואָלן היטל, די אויערן זיינען פארשטעלט געוואָרן, ארומגעבונדן געוואָרן מיט שאַלעכלעך, מיט ספּעציעלע אויער־פוטער־לעך. מע האָט געטראָגן שווערע אונטערוועש און איבער דעם א לאנג נאכט־קלייד. יעדער האָט זיך געהאט זיין „פּעטנט", מיט וועלכן ער האָט שטאָלצירט און געווען זיכער, אז ער וועט ווידערשטיין די שווערסטע קעלט־אטאקעס. איבערהויפּט איז מען געווען פאָר־זיכטיק מיט די פיס. מע האָט זיך אָנגענורט אין עטלעכע פּאָר שווערע זאָקן. ווען מע איז ענדלעך אריינגעקראָכן אין בעט אריין, האָט מען זיך ערשט אָנגעהויבן צודעקן מיט פיר, אָדער פינף קאָלדרעס. אין דעם האָט געשטעקט א גרויסע „קונסט". דער אמתער קינסטלער האָט געוואוסט ווי אזוי פון די קאָלדרעס מאכן איין זאַק, ווי אזוי צו ליינען א קאָלדרע איבער א קאָלדרע, וואָס זאָל הארמאָנירן. די סודות פון געשיקטן מאכן דאָס בעט האָט מען גע־האַלטן פאַר זיך, אָדער זיך געטיילט מיט די סאמע נאָענטסטע פריינט. צו פריינטלעך איז מען דאָ בכלל ניט געווען. מע איז זיך דערעסן געוואָרן און מע האָט כסדר געפונען קריוודעס אויף די שכנים.

עס איז געווען דודס ערשטע נאכט אויף דער אָפענער לינטאָ. און וואָס פארא נאכט דאָס איז געווען! עס איז אָנגעריטן א זאווע־רוכע און געמאכט אזעלכע ווילדע קולות, אז ס'האָט אָנגענומען א שרעק ארויסצושטעקן די נאָז אין דרויסן. אפילו די אַלטע הינער־פרעסער, אָט די וואָס זיינען שוין דאָ געווען צום לענגסטן, דאָס האָט געמיינט ארום אכט מאָנאטן, האָבן מיט די קעפּ געדרייט און פאָר־אויסגעזאָגט, אז „עס וועט אוועקטראָגן היינט די לינטאָ מיט די בעטן, מיט דער קאַטושע צו אַלע רוחות". און צום ערשטן מאָל היינטיקן ווינטער האָט מען אראָפּגערוקט די הילצערנע לאָדנס, אז דער שניי זאָל די בעטן ניט פארשיטן. דער ווינט איז אָבער געווען אזוי שטארק, אז דער שניי איז דורך די שפּארונעס אריינגעדרונגען

אויף די דילן און באַדעקט זיי ווי מיט א ווייסן ריינעם טעפּיך און די קאָלדרעס זיינען אַלע ווייס געוואָרן און דער עולם האָט געטראַכט, אַז מע דאַרף די בעטן אַריינרוקן טיפער צו דער וואַנט, אַניט וועט מע ניט קאָנען שלאָפן היינטיקע נאַכט.

דוד איז געלעגן און געציטערט פון קעלט. מיטאַמאָל האָט ער דערזען א הויכע פיגור פון א שכן, וואָס איז אַרויס פון בעט און אָוועקגערוקט אָן א זייט דאָס ליידיקע בעט, וואָס איז געשטאַנען לעבן זיינס און געשטעלט זיין אייגן בעט אין דער ברייט, כדי צו זיין מער באַשיצט פון שניי. ער האָט זיך דאַן צוריקגעלייגט. עס האָט זיך אָבער באַלד דערהערט א בורטשען, וואָס איז געוואָרן העכער און העכער. דאָס האָט א צווייטער שכן ניט געוואָלט, אַז יענעמס פיס זאָלן אויסקומען אים צוקאָפּנס.

— בלום, — האָט ער געזאָגט, — די בעטן זיינען געמאַכט געוואָרן צו שטיין אין דער לענג, ניט אין דער ברייט. איר זייט דאָ ניט קיין מיוחס. באַ זיך אינדערהיים וועט איר זיך מאַכן אייערע אייגענע פּאַראַנקעס, נאָר ניט דאָ, פּעטער.

בלום האָט אים ניט געענטפערט. דער עולם האָט זיך איינגע־הערט צום רעוועס פון ווינט און בלויז די אַרומיקע האָבן געהערט, אַז דזשייק בורטשעט עפּעס. נאָר דאָס איז געווען א געוויינלעכע זאַך, אַז מע זאָל זיך קיבעצן ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין.

נאָר דאָ האָט דער עולם באַמערקט, ווי דזשייק האָט זיך אויפ־געהויבן — און דאָס האָט געפאָדערט א סך אָנשטרענגונג — און ער האָט אָן דער צושטימונג פון זיין שכן צוריקגערעדלט בלומען מיט זיין בעט אין דער לענג. אַזוי שנעל ווי ער האָט זיך צוריק אַריינ־געלייגט אין בעט און זיך פאַרפעסטיקט, האָט בלום, אָן וועלכע עס איז רייד, זיך אויפגעהויבן און צוריק אַוועקגעשטעלט זיין בעט אין דער ברייט.

דער עולם האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז ניט קיין שפּיל אַזאַ, נאָר עס קאָן אָננעמען אַן ערנסטן כאַראַקטער. עס האָט זיך גע־פונען אימיצער וואָס האָט דורך זיין פאַרקאָוועט פּנים, אין שאַלן און טיכער, אַרויסגעזאָגט א מיינונג, אַז — פע, עס איז ניט שיין, עס פּאַסט פאַר קינדער, ניט פאַר דערוואַקסענע מענטשן, טאַטעס פון

קינדער. אַנדערע האָבן אויך עפּעס געפּרואווט זאָגן, נאָר מע האָט זיי ניט געקאָנט הערן. דערפֿאַר האָט מען אָבער מיטאַמאָל דער־הערט אַ צערייצט קול פֿון בלומען, וואָס האָט געשריען, אַז דזשייק זאָל אפֿילו פּלאַצן, וועט ער היינט ניט אויספֿירן. ער וועט שטעלן זיין בעט ווי ער וויל. קיינער וועט אים קיין דעה ניט זאָגן. נאָר דאָ איז דזשייק ווידער אַרויס פֿון וואָרימען בעט און זיך אַ נעם געטאָן צו בלומס בעט. מיטאַמאָל איז בלום אויפֿגעשפּרונגען פֿון בעט, אַ וואָרף אַראָפּ געטאָן פֿון זיך אַלע קאָלדרעס מיט אַ קראַפּט, אַז זיי זיינען טיילווייז אַראָפּגעפֿאַלן אַפֿן נאַסן דיל און ער האָט אַרויסגעלאָזט אַ ווילדן געשריי:

— באַיעס, איך וועל אים היינט דערהרגענען, ווי אַ הונט וועל איך אים דערהרגענען!

ער האָט אַ כאַפּ געטאָן דעם פּלאַקן, וואָס איז געלעגן אַף זיין בעט (אַף יעדן בעט צופֿוסנס איז געלעגן אַ שווערער פּלאַקן, כדי די קאָלדרעס זאָלן ניט אַראָפּפֿאַלן) און זיך אַ לאָז געטאָן אין זיינע לאַטשן אַפֿן שנייאיקן דיל נאָך דזשייקן, וועלכער איז אַנטלאָפֿן אין זאַל אַריין מיט אַ גוואַלד. די איבעריקע פּאַציענטן זיינען גע־לעגן אין די בעטן און געשוויגן. ס'איז גלייך אָנגעקומען דער נאַכט־דעזשורנער, מר. וואולף, אַ הויכער, אַ גלייכער, מיט איינגעפֿאַלענע באַקן ווי לעכער. די פּאַציענטן האָבן אים גערופֿן דער פֿוקס, ווייל מע האָט זיך געהיט פֿאַר אים און געוואוסט, אַז ער איז פֿאַלש און שלעכט, כאָטש ער פּרואווט רעדן אַזוי זיס און געלאַסן מיט יעדן איינעם. עס זיינען אויך אָנגעקומען צוויי פּאַציענטן פֿון דעם אַנדערן פֿליגל פֿון דער לינטאָ. זיי האָבן באַרואיקט בלום'ען און אים צוגעפֿירט צו זיין בעט. מיסטער וואולף איז דערווייל אַריין אין זאַל צו דזשייקן. בלום האָט זיך אָבער ניט געלייגט. ער איז געזעסן אַפֿן בעט, ווי אַן אָנגערייצטער הונט, וואָס וואַרט אַף אַ שונא און גע־האַלטן דעם פּלאַקן גרייט אין די הענט און געשוואָרן מיט טויטע קללות, אַז ער וועט דזשייקן דעם קאָפּ צעפּלעטן, אַזוי שנעל ווי ער וועט זיך נאָר באַווייזן אַף דער לינטאָ.

— ער וועט היינט ניט שלאָפֿן. זאָל ער ליגן אין זאַל אַפֿן טיש. דזשייק האָט זיך ניט באַוויזן. אין זאַל איז געווען ליכטיק.

עס איז געוואָרן שטיל. בלויז דער ווינט האָט געבושעוועט און אָנגעטאָן מעשים אויף די בערג און חוזק געמאַכט פון די נאַרישקייטן וואָס מענטשן זיינען באַגאַנגען דאָ. אויף דער לינטאָ האָט מען צוריק אויסגעלאָשן די ליכט. דער עולם האָט אָנגעהויבן איינדרימלען. פּלוצלינג האָט זיך דערהערט אַ פּיינלעך אויסגעשריי, וואָס איז געקומען פון בלומס בעט:

— מאַכט ליכטיק! איך האָב אַ בלוט־שטורץ. — דער פלאָקן איז בלומען אַרויסגעפאַלן פון די הענט. ער האָט זיך אויסגעצויגן אויפן בעט און פון זיין מויל איז אַ רויטער זאַפט לאַנגזאַם גערונען אויפן ווייסן דיל.

איצט זיינען שוין אַלע פּאַציענטן געווען וואַך, זיך אויפגעזעצט אויף די בעטן און דערפילט זייער אייגענע געפאַר. עס איז געוואָרן אַ סומאַטאָכע. אין זאַל האָט מיסטער וואולף אָנגעקלונגען דעם שפּיטאָל. באַלד איז אָנגעקומען דאָקטער רובין מיט דריי וועכטער. מע האָט בלומען אויף אַ מאַטראַץ זייער פאָרזיכטיק אַראָפּגעטראָגן אין שפּיטאָל אַריין, פון וואַנען ער האָט זיך שוין מער אויף דער לינטאָ ניט אומגעקערט.

דודן האָט אַ גאַנצע נאַכט געקלאַפּט אַ צאָן אָן אַ צאָן. ניט אַזוי פון דער קעלט דער דרויסנדיקער, נאָר פון דער מענטשלעכער רשעות, פון דעם מאָדנעם צופאַל. ער האָט זיך איינגעהערט צום וויינען פון ווינט און עפּעס אין אים האָט מיטגעוויינט.

## 4. הייל־צייט.

דוד האָט זיך אָנגעהויבן איינבירגערן אין סאַנאַטאָריום. אמת, צוערשט האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ער וועט דאָס ניט אויסהאַלטן, אַז ער וועט פון זינען אַראָפּ. אים האָט זיך געדוכט אַז ער פילט ערגער אין געזונט. זיין הוסט האָט אַביסל אָפּגעלאָזט, נאָר דאָס ליגן די מערסטע צייט פון מעת־לעת אויפן געלעגער האָט אים אָפּגעשוואַכט.

זיין מח האָט אויפגעהערט זיין אַקטיוו. טיילמאָל האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז אָט אַזוי ליגנדיק, וועט ער אויסגיין. ער פלעגט פילן ווי יעדער אָבער אין אים הערט אויף צו דינען, ער קאָן וועגן קיין

זאָך ניט טראַכטן, קיין זאַך אַרט אים ניט מער, ער וויל בלויז דרעמלען — פאַרן עסן, נאָכן עסן. אַט אַזוי דרעמלענדיק פלעגט ער זיך וועלן אויפכאַפּן און ניט קאָנען. און געמיינט האָט ער, אַז דאָס איז דער סוף. ער פלעגט זיך צונויפנעמען מיט אַלע כוחות און שרייען — און דאַן זיך אויפכאַפּן, אָדער זיינע שכנים פלעגן אים אויפוועקן און פרעגן, וואָס האָט פּאַסירט, צי טוט אים עפּעס וויי.

ליגנדיק אַף דער פּיאַזע פלעגט דוד שעהן־לאַנג קוקן אַף די ווייסע מיט שניי־באַקליידטע בערג. אַרום און אַרום האָבן בערג זיך געפלאָכטן אין בערג און ער פלעגט דאָס בילד פאַרגלייכן צו אַ ריזיקן קוילעטש. אַזוי הויל ווי ס׳זיינען געווען די בערג, אַזוי איז געווען זיין בליק, זיין געדאַנקען־גאַנג.

נאָר ווען די זון פלעגט, אין דער העלער ליכטיקייט, זיך אַ צע־שטראַל מאַן איבער די בערג־שפּיצן און פלעגט קומען צוגאַסט אַף די לינטאָס, דאַן איז אַלעמען געוואָרן פריילעך. וועגן אַט־דער זון זיינען אָנגעגאַנגען אַ סך היציקע דעבאַטעס צווישן די פּאַציענטן אַף דער לינטאַ. אַלע זיינען געווען איינשטימיק, אַז די זון איז אַ היילערין, די פראַגע איז בלויז געווען וויפיל זון און וועלכע זון — די פאַרמיטאָגדיקע, מיטאָגדיקע אָדער נאָכמיטאָגדיקע זון? וועגן דעם־אָ זיינען אָנגעגאַנגען וויכוחים, וואָס האָבן די פּאַציענטן גע־קאָסט מער געזונט וויפיל די זון האָט זיי געקאָנט געבן.

ווען די זון האָט אָנגעהויבן וואַרעמען, האָט זיך אָנגעהויבן אַ מיגראַציע אין איר ריכטונג פון די בעטן. וועגן דעם האָט קיינער ניט געוואָגט אויסצוזיצן. מע האָט אויסגעשטעלט די פּנימער, די העלזער, נאָכהער די נאַקעטע ברוסטקאַסטנס, די בייכער, די פיס — נאַ, הייל, זשאַלעווע ניט! און די זון האָט קיינעם ניט געזשאַ־לעוועט. אַף דער פראָסט האָבן לייבער אָנגעהויבן שוויצן, די זון האָט געבאַקן ווי אין תמוז. פּנימער זיינען פאַרברוינט געוואָרן, אָנ־געפאַרבט געוואָרן מיט גבורה, מיט בראָנז־קאָליר.

אַט אין אַזעלכע מאָמענטן האָט דוד אָנגעהויבן צו זיך קומען. ער האָט זיך געצוואָונגען צו טראַכטן, געזוכט, געוועבט געדאַנקען. פריער זיינען זיי געווען ווי אין אַ נעפּל, דערנאָך האָט ער זיך קאָנ־

צענטרירט אַף אַ געוויסן פּונקט און ביסלעכווייז האָט זיך אויסגע־שיילט פון נעפּל אַ געשטאַלט. און מאָדנע — די ערשטע געשטאַלט איז געווען פון זיין מאַמען, ווי זי ליגט און גיט אָפּ „קאָנצערטן" גאַנצע נעכט. ער האָט אָנגעהויבן פאַרגלייכן דער מאַמעס הוסט מיט די הוסטן פון די פּאַציענטן און — ער האָט דאָס גענוי גע־דענקט — איר הוסט האָט געהאַט אינגאַנצן אַן אַנדער קלאַנג, קיין ענלעכן האָט ער דאָ ניט געהערט. ער האָט זיך איינמאָל פאַרגע־שטעלט, ווי די מאַמע ליגט דאָ אין שפּיטאָל און זי איז די באַ־ליבטסטע בא אַלעמען און ער, דוד, דער געזונטער דוד, קומט איינמאָל אין וואָך, זונטיק, אַרויס צו איר, אָנגעלאָדן מיט כּל־טוב און די מאַמע פרייט זיך מיט אים און יעדער איז איר מקנא. און דאַן — דער מאָמענט ווען דוד קומט אַהיימנעמען די מאַמען. זי איז אויס־געהיילט, אַלע פרייען זיך, די דאָקטוירים באַגלייטן זיי צו דער מאַשין. אין ניו יאָרק וואַרט אַף איר אַ ליכטיקער, גראַמער אַפּאַרט־מענט אין וייטן טייל בראָנקס, וואו די לופט איז טרוקן. די מאַמע לעבט ערשט אויף, זי ווערט אינגער און שענער פון טאָג צו טאָג...

דוד האָט געטרוימט פון טאַטן. ער ברענגט דעם טאַטן קיין אַמעריקע. ער נעמט אים צו קאָנצערטן, — דער טאַטע האָט ליב געהאַט נגינה; ער גייט מיט אים צו אויסשטעלונגען פון בילדער, — דער טאַטע האָט ליב געהאַט בילדער, קאָלירן, פּאַנאָראַמעס. דער טאַטע האָט איצט זעלטן געליטן פון אַסטמע. דאָס האָט ער, דוד, שוין געזען, אַז דעם טאַטן זאָל קיין זאַך ניט פעלן.

נאָר ווען דוד האָט זיך געגעבן אַ דערמאָן אין די צוויי שוועס־טער וואָס ער האָט געלאָזן אין דער אַלטער היים, איינע אַן עלטערע און די צווייטע אַ אינגערע, דאַן איז געוואָרן אויס פאַנטאַזיע. טרערן זיינען אים געקומען אין די אויגן, אין האַלז. אָ, ווען די שוועס־טער זאָלן אויסגעפינען, אַז ער איז קראַנק, וויפיל קוואַלן טרערן וועלן זיי פאַרגיסן איבער אים. די שוועסטער זיינע! די מלחמה האָט אים אינגאַנצן אָפּגעפרעמדט פון זיי. ווער וויים וואָס איז פון זיי גע־וואָרן? אַלע יאָרן ווי פאַרגעסן אָן זיי, כמעט ניט געענטפערט אַף זייערע בריוו. איצט זאָל ער זיי אָנזאָגן די גוטע בשורה?

אַמאָל האָט זיך דוד דערזען בא העלרן אין שאָפּ. ער איז אַריינ־

געקומען פלוצלינג אינדערפרי און דער שאַף האָט זיך מיט אים אַרומגעכאַפּט. אפילו דער אַלטער העלער אויך. אַלץ איז געווען ווי ער האָט געלאָזט. און דער באַלעבאָס האָט אַ זאָג געטאָן צו אים: — גרויסער פאַרדינער, וואו איז מען דאָס געווען אַזאַ לאַנגע צייט? פאַרבענקט זיך נאָכן אַלטן שאַף, האַ? נו, טוט זיך אָן דעם פאַרטוך — ער הענגט נאָך דאָרט, וואו איר האָט אים געלאָזן — און שטעלט זיך צו דער אַרבעט . . .

אַמאָל, איבערהויפּט אין די טויט־שטילע פאַרנאַכטן, ווען עס איז קיינעם פון די באַרעדעוודיקסטע פּאַציענטן אפילו ניט איינגעפאַלן צו פאַרפירן אַ שמועס, האָט זיך צו דודן באַוויזן די דורכזיכטיקע פיגור פון אַ לאַנג־געכאָוועטן טרוים — זיין עטל. נאָר ער, דוד, האָט מורא געהאַט זיך צורירן צו דעם געדאַנק, געוואַרט אַז ס'זאָל קומען די פּאַסיקע רגע, דער דערהויבענער מאָמענט. איצט טאָר מען וועגן איר ניט טראַכטן. מע מעג, נאָר ער פילט זיך נאָך צו זינדיק קעגן איר, אַז ער זאָל קאָנען מיט אַ ריינעם געוויסן זיך אָפּגעבן צו איר . . .

בלויז איין וועג האָט געפירט אין שטעטל אריין פון סאַנאַטאָריום. אויף יענעם וועג פלעגט זיך צוויי מאָל אין טאָג, אינדערזעלבער צייט, באַוויזן דער סאַנאַטאָריום־אָטאָ, וואָס איז געפאָרן אָפּנעמען בריוו, איינקויפן פּראָדוקטן און ברענגען פּאַציענטן. דער וועג איז געווען אַ שמאָלער און צוויי מאָל אין טאָג פלעגן די געזינטערע פּאַציענטן שפּאַצירן אויף אים ביז אַ געוויסן שטח.

די צייט פון רוען אויף די געלעגערס האָט געהייסן הייל־צייט. דאָקטוירים האָבן אויף אַלע פראַגעס פון די פּאַציענטן געהאַט איין ענטפער: פאַר קאַטוטע איז ניטאָ קיין אַנדער רפואה, ווי רוען, וואָס מער רוען. אַן אידעאַלער פּאַציענט איז געווען יענער, וואָס האָט געקאָנט זיך אויסטאָן פון לעבן און ליגן און שווייגן — ניט טראַכטן, ניט לייענען, ניט רעדן.

אין דער הייל־צייט איז מערסטנס געווען שטיל־שטיל. בלויז שוואַרצע קראָען פלעגן סטאַיעסווייז דורכשניידן די ווייסקייט פון רוים און קראַקען חוצפהדיק, אָן אויפהער. דודן האָט אויסגעוויזן אַז דאָס לאַכן זיי פון אים און זיינע שכנים. זיי רייצן זיך, וואָס זיי האָבן ניט קיין קאַטוטע און דאַרפן ניט אַריינשפּייען אין קיין

יעדן־טאָג־געמאַכטע שאָכטלעך, ניט מעסטן די טעמפּעראַטור און ניט טאַפּן דעם פּולס דריי מאָל אין טאָג.

טײלמאָל פּלעגן די פּאַציענטן ניט קאָנען אַריבערטראָגן די מאָנאָטאָנקייט פון שווייגן און אָנגעהויבן רעדן פון דער העלער הויט. נאָר וועגן וואָס אימיצער האָט ניט אָנגעהויבן, איז מען אַלץ צוגעקומען צו דערזעלבער אינטערעסאַנטסטער פאַר אַלעמען טעמע — קאַטוטע.

די באַרעדעוודיקע פּאַציענטן זיינען, ווי אַלץ אין סאַנאַטאָריום, געווען איינגעטיילט אין קאַטעגאָריעס. עס זיינען געווען „פּראָפּעסאָרן" און פּראָסטע חי־וקימס. אַ „פּראָסטער" איז געווען דער, וואָס האָט אַ סך געוואוסט וועגן קאַטוטע — צי פון אייגענער דערפאַרונג, אָדער פון האָבן אַריינגעזאַפּט אין זיך וויסן אויף פאַרשיידענע אופנים: דורך לייענען, הערן מיינונגען פון דאָקטוירים, אַליין באַאָבאַכטן און דורכטראַכטן. דער פּראָסטער חי־וקים האָט תמיד געהאַלטן זיין מויל און אויערן אָפן און איז גרייט געווען צו לערנען פון יעדן איינעם און וויפיל ער האָט געלערנט, האָט ער זיך מודה געווען, אַז ער ווייס נאָרניט וועגן קאַטוטע און ער וויל וויסן מער.

די „פּראָפּעסאָרן" ווידער האָבן זיך געהאַלטן אין איין אויספיינען פאַרן המון, יעדער האָט געוואָלט איבערשטייגן זיין קאָלעגע „פּראָפּעסאָר" אין וויסן, אָדער צונישט מאַכן יענעמס השערה, אָדער טעאָריע. צוליב דעם זיינען פאָרגעקומען מוראדיקע קריגערייען און דער המון האָט זיך איינגעטיילט אין צדדים, ביז עס האָט זיך באַוויזן אַ נייער „פּראָפּעסאָר" מיט נייע טעאָריעס, דאַן האָט דער המון אַ שטראָם געטאָן צו אים און די פריערדיקע „פּראָפּעסאָרן" זיינען „אַריין אין אָפּסטאַווקע".

די הויפּט־פראַגע איז געווען: וועט מען נאָך אַמאָל זיין אַ מענטש מיט לייטן גלייך און קאָנען אַריינלייגן אַ טאָג אַרבעט, ווי אין די אַמאָליקע גוטע צייטן? וועט מען אַרויסגיין פון דאַנען מיט גאַנצע ביינער, אָדער „גראַדואירן" קיין דענווער? וועט מען נאָך אַמאָל זיך קאָנען דערקוויקן מיט אַ גוט גלעזל משקה און אַ שטיקל הערינג? ווי לאַנג נאָך וועט מען דאָ ליגן אין געהאַקטע וואונדן? ווען וועט מען שוין אויפהערן זיין אויף קעסט בא דער אָרגאַניזאַציע?

אויך דוד האָט געוואָלט האָבן אַן ענטפער אַף די אַלע פראַגן, נאָר ער איז דאָך ערשט געווען אַ גרינהאָרן. די דאָקטוירים האָבן אים דאָך רעכט ניט געקאָנט. איינס האָט ער שוין אָבער געוואוסט: אַ יונגען מענטשן וועט דר. שער הייסן אויסלינען די ניין מאָנאַטן. און פון דעם געדאַנק אַליין איז דודן געוואָרן ביטער אַפן האַרצן. עס האָט אים אָפט באַנג געטאָן, וואָס ער איז אינגאַנצן אַהער געקומען. ער איז אַריינגעפאַלן אין אַ שטימונג פון האָפנונגלאָזיקייט און אַף זיך געוואונטשן אַ שנעלן טויט. נאָר אין זוניקע טעג, ווען די לופט האָט געקרעפטיקט און פארשיכורט, האָט ער אָפגעמאַכט בא זיך צו זיין אַ סאָלדאַט, אַ אידעאַלער פּאַציענט; געזונט ווערן און קומען אין שטאָט אריין און אָנהויבן לעבן אויפסניי. דאָך האָט אים פארפאָלגט דאָס געשפּענסט פון — איינמאָל קאַטוטע — קאַפּוטע.

די צווייטע וויכטיקסטע טעמע אַף דער לינטע איז געווען וועגן פרויען. דער עולם האָט אָנגעשטעלט מויל און אויערן צו הערן אַ פעפערדיקן וויץ. עס האָט ניט אויסגעמאַכט וואָס דער זאַפּאַס איז שוין לאַנג אויסגעגאַנגען בא די דערציילער. אַ גוטן וויץ האָט מען געוואָלט הערן נאָכאַמאָל. פּאַרלאָזענע פּאַציענטן האָט מען דערמאָנט צוליב די וויצן וואָס זיי האָבן געקאָנט דערציילן.

אַף דודס לינטאַ איז דער טשעמפּיאָן וויצן־דערציילער געווען — דער „גראָבער”, אַ איד אין די הויכע דרייסיקער, אַ מיטלוויקסיקער און אַ פעטער, מיט רויטע גלאַנציקע באַקן און פליישיקע אויגן, וואָס האָבן בא אים אויפגעלויכטן ווי ביליקע, פאַלשע ברילִיאַנטן. ער פלעגט זיך אויסצייכענען אין קאָרטנשפּיל, נאָר קיינער האָט אים ניט געקאָנט איבערשטייגן אין גראָבע רייד.

ווען ער פלעגט דערציילן מעשות וועגן קליידלעך, פלעגט ער אַליין ווערן אָנגעצונדן פון באַגייסטערונג. אַ פריילעכער און אַ גוטמוטיקער פלעגט ער זיך דאָן ניט לאָזן בעטן. דערציילן פלעגט ער וועגן זיינע יונגנט־זינד, פון דער צייט ווען ער האָט געדינט בא פּאָניען און ער פלעגט ניט איבערקלייבן וואו אַ שיקסע, וואו אַ הייזל. זיינע בעסטע מעשות אָבער האָבן געשטאַמט פון דער צייט, ווען ער איז געווען אין פּאַריז. גאַנץ פּאַריז איז בא אים דאָן באַשטאַנען פון אונטערקליידלעך. זיין דערציילן פלעגט זיך געוויינלעך ענדיקן

מיט אַ זיפץ, מיט אַ וואונטש אוועקצוגעבן אַ האַלב לעבן פאַר אַ קליידל.

עס זיינען געווען אַזעלכע פּאַציענטן וואָס האָבן קיינעם ניט פאַרגונען און אויך דעם גראָבגנס רייד האָבן בּאַ זיי אַרויסגערופן אַ ניט־גלויבן. זיי האָבן געהאַלטן, אַז דער גראָבער איז אַ בלאָפער, ער טראַכט אויס די אַלע זאַכן. נאָר עס האָבן זיך געפונען אַזעלכע פּשרה־מאַכער וואָס האָבן געטענהט, זאָל זיין, אַז ער זאָלצט אַביסל איבער, נאָר דערפאַר דערציילט ער גוט. דער גראָבער ווידער האָט זיך געשוואָרן בּאַ „זאָל איך אַזוי לעבן צו דערזען מיין פרוי מיט קינדער, ווי איך טרייב ניט איבער".

נאָר וועגן איין קליידל פלעגט דער גראָבער אויסמיידן צו רעדן — וועגן זיין פרוי. די ציניקער־פּאַציענטן פלעגן אים אָנציען, אַז זיין פרוי וואָס האָט געאַרבעט אין אַ שאַפּ, זינט ער איז קראַנק געוואָרן, מוז מן־הסתם פאַרברענגען מיט אַנדערע מענער אַצינד און זי דאַרף אים, דעם אויסגעוועבטן קאַטוטניק, אַף טיסאַטשע כפּרות. דער גראָבער פלעגט אָנוווערן זיין גלאַנציקן שמייכל, ווערן ערנסט און ענטפערן אַף זיין שטייגער, מיט אַ דראָענדער שטים: „איר מעגט אַלע איינגעמען אַ מיתה־משונה פאַר מיין ווייבס מינדסטן נאָגל. אַזוי שנעל זאָל איך זיכער זיין, אַז כ'וועל אַרויסגיין פון דאַנען אָן דער קאַטוטע, ווי איך בין זיכער אַז — זי איז מיר געטריי. אַזאַ אידענע ווי איך האָב איז ניטאָ אַף דער גאַנצער וועלט."

און האָט מען שוין אָנגערירט זיין אידענע, האָט מען שוין פון „גראָבן" ניט געקאָנט יענעם טאָג אַרויסקריגן אַ וואָרט. אַ שטומער, אַן אָנגעכמורעטער איז ער געלעגן און קיינעם ניט געוואָלט איבער־שטייגן אין מעשות וועגן קליידלעך.

## 5. דער מענטשלעכער מין.

דוד, ווי אַלע איבעריקע פּאַציענטן, האָט מיט גרויס אומגעדולד געוואַרט אַף דער עס־צייט, נאָר ניט ווייל ער איז געווען הונגעריק, — די מערסטע פלעגן זיך ניט קאָנען איבערנעמען מיט זייער אַפּעטיט. מע איז שטאַרק מקנא געווען די, וואָס האָבן געפילט דעם טעם פון

הונגער. דאָס איז געווען אַ סימן, אַז דער פּאַציענט איז אַף אַ דרך, אַז ער וועט דאַרפֿן טראַכטן פֿון שטעלן „לחיים״. אין עס־זאָל פֿלעגט דער פּאַציענט געפֿינען זיין געזעלשאַפֿטלעכן אינטערעס. דאָרט האָט מען דערזען אַן אַנדער פּנים, אַמאָל אויך אַ ניי פּנים. אַף דער איינענער לינטאַ איז מען זיך דאָך געוואָרן שונאים מיר־ניט־דיר־ניט, ווייל מע האָט זיך אַ גאַנצן טאָג אָנגעקוקט.

דאָס גרייטן זיך צום עס־זאָל האָט שוין דעם פּאַציענט געמאַכט חשוב׳ער בא זיך. מע האָט זיך געדאַרפֿט אָנטאָן און יעדער האָט געפּרואווט זיך אויספּוצן אַזוי, אַז מע זאָל עס באַמערקן און מע זאָל רעדן. מע איז צוריק געוואָרן אַ מענטש בא זיך.

— איר מוזט האָבן אַ פֿאַבריק פֿון „נעקטיים״, וואָס יעדן טאָג זע איך אייך אין אַן אַנדער שניפּס.

— פֿאַר וועמען זיך אַזוי פֿאַרפּוצט היינט, נחמן? איר דער־וואַרט אייער כלה?

שוין אָפּגערעדט ווי די פֿרויען האָבן זיך געגרייט צום עס־זאָל. זיי האָבן גוט געוואוסט, אַז יעדן מאַנסבילס אויג עסט זיי דורך און אַז זייער קלייד וועט זיין די טעמע פֿון דער לינטאַ.

בא יעדן טיש איז געזעסן אַ פֿרוי. דאָס איז שוין געווען דעם קלוגן דאָקטערס מאַנעווערס. און אַלע מענער האָבן געוואָלט איר געפֿעלן ווערן, האָט זי געמענגט זיין מיאוס, ווי די נאַכט, אָדער אַלט און צעבראָכן. באַם עסן האָט מען זיך געהאַלטן סטאַטעטשנע, גע־רעדט איידל, די וויצן זיינען געווען אָנשטענדיקע.

מקנא געווען איז מען די פּאַציענטן, וועלכע ס׳איז געלונגען צו באַקאָנען זיך און ווערן באַפֿריינדט מיט אַ „קליידל״. די שכנים פֿלעגן נאָכשרייען, ווען זיי פֿלעגן גיין עסן: — זע נאָר ווי ער לויפֿט עסן! זי וועט ניט אַנטלויפֿן, זאָגט מען דיר. „האָלד יור האָרסעס״, האָסט קאַטוטע, ברודערקע!״

אַף די פֿאַרליבטע האָט דער עולם געהאַלטן אַן אויג אפֿילו באַם עסן. די שכנים פֿון דעם פֿאַרליבטנס לינטאַ האָבן פֿון זייערע טישן געוואָרפֿן בליקן אַפֿן קרבן. אויב זיין „סוויטהאַרט״ איז געזעסן בא איין טיש מיט אים, איז געווען ניט קיין סך אַרבעט צו טאָן. מע האָט געוואוסט, אַז ס׳איז זייער גוט. אויב אָבער די פֿאַרליבטע זיינען געווען

צעשיידט, האָט מען געוואָלט זען, צי זיי וואַרפן בליקן איינע צו די אַנדערע.

נאָכן עסן פלעגן די קאַוואַליערן באַגלייטן זייערע דאַמעס צום שפיטאָל. פרויען זיינען געווען ווייניק, זיינען די מערסטע מענער נעבליבן „מיט א נאָז" און זיי פלעגן מיט קנאה נאָכקוקן די פּאָרלעך, וואָס פלעגן אומפאַרשעמטערהייט גיין געאָרעמט (דאָס האָבן די פרויען פאַרלאַנגט, אַז מע זאָל זיי פירן אונטערן אָרעם, האָבן די מענער געטענהט). די פאַרליבטע פלעגן גיין לאַנגזאַם און זייער גע־לעכטער פלעגט זיך הערן איבערן וועג. די איינזאַמע מענער האָבן געהאַלטן א וואָך אויג אַף יעדער דעטאַל און נאָכהער האָט מען דאָס צעלייגט אַף קליינגעלט אין דער לינטאַ. דאָס איז געווען א טעמע פאַר א שעה, ביז מע האָט געכאַפּט א דרעמל.

דאָס צעשיידן זיך באַם שפיטאָל איז געווען ניט פון די לייכטע זאַכן. די אויפּפּאַסערן פלעגט אַרויסקומען, קלינגען מיט א האַנט־גלאָק, זיך אָנבייזערן און ווען די פּאַציענטקעס זיינען שוין געווען אין זייערע בעטן, וואָס זיינען געשטאַנען לעבן די פענסטער וואָס האָבן געפירט צום דרויסנדיקן וועג, פלעגן זיי פון די בעטן אַרונטעררעדן צו זייערע קאַוואַליערן.

צווישן די פּאַציענטקעס זיינען געווען יונגע מיידלעך, צווישן זעכצן און עטלעכע צוואַנציק. יעדע פון זיי האָט זיך געהאַט איר בחור דאָ און זי איז געווען זייער אויסקלייבעריש. אַנדערש איז אָבער געווען מיט די פאַרהייראַטע פרויען. צו זיי פלעגן זיך שאַרן די פאַרהייראַטע מענער און דאָס פלעגט ניט געפעלן די מער רעס־פּעקטאַבלע טאַטעס, וועלכע פלעגן זייערע שכנים, די ראָמאַנטיקער, רופן די „לעקער" און די באַציאונגען פלעגן ווערן אָנגעשטרענגט. די „לעקער" האָבן ניט געשוויגן און גערופן יענע „גאָטס סטראַפּ־טשעס".

דוד האָט זיך דערוואוסט פון אַלע ראָמאַנען און איז אַליין אויך איינגיכן געשטרויכלט געוואָרן. ער איז געווען אויסגעבענקט נאָך א פרוי. דאָ אין עס־זאַל האָט ער זיך באַם אַרויסגיין, באַגעגנט מיט נאָלדען און זי צונעפירט צום שפיטאָל. באַלד האָט זיך פאַרשפּרייט

אף דער לינטאַ, אַז דער שווייגנדיקער איז „פּאַרכליאַפּעט" אין גאָלדען.

גאָלדע איז דודן געפעלן צוליב איר האַרציקן שמייכל, אירע גלאַט־פּאַרקעמטע, גלאַנציקע שוואַרצע האָר, וואָס האָבן אַזוי ליב אַרומגענומען איר קליינעם, שמאָלן קאָפּ. אירע ברוינע אויגן זיינען געווען אַזעלכע ליבע און גערעדט האָט זי מיט אַזויפיל מילדקייט אין איר קלינגנדיקן קולכל, וואָס פּלעגט זיך אָבער אָפּט, איבערהויפּט באַם לאַכן, ווי איבערברעכן.

גאָלדע פּלעגט פּאַרטיק ווערן מיטן עסן שפּעטער פון דודן און ער פּלעגט וואַרטן אַף איר אין דרויסן. דוד האָט געליטן פון אומגעדולדיקייט. ער איז געווען דער ערשטער פּאַרטיק צו ווערן מיט די מאָלצייטן. ער האָט שוין ניט נעקאָנט איינזיצן באַם טיש. די רייד האָבן אים געלאַנגווייליקט, ווייל ער אַליין פּלעגט זעלטן אָנטיילנעמען אין אַ שמועס. ניט ווייל ער האָט ניט געהאַט וואָס צו זאָגן, נאָר ווייל ער האָט זיך נאָך אַלץ געפילט ווי אין אַ פרעמדער וועלט, וואו ער באַלאַנגט ניט.

זיינע שכנים האָבן גוט באַמערקט די ענדערונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין דעם תמיד פאַראומערטן בחור. זינט ער פּלעגט באַגלייטן גאָלדען צום שפּיטאָל און, ווי די איבעריקע קאַוואַליערן, זי אָננעמען באַם אָרעם (פון וואָס עס איז אים דורך אַן אַנגענעמע וואַרעמקייט דורכן בלוט), פּלעגט ער אַרויסקומען אַף דער לינטאַ מיט אַ לויכטנדיק פּנים און דער אַלטער ציניקער מעקס פּלעגט עס גלייך פון דער זייט באַמערקן און אויסשיסן מיט זיין הייזעריק געלעכטערל: „שוין, האָסט שוין אַ טאָפּ געטאָן ס'קליידל? עס וועט דיר גאָרניט־ניט העלפן, ברודערקע. עס האָט זיי אויך ניט געהאָלפן".

גאָלדע איז איצט געוואָרן דער צענטער פון דודס געדאַנקען. ער פּלעגט זיך דערמאָנען יעדעס וואָרט וואָס זי האָט אים געזאָגט. קיין ליבע־דערקלערונגען צווישן זיי זיינען ניט געווען, קיין איבעריקע קלוגשאַפטן זיינען ניט אַרויסגעזאָגט געוואָרן. מע האָט גערעדט וועגן וועטער, מע האָט זיך דערציילט וועגן די שכנים, מע האָט זיך דערמאָנט אָן אַ פּאַסירונג, ווען מע איז נאָך געווען מענטשן מיט אַלע גלייך, — נאָר פאַר דודן — און נאָך מער פאַר גאָלדען — זיינען

דאָס געווען ליבע דעראינערונגען אין דער פוסטקייט פון דער הייל־צייט.

פירנדיק א לעבן פון פוסטקייט, פארברענגענדיק וואָכן און חדשים־לאַנג אין גאָרניט טאָן און טראַכטנדיק תמיד וועגן דער געפאר, וואָס האָט אף זיי געלויערט און געדראָט זיי צו פארצוקן — האָבן די פאציענטן געפילט א שטאַרקע בענקעניש נאָך זייערע היימען, נאָך די טייערע און נאָענטע, וואָס זיי האָבן אין ערגעץ־וואו געלאָזן. עס זיינען אָבער געווען טרייסטנדיקע, זוניקע פעדים, וואָס האָבן זיך גע־צויגן פון די היימען צו די הערצער פון די געפאַנגענע אין סאַנאַ־טאָריום.

דאָס זיינען געווען די בריוו, וואָס פלעגן אָנקומען צו די פאַ־ציענטן און וואָס האָבן אין זיך געהאַט די צויבער־קראַפט צו פאר־טרייבן די טויט־אימה און די שווארצע שאָטנס, וואָס האָבן דאָ פארפאָלגט די קראַנקע.

די בריוו פלעגן ווערן אויסגעטיילט מיטאָגצייט אין עס־זאַל. ווען דער געהילף־דאָקטער רובין פלעגט זיך אוועקזעצן בא זיין טישל, מיטן פנים צו די עסערס און אָנהייבן אויסאָרטירן דעם פאַק בריוו, פלעגן די פאציענטן ווערן אומרואיק און אומגעדולדיק, זיי פלעגן דאַן ווארפן גיריקע בליקן צום דאָקטער, וועלכער פלעגט האַלטן אין איין קוקן צו די טישן — זען, צי דער פאציענט פאר וועמען עס איז פאראַן בריוו, געפינט זיך אין זאַל. עס פלעגט טרעפן, אַז צוליב דער הויכער טעמפעראַטור, פלעגט דער קראַנקער ניט מאָרן פארלאָזן זיין בעט און דאָס עסן, ספעציעלע שפייז, פלעגט אים געבראַכט ווערן אין בעט.

באַם קאָמפּאָט האָט דער עולם אָנגעהויבן ווערן סענטימענטאַל און רעדן וועגן דער היים, וואָס איז איינגאַנצן געווען אפשר א הונדערט מייל פון דאַנען, נאָר דעם פאציענט האָט זיך אויסגעדוכט, אַז זי איז טויזנטער־טויזנטער מייל אוועק. מע האָט איצט געפרואווט טרעפן, צי מע וועט דערהאַלטן בריוו צי ניט. דאָס הארץ האָט יעדן געזאָגט, אַז . . .

דער דאָקטער פלעגט זיך לאַנגזאַם אויפהייבן און פוילערהייט אָנהייבן אויסטיילן די בריוו, אָנהייבנדיק פון אויבערשטן טיש. ער

פלעגט פשוט די עצמות ארויסנעמען מיט זיין לאנגזאמקייט. און ווען מע פלעגט אים אמאָל, אין שפּאַס, באַמערקן דאָס, פלעגט ער ענטפערן, אַז דער פּאַציענט דאַרף זיך צוגעוואוינען צו טאָן אַלץ לאַנגזאַם, ווייל דאָס וועט אים העלפן בייקומען די קרענק.

אַלעמענס בליקן פלעגן נאָכפאָלגן דעם דאָקטערס יעדן טראָט. ער פלעגט צוגיין צום טיש, איבערלייענען דעם אדרעס, אַ בליק טאָן אפן פּאַציענט, אויסרופן זיין נאָמען, דערלאַנגען אים דעם בריוו, דאַן ווידער איבערקוקן דעם אדרעס, אויסרופן דעמזעלבן נאָמען און דערלאַנגען נאָך אַ בריוו, ווען ס'איז געווען.

די פּאַציענטן פלעגן קוקן מיט קנאה אַף דעם, וואָס פלעגט דער־האַלטן מער ווי איין בריוו. „אַ מזל פון מענטשן, צוויי בריוו אַף אַמאָל!"

מיט פיבערהאַפטע אויגן פלעגט מען לייענען די בריוו. מע פלעגט שלינגען יעדעס וואָרט, זיך צעלאַכן אפן קול, אָדער מאַכן אויסרופן, זיך ווילנדיק, צי ניט־ווילנדיק, וועלן אויספיינען פאַר די אַרומיקע באַם טיש. אַ רחמנות איז געווען אַף די, וואָס פלעגן יענעם טאָג גאָרניט דערהאַלטן. זייערע פּנימער פלעגן אויסדריקן צער און בענקשאַפט. גאַנץ אָפט פלעגן זיי געפינען טרייסט אין דעם, וואָס זיי פלעגן אַריינבליקן אין שכנים בריוו.

די בריוו זיינען געווען די וויכטיקסטע געשעעניש פון טאָג. מ'פלעגט זיי לייענען נייענדיק צו די לינטאָס, פאַרלייענען פאַר די שכנים אין די לינטאָס און אַליין פאַר זיך אַף די געלעגערס.

גאָר גוט האָבן געפילט די וואָס פלעגן דערהאַלטן פּעקלעך פון דער היים. אַזעלכע זיינען געווען אין אַ קליינער צאָל. אין די מערסטע היימען האָט געהערשט ביטערע נויט, ווייל די שפּייזערס האָבן זיך געפונען אין סאַנאַטאָריום. דאָך פלעגן טייל פּרויען שיקן צו זייערע מענער געבעקס, וואָס זיי פלעגן אויסבאַקן. פלעגט אָנקור־מען אַ פּעקל מיט קיכלעך אָדער שטרודל, דאַן פלעגט זיך די גאַנצע לינטאָ מיט דעם מחיה זיין.

דוד איז אין אָנהייב געווען צווישן די עלנטע, וואָס פלעגט אפילו אַף קיין בריוו ניט וואַרטן און ער פלעגט ניט איינמאָל כאַפּן אַ קוק אין שכנים בריוו. ער פלעגט איבערלייענען די שורות: „צו מיין

טייערן, ליבן זון, זאָל לעבן און געזונט זיין," ווייטער פּלענט ער ניט וועלן לייענען. ער האָט געפילט ווי טרערן האָבן אָנגעהויבן שטראָמען אין די אויגן אריין.

דוד האָט צוערשט קיינעם ניט געשריבן. די בענקעניש נאָך א וואָרט פון א באַקאַנטן איז אָבער געוואָרן אזוי שטאַרק, אז ער האָט זיך ניט געקאָנט באַהערשן און ער האָט זיך א נעם געטאָן שרייבן בריוו צו יעדן איינעם וועמעס אדרעס ער האָט נאָר געדענקט. פריער האָט ער געשריבן אהיים צו די שוועסטער, צו א פעטער, צו העלערס שאַפּ, צו זיין מיסיס אין ניו יאָרק, צום סעקרעטאַר פון ברענטש, צו א פריינט און איין טאָג האָט ער רעזערווירט צו שרייבן צו זיין מיידל עטל.

גלייך ווי ער האָט נאָר געהאַט אוועקגעשיקט די בריוו, האָט ער שוין אָנגעהויבן פילן אַן אומגעדולד און באַם עסן זיך שוין ניט גע־איילט ארויסצוגיין, נאָר אָנגעהויבן, ווי אַלע פּאַציענטן, קוקן צו דר. רובינען.

ענדלעך איז אים אָנגעקומען דער ערשטער בריוו, דאָס איז געווען פון עטלען. א טיש־שכן האָט אים א זאָג־געטאָן: „דער דאָקטער האָט געוואָרפן א בליק אַף אייך, מיסטער סטיין." דוד איז רויט געוואָרן. ער האָט זיך ניט געגלויבט און דאָך האָט דאָס הארץ געטיאָכקעט שטאַרקער און שטאַרקער. דר. רובין איז צוגע־קומען מיטן פּעקל בריוו. א קוק געטאָן אַף דודן, א שמייכל געטאָן, איבערגעלייענט זיין נאָמען און אים דערלאַנגט א בריוו, נאָכדעם ערשט אויסגעטיילט די בריוו צו די איבעריקע שכנים פון טיש. דוד איז בלאַס געוואָרן. די טיש־חברים האָבן זיך דערפרייט און דער־וואַרט, אז ער זאָל אים עפענען און דערציילן זיי פון וועמען, און זיך טיילן מיט דעם אינהאַלט. זיי האָבן געזען דודס עלנטקייט און זיי האָבן געוואָלט וויסן מער וועגן אים, נאָר דוד האָט דעם בריוו ניט געעפנט, זיך אויפגעהויבן פון טיש, ארויס אין דרויסן, וואו גאָלדע האָט זיך געהאַט געפעדערט און געוואַרט אַף אים.

— איר האָט דערהאַלטן א בריוו, דוד? — האָט זי אים אריינ־געשמייכלט אין פּנים אריין.

— יאָ, — האָט דוד טרוקן געענטפערט און גראָד געווען אומ־

צופרידן וואָס ער דאַרף גאָלדען באַגלייטן לאַנגזאַם צום שפּיטאָל. זי האָט געזען, אַז ער איז היינט אַנדערש ווי אַלעמאָל און זי האָט אים געפרעגט, צי ער פילט ניט גוט, אָדער צי ער האָט דערהאַלטן שלעכטע נייעס.

ערשט אַף זיין געלעגער האָט דוד אויפגעעפנט עטלס בריוו.

אין זיין בריוו צו עטלען האָט דוד איר דערציילט דעם גאַנצן אמת וועגן זיך. נאָך לאַנגען נאָכטראַכטן האָט ער באַשלאָסן אַז דאָס איז דער איינציקער אויסוועג. אַ פריינט דערקאָנט מען אין נויט.

עטלס בריוו איז געווען אַ רירנדיקער. זי האָט זיך אירע אויגן אויסגעוויינט ניט וויסנדיק וואָס מיט אים האָט פּאַסירט. זי וויל קומען צו אים, זי וויל אים שיקן געלט און זאַכן אין וועלכע ער נויטיקט זיך.

אַזוי האָט דוד, ווי די איבעריקע פּאַציענטן, אָנגעהויבן לעבן מיט דער האָפנונג־טרייסט פון קריגן בריוו. פלעגט אָנקומען אַ בריוו, פלעגט דער טאָג האָבן אַ זין, אַ ציל. אין בריוולאָזע טעג פלעגט דער אומעט זיין גרויס און דאָס פּנים פאַרצאָגט.

די בריוו האָבן דודן צוריקגעבראַכט צום באַוואוסטזיין, אַז ער איז ניט קיין פאַרמשפּטער, קיין פאַרלאָרענער, אַז ער האָט אימיצן אַף דער וועלט וואָס טראַכט וועגן אים, וואָס וועט זיך פרייען מיט זיין געזונט ווערן, אָדער באַקלאָגן זיין טויט.

במעט אַלע שכנים אַף דודס לינטאַ זיינען געווען אַרבעטער. די מערסטע זיינען געקומען פון די נאָדל־פאַכן, די מערסטע האָבן באַלאַנגט צו יוניאָנס.

מע האָט וועגן פּאָליטיק ניט געהאַט קיין חשק צו רעדן אַף דער לינטאַ, איז אָבער געווען איין פּאַציענט, וואָס האָט ניט דורכגעלאָזט די געלעגנהייט און באַם לייענען זיין צייטונג פאַרפירט במעט יעדן טאָג אַ שמועס וועגן דער לאַגע פון טאָג. דאָס איז געווען חבר ליכטער, אַ בעקער, אַ נידעריקער מיטליעריקער מאַן מיט ברייטע פּלייצעס און פולע רויטע באַקן. ער האָט געהאַט אַ ווייסן קאָפּ און שוואַרצע גליענדיקע אויגן. ער האָט געלייענט די „פרייהייט" און ער איז געווען אַ קאָמוניסט, אַ פּאַרטיי־מיטגליד. ער האָט עס גע־

האַלטן פֿאַר זיין חוב צו אַגיטירן דעם עולם קעגן לייענען דעם „פֿאָרווערטס" און דעם „טאָג" און ער האָט געזוכט אַ געלעגנהייט צו קאָנען פֿאַרלייענען אַרטיקלען פֿון דער „פֿרייהייט" אַפֿן קול. דאָס האָט דערבראַכט צו הייס בלוט, ווייל אַ צאָל פֿון די פּאַציענטן האָבן ניט געוואָלט הערן די „תורה" פֿון דער „פֿרייהייט". ליכטער ווידער האָט זיך אונטערגענומען צו באַווייזן, אַז וואָס זיי לייענען אין אַנדערע צייטונגען איז קאַטוטע פֿאַר זייערע מוחות.

ווען ליכטער האָט אויסגעפֿונען, אַז דוד לייענט די „פֿרייהייט", איז ער געוואָרן אַן אויפֿגעריכטער. ער האָט באַדויערט וואָס זיין בעט איז צו ווייט, אַז ער זאָל זיך קאָנען נענטער דורכשמועסן מיט דודן וועגן דער לאַגע פֿון דער לינקע. דוד האָט ניט פֿאַרשטאַנען, וואָס ער מיינט און פֿרעגן האָט ער ניט געוואָלט. ער האָט אָבער פֿון ליכטערס רייד אין די קומענדיקע טעג אויסגעפֿונען, אַז מע דאַרף די פּאַציענטן, וועלכע זיינען שטאַרק אָפּגעשטאַנען, ווייל זיי לייענען די בירגערלעכע פּרעסע, נעמען אין די הענט אַריין און זיי אויפֿקלערן. ליכטער איז אָבער געווען אַ דערפֿאַרענער מענטש און ער האָט באַלד דערזען, אַז דוד איז אויך ניט קיין צופֿיל אויפֿגעקלערטער. דוד האָט קיינמאָל קאַרל מאַרקסן ניט געלייענט, לעניניס ווערק זיינען אים געווען פֿרעמד און ליכטער האָט אים איינמאָל נאָכמיטאָג אונטערגערוקט אונטערן קישן דעם קאָמוניסטישן מאַניפֿעסט. ליכטער האָט אים אויך איינגעלאַדן אַראָפּצוגיין אין דער פֿרייער צייט אין דער ביבליאָטעק און דאָרט אויסקלייבן עפּעס באַלערנדיקס צום לייענען.

דוד האָט זיך פֿאַרשעמט פֿאַר ליכטערן. יענער איז אַלט געווען 45 יאָר, אַ פּשוטער בעקער און דאָך האָט ער געוואוסט אַזויפֿיל וועגן עקאָנאָמישע פֿראַגן און ער, דוד, אַ מיטגליד פֿון אינטעליגענטן דרוקער־פֿאַך, אַ יונגערמאַן, איז געווען אַ פּאָליטישער עם־הארץ. ער האָט זיך אָנגעהויבן צוהערן צו ליכטערס אויפֿקלערונגען. דער עולם האָט עס באַמערקט און געשריען צו דודן: — יונגערמאַן, לאָזט זיך ניט כאַפּן אַף דער ווענדטקע פֿון דעם קאָמוניסט, דעם נשמה־כאַפּער... ער האָט שוין געכאַפּט אַ קרבן, ליכטער. ער קאָן אַ מאַן טראָגנדיק מאַכן פֿון זיינע רייד . . .

ליכטער פלעגט זיך אויפרעגן, נערעדט מיטן גאנצן הארצן און חברה ארום האבן איס אנגערייצט. ליכטער פלעגט רעדן מיט שוים אף די ליפן, מאכן קולות, צום טויזנטסטן מאל באווייזן, אז „ווען ניט די פארפלוכטע קאפיטאליסטישע אָרדנונג, וואלטן מיר דא היינט ניט געלעגן מיט צעלעכערטע לונגען, מיר זיינען קרבנות פון דער פראָ־לעטארישער קרענק, מיר האבן ניט געהאט קיין פרישע לופט, קיין נארהאפטיקע שפייז, קיין געזונטע קינדער־יארן."

„נעמט מיך, פאר א ביישפיל", האט ער געזאגט, „צו צען יאר האב איך שוין אפגעפינסטערט אין א קעלער, ווייל כ'בין געבליבן א קיילעכדיקער יתום. צו פערצן יאר האב איך שוין געדארפט אר־בעטן א גאנצע נאכט און זיך קיינמאל ניט רעכט אויסגעשלאפן. דערפאר דארף איך איצט באצאלן. וואס האב איך געהאט פון מיין ארבעט? האט מיר דער באלעבאס כאטש באלוינט מיט א מענטש־לעכן לוין? קלעפ האט ער מיר געגעבן א סך, געלט — א מכה. דערפאר האב איך שוין דאן פארשטאנען, אז דעם ארבעטערס פלאץ איז אין אן ארבעטער פארטיי און איך האב זיך אנגעשלאסן . . ."
נאר דער עולם האט ניט געוואלט הערן מער און אנגעהויבן פילדערן.

דוד האט אויסגעפונען די לייען־געוואוינהייטן פון זיינע שכנים. שפיגל, וואס האט געהאט זיין בעט רעכטס, האט נאכגעפאלגט מיט א פארכאפנדיקן אינטערעס די ראמאנען אין „טאג" און די ערשטע זאך אין צייטונג איז בא אים געווען דער ראמאן. נאכדעם האט ער געלייענט אלץ וואס האט געהאט צו טאן מיט אידן און דערנאך — וואס עס האט זיך געמאכט.

צו דודס לינקער זייט איז געלעגן א שטילער עלטערער מאן, ליפשיץ, זייער א שוואכער, אן אויסגעצערטער, וואס פלעגט אונטער־קרעכצן, ווען ער האט זיך א ריר געטאן אין בעט. ער האט א סך געהוסט און געהאלטן אין איין שפייען. ליפשיץ האט געלייענט דעם „פארווערטס", נאר דאס לייענען איז פאר אים געווען אן אנשטרענ־גונג, פלעגט ער בלויז איבערלייענען די „קעפלעך" און אוועקשענקען די צייטונג צו דעם נעקסטן שכן בא זיין זייט.

איינמאל איז ליכטער צוגעקומען צו דודן און מיט אים אינדער־שטיל גערעדט וועגן דעם, אז מע דארף מאכן א געלט־זאמלונג פאר

דער „פריַיהייט", וועלכע איז דאַן ארויס מיט אַן אַפּיל פאַר פּאָנדן. דוד האָט געגעבן עפּעס, נאָר ליכטער איז דערפון ניט געווען צופרידן, ער האָט געוואָלט אַז דוד זאָל אים העלפן זאַמלען צווישן די פּאַציענטן. דודן איז דאָס געווען פרעמד, נאָר ער האָט עס געטאָן. ווען דער עולם איז געזעסן אין פאַרברענג־זאַל אין אָוונט און געוואַרט, אַז מע זאָל ברענגען הייסע מילך פאַרן שלאָפן גיין, זיַינען ליכטער און דוד צוגעגאַנגען צו יעדן איינעם אינדערשטיל און אַפּעלירט נאָך געלט. די מערסטע פּאַציענטן האָבן עפּעס געגעבן. עס זיַינען אָבער געווען עטלעכע פאַרביסענע וואָס זיַינען געוואָרן אויפגעקאָכט און געשריען: „פאַר דעם בלעטל? קיין פעני ניט! א ציַיטונג וואָס קיין זאַך געפעלט איר ניט, א ציַיטונג וואָס ווייס ניט מער ווי שריַיען הורא פאַרן קאָמוניזם און פאַר די סאָוועט יוניאָן — קיין פעני ניט!"

ווידער איז ליכטער געוואָרן אַן אָנגעצונדענער און זיך געשטעלט אַרגומענטירן, נאָר יענע פלעגן זיך אַוועקדריַיען פון אים.

ליכטער האָט דודן די אויגן געעפנט אין א סך זאַכן. דוד איז געווען א גוטער תּלמיד. אין דער ערשטער ליניע האָט זיך געפונען די ביבליאָטעק פון סאַנאַטאָריום. יעדן פאַרנאַכט האָט מען געקאָנט ארויסנעמען ביכער צום ליַיענען. דער ביבליאָטעקאַר איז געווען איינער פון די פּאַציענטן און דודן האָט זיך אַליין אויך געוואָלט ווערן אַן אויפּפּאַסער אין דער ביבליאָטעק. אַראָפּקומענדיק אַהער דעם ערשטן מאָל מיט ליכטערן האָט יענער אים צוגעפירט צו דער אָפּטיילונג, וואו עס האָבן זיך געפונען ביכער איבער סאָציאַל־עקאָנאָמישע פּראָבלעמען. קיין ניַיע ביכער זיַינען דאָ ניט געווען. דער ביבליאָטעקאַר, דער יונגער סילווער, האָט זיך באַקלאָגט, אַז מע ליַיענט ניט. די וואָס נעמען ארויס ביכער קוויקן זיך מיט טאַנעבוימס ראָמאַנען און די „געהיימנישן פון קייזערלעכן הויף" איז נאָך אַלץ דער פּאָפּולערסטער בוך בא די פּאַציענטן, בעת די קלאַסיקער דרימלען געשמאַק אויף די פּאָליצעס. ליכטער האָט דודן געגעבן ליַיענען מאַרקסעס „קאַפּיטאַל" און צוגעזאָגט אים העלפן דורכקריכן די שווערע ערטער.

אמת, די פאַרוואַלטונג פון סאַנאַטאָריום האָט זיך אָפּגעגעבן שטאַרק צום פיזישן וואוילזיַין פונם פּאַציענט און דאָס איז דאָך גע־

ווען די הויפטזאך. נאר דוד האט דערפילט אף זיך, אז דאס איז ניט גענוג. ער האט אנגעהויבן בענקען נאך גייסטיקער שפייז, נאך אמוזירונג. די שכנים האבן אים אינפארמירט, אז איינמאל אין חודש קומען אראפ קרעפטן פון ניו יארק און איינמאל אין וואך ווייזט מען מואוויס.

דוד פלעגט, ווי א אינטעליגענטער אידישער בחור, ליב האבן דעם בעסערן אידישן טעאטער, נאר די נעמען פון די אקטיארן, וואס זיינען שוין געווען אף א באזוך אין סאנאטאריום, זיינען אים ניט געווען באקאנט.

איינמאל איז משה דער פארזיצער ארויפגעקומען מיט א נייעס, אז אינגיכן וועט דא פארקומען א קאנצערט, וואס וועט זיין אזעלכעס און אזוינס. דאס וועט מען פייערן דעם יובילעי פון סאנאטאריום און די ארגאניזאציע ברענגט אראפ פון ניו יארק די בעסטע קרעפטן. מיט אומגעדולד האט דוד געווארט אף דער געשעעניש.

עס איז אראפגעקומען פון ניו יארק די סאנאטאריום קאמיטע און מיט איר „די בעסטע קרעפטע פון אידישן טעאטער". לכבוד דעם יום־טוב האט מען סערווירט א סטעיק־וועטשערע. דער עס־זאל איז געווען דעקארירט מיט רויטע לענטעס און עס האט זיך געפילט יום־טובדיקייט אין דער לופטן. די פאציענטן זיינען געווען אויס־געפוצט אין פריש־געפרעסטע העמדער און אין זייערע בעסטע קאסטיומען.

נאכן עסן האבן זיך אנגעהויבן די רעדעס. דער פארזיצער פון דער סאנאטאריום קאמיטע האט איבערגעגעבן פארן עולם וויפיל עס קאסט אויסצוהאלטן דעם סאנאטאריום א יאר און ווי שטאלץ די ארגאניזאציע איז מיט איר אויפטו. ער האט דערציילט וויפיל שטח לאנד דער סאנאטאריום פארמאגט, וויפיל קראנקע זיינען דא דורכגעגאנגען, זינט ער עקזיסטירט און וואס פארא גוטן נאמען ער האט איבערן לאנד.

גראד האט מען היינט געהאט אויסגעשטעלט לאנגע טישן און יעדער האט געקאנט זיצן וואו ער האט געוואלט. ווען דוד איז אריין אין עס־זאל האט זיך בא זיין זייט באוויזן ליכטער און זיי זיינען שוין דעם גאנצן אוונט געזעסן צוזאמען. ווען די רעדנער

האָבן גערעדט, האָט ליכטער אינדערשטיל זיי קריטיקירט, דודן אַפּן אויער.

— מע באַרימט זיך מיט דער פּראָפּערטי וואָס מע פּאַרמאָגט, — האָט ער מיט אַ שניידנדיק איראָניש שמייכעלע זיך געווענדט צו דודן, — כ׳אַל וואָלטן זיי בעסער אויפגעקלערט דעם עולם, ווער ס׳איז שולדיק אין זייער קרענק; כ׳אַל וואָלטן זיי גערופן דעם עולם צו קעמפן קעגן די וואָס האָבן זייער בלוט אויסגעזאַפּט. איר זעט? דעם קאַפּיטאַליזם, די שלעכטע עקאָנאָמישע באַדינגונגען, וואָס פּאַראורזאַכן קאַטוטע, דערמאָנען אונזערע רעדנער ניט. און זיי דאַרפן דאָס זיין אונזערע פירער!

דער עולם האָט יעדן רעדנער ווארים אַפּלאָדירט, נאָר מע האָט געפילט אַז מע וואַרט אומגעדולדיק אַף די „קרעפּטע״, און ווען דער פּאָרזיצער האָט אָנאָנסירט, אַז ענדלעך גייט מען איבער צו דער קינסטלערישער פּראָגראַם, איז געוואָרן לעבעדיק.

דער פּאָרזיצער איז געווען אַן אַלטער מאַן, מסתמא שוין אַ זעכציקער, אַ נידעריקער, אַ דאַרער, מיט אַ קליין פּנימל, מיט גרויע, כיטרע אייגעלעך און אַ שטימעלע, וואָס קריכט זיך אַזוי רואיקערהייט אין די ביינער אַריין. אַ דורכגעטריבענער פוקס איז דער ברודער אוונער, האָבן וועגן אים געזאָגט די עלטערע פּאַציענטן, וואָס האָבן אים געקאָנט פון דער אָרגאַניזאַציע. ווי געשיקט ער האָט דאָס פּאַרגעשטעלט יעדן פון די רעדנער, קיינעם ניט אָנגערירט דעם האָנאָר אַף אַ האָר. יעדער רעדנער איז בא אים געווען דער געטרייסטער, איבערגעגעבנסטער, פּעאיקסטער אין דער סאַנאַטאָריום קאָמיטע, — דאָס דאַרף מען קאָנען, — האָט וועגן דעם געזאָגט דוד צו ליכטערן.

פּונקט אַזוי געשיקט איז ברודער אוונער געווען אין פּאָרשטעלן די „קרעפּטע״.

— און איצט וועל איך אייך פּרעזענטירן דעם ליבלינג פון סעקאָנד עוועניו, דעם לירישן טענאָר און דעם גרויסן בוף־קאָמיקער, הער לעאָן ב. טשיריקאָוו.

דוד איז געווען אָנגעצויגן. ער איז געווען זיכער, אַז ער וועט דערזען פאַר זיך אַ יונגען, שיינעם אַרטיסט, וואָס וועט באַלייכטן דעם זאַל מיט זיין אויפטריט. צו זיין דערשטוינונג האָט ער פאַר זיך

דערזען אַ נידעריקן פּעטן, פּליכעוואַטן עלטערן מענטשן מיט רויט־לעכע, פון אַלקאָהאָל, באַקן, וואָס האָט אָנגעהויבן אַ הייזעריקלעכער דערציילן וויצן וועגן אַ סעילסמאַן און זיין שוויגער. הער טשיריקאָוו האָט זיך געריבן די הענט באַם דערציילן, געשפּרייזט איבער דער קליינער פּלאַטפאָרמע און זיך געהאַלטן אין איין אויסהוסטן. זיין דיק בייכל האָט אים געשטערט, אַניט וואָלט ער אונטערגעטאַנצט. ער האָט געטראָגן „ספּעטס" און די קליינע פיס האָבן געמאַכט קליינע טריטלעך, וואָס האָבן אים קיין אָנזען ניט צוגעגעבן.

— און איצט, מיינע טייערע פריינדע, האָב איך פאַר אייך אַ סורפּרייז. ווען מיין ליבער פריינט אוונער האָט מיך איינגעלאַדן אַהער, האָב איך געזאָגט: „וויט די גרעיטעסט פּלעזשור. קיין זאַך וועט מיך ניט אָפּהאַלטן, אפילו ניט קיין מעי וועסט, אָדער גרעטאַ גאַרבאָ. ווען זיי וואָלטן געקומען צו מיר, וואָלט איך זיי מיטגע־בראַכט אַהער. איר וואָלט זיי דאָך ניט אַרויסגעטריבן, איאָ ניט? נו, וועלל, פריינדע, איך וועל אייך זינגען מיין היט: „אַי, האָב איך דאָס ליב" און איך בין זיכער, אַז איר האָט עס אויך ליב . . ."

און עס איז אַוועק אַ לידל וועגן דעם וואָס מע טוט מיט אַ מיידל, ווי מע שאַרט זיך צו צו איר, ביז —

מע זאָגט אַ וויצל,
מע גיט אַ קיצל —
אַי, האָב איך דאָס לי—י—ב."

באַם עולם האָבן די פּנימער געגלאַנצט פון הנאָה. מע האָט דעם זינגער ניט געוואָלט אָפּלאָזן. דוד און ליכטער זיינען, דוכט זיך, געוועזן די איינציקע וואָס זיינען געזעסן אַנטוישטע.

— און איצט וועל איך אייך פאָרשטעלן די ליבהאַבערן פון סעקאָנד עוועניו, די סובערעטין פון דער אידישער ביהנע, וואָס וועט דערפרייען אייערע הערצער און דערוואַרעמען אייערע נשמות, די באַרימטע מיס בעלאַ קאַזעק.

עס איז אַרויף אַ צוויי הונדערט פונטיקע פרוי מיט אַן אָנ־געשמירט צערונצלט, גוידעריק פּנים, זי האָט אַ פאַרהייב געטאָן

ס׳קלייד און באַווייזן אירע פיס ווי קלעצער, און אָנגעהויבן זינגען און דרייען זיך:

באַיעס, נו!
איך בין אַ מויד מיט אַלע מעלות,
איך קאָן אייך געבן אַלעס, אַלעס —
ווער וויל אַ וואַב, ווער וויל אַ וואַב?

ליכטער האָט אַ שטורך געטאָן דודן. דוד האָט געלאַכט. ליכ־טערס פּנים איז געווען גערייצט. אָט וועט ער אויספּלאַצן. דער עולם האָט געשריען: „ווי וואָנט מאָר!״

דער אמתער קאָנצערט איז אָבער געווען נאָכהער אַף דער לינטאָ, ווען ליכטער האָט אויסגעלאָזט זיין כעס צו די אַראַנזשירער און צום געשמאַק פון עולם. דער עולם האָט געשריען, אַז עס איז געווען „פּוירסט קלעס״. דוד האָט זיך אַריינגעמישט, נאָר ער האָט געזען אַז זיינע אַרגומענטן זיינען זייער שוואַכע קעגן דעם געגנוס פון עולם. „הלואי קומען זיי יעדע וואָך,״ האָבן זיי זיך געוואונטשן.

אין אַ וואָך אַרום האָבן זיי ליכטערן און דודן צוגעטראָגן דעם „פאָרווערטס״, וואו עס איז געווען אַ דאַנק־רעזאָלוציע אין נאָמען פון די פּאַציענטן צו דער סאַנאַטאָריום קאָמיטע פאַר ברענגען אַזעלכע פיינע קרעפטע צום יובילעי־קאָנצערט אין סאַנאַטאָריום.

יעדן שבת האָט מען אין עס־זאַל געוויזן מואַווים. מע איז אַראָפּגעקומען ניין אין אָוונט און געמעגט אויף־זיין ביז אַרום עלף. אַלע פּאַציענטן, מיטן אויסנאַם פון די פיבער־קראַנקע אין שפּיטאָל, זיינען זיך צוזאַמענגעקומען. די שטימונג איז געווען אַ פריילעך־הפקרדיקע, איבערהויפּט האָבן זיך גוט געפילט די פּאָרלעך. זיי האָבן פאַרנומען זייערע פּאָזיציעס אין די לעצטע רייען אָדער באַ דער וואַנט, אַז מע זאָל זיך ניט אַריינמישן אין זייערע פאַרגעניגנס. די קאָוואַליערן פלעגן מכבד זיין די דאַמעס מיט קענדי, וואָס זיי האָבן זיך פאַרשאַפט פון שטעטל.

די בילדער זיינען געווען שטילע, נאָר דער טומל האָט אָנגעהאַלטן די גאַנצע צייט, וואָס דאָס בילד איז געוויזן געוואָרן. דער עולם האָט מיטגעשפּילט. שטענדיק פלעגט פּאַסירן, אַז עפּעס פלעגט קאַליע

ווערן אין מיטן, אָדער דאָס בילד פֿלעגט ארויסקומען צו טונקל. עס האָבן זיך געהערט פּראָטעסטן, וויצן אָפּן חשבון פֿון דעם אָפּער־רייטאָר. די וואָס פֿלעגן הוסטן, זיינען באַגעגנט געוואָרן פֿון עולם מיט א — „מיסטער, איר האָט קאַ־טו־—טע!" די באַציאונג פֿון עולם איז געווען א צינישע. די אויסרופֿן פֿלעגן זיין וואולגארע און דער עולם פֿלעגט לאַכן הויך פֿון יעדער באַמערקונג, אַזוי אַז מע האָט זיך ווינציק וואָס אינטערעסירט מיט די געשעענישן אָפּן לייוונט.

ווען אָפּן עקראַן האָט זיך געוויזן א ליבעס־סצענע, פֿלעגט דער עולם זיך גלייך טיילן מיט די איינדרוקן אָפּן קול. ווען מע האָט זיך געקושט, פֿלעגט דער עולם אימיטירן דעם קוש מיט א כאָר פֿון ליפּן־געברום.

בא א אינטימער סצענע פֿלעגן די פּאַציענטן פֿון דער צווייטער לינטאָ שרייען: „פּעני", ווייל דאָרט איז געווען א פּאַציענט, וואָס פֿלעגט זיך אָנדערציילן פּעפּערדיקע מעשות וועגן זיין געליבטער, וואָס האָט געהייסן פּעני.

נאָך די מואוויס האָט דער עולם גלייך געמוזט ארויסגיין אין די לינטאָס, וואו עס פֿלעגן שוין וואַרטן אָף אים קופּערנע קאַנען מיט הייסער מילך און די פּאַציענטן פֿלעגן זיך אָנפּאָיען וויפֿיל ס'איז נאָר אריינגעגאַנגען אין זיי.

דוד האָט באַשלאָסן מער די מואוויס ניט זען, נאָר די מאָנאָ־טאָנקייט פֿון דער וואָך האָט אים תמיד אראָפּגעבראַכט שבת אָוונט צו די בילדער און יעדעס מאָל פֿלעגט ער ארויסגיין א פֿארביטערטער און א באַליידיקטער.

## 6. לאָלאַ.

שלעכט האָבן געפֿילט די שפּיטאָל־פּאַציענטן וואָס דער פֿיבער האָט זיי צוגעשמידט צום בעט און זיי ניט דערלויבט אראָפּגיין גע־ניסן פֿון די מואוויס שבת אָוונט. די דאָקטוירים האָבן דאָס פֿאַר־שטאַנען און זיי האָבן געפּרואווט מאַכן וויפֿיל אויסנאַמען זיי האָבן נאָר געקאָנט.

פֿאַר דער צייט וואָס דוד איז געווען אין סאַנאַטאָריום האָבן

כמעט אַלע שפּיטאָל־פּאַציענטן באַקומען אַזאַ געלעגנהייט צו זען די מואָווים, חוץ איין מיידל — לאָלאַ.

צו קיין פּרווי האָט דוד ניט געהאַט אַזאַ וואַרים געפיל ווי צו איר, כאָטש ער האָט זיך מיט איר נאָך ניט געהאַט באַגעגנט. דערציילט אים ווענן איר האָט זיין טיש־שכנטע גאָלדע. ליגנדיק טאָג־איין און אויס און טראַכטנדיק וועגן אַלעם אין דער וועלט, פלעגט דודן תמיד אַפן זינען אַרויפקומען — לאָלאַ.

אַלט געווען איז זי אַכצן. ווען דוד איז נאָר וואָס געהאַט אָנ־געקומען אין שפּיטאָל און געצווינגען צו זיך די אויפמערקזאַמקייט פון די פּאַציענטקעס אויבן מיט זיין שווייגן, האָט מען אים דערציילט, אַז לאָלאַ וויל זיך מיט אים באַקאָנען.

ווי וואָולגאַר און ציניש די מענער פלעגן זיך באַציען צו די פרויען, האָבן זיי אָבער וועגן לאָלאַן גערעדט אין אַן אַנדער טאָן. צו איר האָט מען זיך באַצויגן ווי צו אַ ליב, קראַנק, הילפלאָז קינד.

איינמאָל האָט גאָלדע אַראַנזשירט, אַז דוד זאָל בלייבן באַם שפּיטאָל נאָכן מיטאָג און זיך באַקאָנען מיט לאָלאַן. דער טאָג איז געווען אַ זוניקער און לאָלאַ האָט דאַן געפילט זיך בעסער און ווען דוד איז צוגעקומען, האָט לאָלאַ אַרויסגעשטעקט איר קעפּל פון פענסטער און זיך באַגריסט אַ שטראַלנדיקע מיט דודן. ער איז מאָ־מענטאַל פאַרכאַפּט געוואָרן פון איר ליבן, באַחנטן קינדערישן פּנים, פון איר גלאַט־פאַרקאַמטע, פּעך שוואַרצע גלאַנציקע האָר, פון די גרויסע גליענדיקע שוואַרצע אויגן, וואָס האָבן אַזוי זיס און פריי געלאַכט צו אים, פון דעם קלאָר־ווייסן פיין־געשניצטן דינעם האַלז. נאָר מער פון אַלץ האָט אים באַצויבערט איר קול — דאָס ווייך־מיידליש, האַרציק קול.

דוד האָט ניט געוואוסט וואָס איר צו זאָגן. ער איז געווען צע־טומלט. גערעדט וועגן וועטער, וועגן שניי, וועגן דער וואַרימער זון, און זי האָט געוואָלט ער זאָל איר זאָגן אַזוינס וואָס זאָל פאַרבלייבן. די וועכטערן האָט געהייסן לאָלאַן צוריק אין בעט. לאָלאַ האָט געוואָרפן דודן אַ לופט־קוש.

פון דאַן אָן פלעגט דוד שיקן גרוסן צו איר מיט גאָלדען. זי האָט אים איינמאָל געשיקט אַ בריוול אין ענגליש. ער האָט איר גע־

ענטפערט אין אידיש, נאָר זי האָט קיין אידיש ניט געקאָנט און אים איז געווען שווער צו שרייבן ענגליש.

נאָר אָט האָט זיך געמאַכט אַזוי, אַז גאָלדע האָט פאַרלאָזן דעם סאַנאַטאָריום. צווישן די פרויען זיינען געווען אַ צאָל, וואָס זיינען ניט געווען קיין מיטגלידער פון דער אָרגאַניזאַציע, נאָר זיי זיינען גע־ווען די קרובים פון מיטגלידער און מע האָט זיי אַריינגענומען פאַר אַ באַשטימטער סומע אַ וואָך. גאָלדעס עלטערן האָבן מער ניט גע־קאָנט צאָלן און זי האָט געמוזט פאַרלאָזן נאָכדעם ווי איר צושטאַנד האָט זיך געהאַט אַ סך פאַרבעסערט.

איצט איז דוד געבליבן אָן אַ פאַרבינדונג מיט לאָלאַן. נאָר לאָלא האָט געפונען אַ וועג. בעסי די וועמפּ האָט יעדן טאָג איבער־געגעבן דודן אַ גרוס און אַמאָל אויך אַ בריוול פון לאָלאַן. אירע בריוו זיינען געוואָרן לענגער און לענגער. דוד האָט פאַרשטאַנען, אַז זי מוז זיך פילן געקרענקט, דערפאַר וואָס ער ענטפערט איר ניט גלייך — בעסי האָט אים טאָקע אויסגערעדט דערפאַר — און ער איז געוואָרן מער פּינקטלעך.

דוד פלעגט יעדע וואָך שיקן לאָלאַן אַ מאָווי זשורנאַל, וועלכן זי האָט געוואָלט און נאַשעריייען, וועלכע ער האָט באַשטעלט דורך מיסטער וואולפן פאַר זיך, ווען יענער איז געפאָרן אין שטעטל אַריין. לאָלאַס בריוו זיינען געווען האַרציקע, וואַרימע, דורכגעוועבט מיט אַ פּינקלדיקן הומאָר. זי האָט געהאָפט, אַז זי וועט אינגיכן קאָנען גיין עסן און דאַן וועט ער ווערן איר קאַוואַליער און זי באַגלייטן אוטערן אָרעם דריי מאָל אין טאָג.

ער האָט איר געשריבן וועגן די מאָוויס, אין וועלכע זי איז געווען שטאַרק פאַראינטערעסירט און אויסגעפינענדיק אַז פאַר אים זיינען זיי אַן אָפּקומעניש, האָט זי זיך געבעטן בא אים, אַז ער זאָל אַרויפקומען צו איר אין שפּיטאָל שבת אָוונט, ווייל קיינער איז דאַן ניטאָ.

דוד האָט זיך שטאַרק געשלאָגן מיט דער דעה, צי ער זאָל אַרויפ־גיין צו לאָלאַן. ער האָט ניט געוואָלט ליגן בא אַלעמען אין די מיילער און ער האָט ניט געהאַט גענוג מוט אונטערצונעמען אַזאַ עקספּעדיציע. לאָלא האָט אים אָבער געשריבן, אַז זי דערוואַרט

אים שבת און פון אירע שורות האָט געוויִיעט מיט אַזויפיל יוגנט און בענקעניש, אַז דודן האָט אַליין אַרומגעכאַפּט אַן אומגעצאַמטער באַגער זיך צו טרעפן מיט לאָלאָן אין שפּיטאָל, ווען קיינער וועט ניט זיין. זי האָט אים אויסדריקלעך געשריבן אַז היינטיקן שבת וועט זי זיין די איינציקע אין איר אָפּטיילונג אין שפּיטאָל. דער דאָקטער וועט אַלעמען דערלויבן צו גיין זען די מואווי.

אין עס־זאַל האָט מען געוויזן אַ טשאַרלי טשאַפּלין קאָמעדיע, פון זיינע ערשטע זאַכן. דוד איז געקומען צו לאָלאָן אין שפּיטאָל. די שכנים זיינע האָט ער געזאָגט, אַז ער בלייבט איבער אויף דער ליגנטאָ און ער וועט זיך אפשר שפּעטער דורכגיין אַביסל, ווייל דער אָוונט איז געווען אַ שיינער. דער אַלטער וועכטער האָט אים אַריינגעקוקט אין די אויגן. — דו ווייסט, אַז דאָ איז מענער ניט דערלויבט אַריינצוגיין, — האָט ער געלאַסן געזאָגט, — איך פאַרשטיי, אַז לאָלאָ איז איינע אַליין און עס איז אַ רחמנות צו לאָזן דאָס אָרעם קינד אַליין. עס איז פיין פון דיר וואָס דו ביסט איר געקומען באַזוכן, נאָר עס איז דאָך קעגן די געזעצן פון דער אינסטיטוציע. לאָלאָ האָט מיט מיר גערעדט פריער אויפן טעלעפאָן און געבעטן, אַז איך זאָל דיך אַריינלאָזן. וועל, איך שטעל איין מיין אייגענעם דזשאָב. כאַפּ זיך אַריין, נאָר זאָג ניט אַז איך האָב דיך געזען. האָסט זיך אַריינגעגנבעט ווען איך בין ניט געווען. זאַם זיך ניט לאַנג דאָרט, הערסט?

אַן אומבאַוואוסטער פּחד האָט דודן באַוועלטיקט, ווען ער האָט זיך, אויף די שפּיץ־פינגער, אַרויפגעלאָזט אויף די ברייטע, ווייסע טרעפּ. וואָס העכער ער איז געשטיגן, אַלץ שטאַרקער האָט ער דערפילט די טויטע שטילקייט, וואָס האָט זיך געטראָגן פון אַרום. דוד איז געבליבן אַן אָטעם. ער האָט דורך דער גלעזערנער טיר דערזען אַ ריי ווייסע בעטן און איידער ער האָט נאָך די טיר אויפגעפּראַלט, האָט ער דערהערט לאָלאַס קול, וואָס האָט גערופן דעם וועכטערס נאָמען.

— ניין, ס'איז אַ גאַסט, — האָט דוד געענטפערט צוגייענדיק צו דעם וויַיטן בעטל וואו לאָלאָ איז געלעגן.

אין אַ גרויסן ווייסן צימער, אויסגעשטעלט מיט ווייסע איינזאַמע בעטלעך, פון דער שטומער ווייסקייט אַרויס, גלאַנצן גרויסע

שוואַרצע ליבע אויגן און עס קרוינט זיך אַרויס לאַלאַס שוואַרץ־ווייס קעפּל.

— האַלאָ, לאַלאַ. איך האָב זיך אַריינגעגנבעט צו דיר, נאָר מיסטער ראָס וויים דערפון — האָט דוד שטיל געלאַכט.

לאַלאַ איז געווען פריידיק איבערראַשט. זי האָט זיך פלינק אויפגעזעצט און אויסגעשטרעקט דודן אַ לאַנגע, ווייסע, דינע הייסע האַנט, וואָס זי האָט אַרויסגענומען פון אונטער דער קאָלדרע.

— כ'בין אַזוי שטאַרק צופרידן! איך בין גליקלעך! איך וועל עס דיר קיינמאָל ניט פאַרגעסן. — זי האָט אַנגעכאַפּט דודס האַנט און געפּרעסט צו איר נאַקעטער, הייסער ברוסט.

— זעץ זיך אַוועק לעבן מיר דאָ אויפן בעט און רעד צו מיר גוטע רייד. איך זע קיינמאָל ניט קיין ניי פּנים. קיין בחור פאַרליבט זיך ניט אין מיר, — האָט זי זיך שטיפעריש צעלאַכט. נאָר אירע אויגן האָבן געפּרואווט פאַרדעקן דעם אומעט און צער, וואָס האָט אין זיי געטליעט אַ לאַנגע צייט.

דודן איז הייס געוואָרן. עס האָט אים פאַרקלעמט באַם האַרצן. ער האָט מיטאַמאָל דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט, ווי ער וואָלט זיך דערפילט שולדיק. אַ געפיל פון ליבע און רחמנות האָט אים אַרומגענומען צו לאַלאַן.

איר פּנים איז געווען אַזוי אומשולדיק, נאַאיוו און דאָך גלוס־טיק. דאָס לייב, דער שיינער אידעלער האַלז, די קליינע פולע ברוסטן, וואָס האָבן מיט זייער רונדיקייט געלאָקט צו זיך, דאָס ליכטיק פּנים — אַלץ האָט דודן פאַרשיכורט. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן בעט און אַ גלעט געטאָן ניט־זיכער לאַלאַן איבערן קאָפּ.

לאַלאַ האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און אין אירע אויגן האָבן אַ בלישטשע געטאָן טרערן. דוד האָט זי צוגעצויגן צו זיך, אַריינ־גענומען איר קעפּל אין זיינע הענט און זי אָנגעהויבן קושן. לאַלאַ האָט זיך מיטאַמאָל שטאַרק צעוויינט. גרויסע, הייסע טרערן האָבן זיך געקייקלט דורך דודס פינגער. נאָר זי האָט זיך גלייך געפּרואווט באַהערשן. דאָס איז איר געלונגען. — פאַרגיב מיר מיין צעקראַכנ־קייט, טייערער. מיר איז איצט אַזוי גוט! — האָט זי זיך געווישט

מיט אַ טיכל די אויגן און זיך צעלאַכט מיט אַ זיפץ און פאַרלייגט אירע אָרעמס אַרום זיין האַלז און אים געקושט אויפן שטערן.

— דו ווייסט, איך האָב אַזויפיל קושן און איך האָב זיי ניט וועמען צו געבן. איך בין אַזוי אויסגעהונגערט נאָך ליבע און קאָן ניט געליבט ווערן. איך בין אַ גרויסער פּלירט, ווייסט? איך וואָלט זיך רק געוואָלט שפּילן מיט בחורים . . . — און זי האָט זיך הויך פאַנאַנדערגעלאַכט.

זיי האָבן זיך ליידנשאַפטלעך געקושט און געגלעט. ביידע האָבן פאַרגעסן, אַז אין זייער צושטאַנד, איבערהויפּט אין איר, איז דאָס ניט דערלויבאַר. לאָלאַ האָט אויפגעציטערט ווען דוד האָט באַרירט איר לייב. אירע בעקלעך האָבן אויפגעפלאַמט, זי האָט געשעפּטשעט אומפאַרשטענדלעכע ליבע־רייד. — הלואי וואָלט מען געקאָנט דאָ פינסטער מאַכן, — האָט זי מיט פאַרדראָס געקוקט אויף די לאָמפּן.

— איך וועל דיך באַלד מוזן פאַרלאָזן, טייער קינד. איך וואָלט דיך וועלן מיטנעמען מיט זיך, לאָלאַ.

— פאַרגעס וועגן פאַרלאָזן. גיי ניט אַוועק. קוש מיך, גלעט מיך מער און מער! עס איז נאָך פאַראַן אַ סך צייט. ביסט ערשט דאָ עטלעכע מינוט.

דוד האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן צום זייגער, זיך שנעל אויפגעהויבן.

— לאָלאַ, איך מוז שוין לויפן. מער פעלט מיר ניט, אַז די אידענעס זאָלן מיך דאָ טרעפן.״

לאָלאַ איז געווען פאַרשיכורט. אירע אויגן האָבן געגליט, איר קול איז געוואָרן הייזעריק. זי האָט זיך געבעטן אַ הילפלאָזע, אַ פאַרשמאַכטע: „איך בעט דיך, דוד, גיי ניט אַוועק. זיי דאָ נאָך אַביסל.״

דוד האָט נאָכאַמאָל אַריינגענומען איר קעפּל אין זיינע הענט אַריין און אויסקושנדיק זי שטאַרק וואו ער האָט נאָר געקאָנט גרייכן, איז ער אַרויס.

פון דערווייטנס האָבן זיך געוויזן די ערשטע פּאַציענטן וואָס האָבן פאַרלאָזן דעם עס־זאַל.

דוד האָט יענע נאַכט ניט געקאָנט אַנטשלאָפן ווערן. אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז צוליב זיין באַזוך וועט זיך לאָלאַס לאַגע פאַר־

ערגערן און עס האָט אים אויסגעדאַכט, אַז זיין אייגענע טעמפּעראַטור איז געשטיגן דערפון און ער האָט געטראַכט, אַז ער האָט זיך געמוזט אָנגענומען פון איר, ווייל איר קראַנקהייט איז געווען אין אַקטיוון צושטאַנד, בעת זיינע איז געווען אַרעסטירט.

ער האָט מיט אומגעדולד אָפּגעוואַרט בעסי די וועמס נאָך פריש־טיק און באַ איר געוואָלט דערגיין וואָס לאָלאַ מאַכט. בעסי האָט ניט באַגריפן זיין נייגעריקייט. — האָסטו דען עפּעס געהערט ווענן איר צושטאַנד וואָס באַאומרואיקט דיך? — האָט זי אים אַריינגע־קוקט אין די אויגן אַריין. איך האָב זי היינט אינדערפרי געזען און זי איז געווען פריילעך ווי תמיד. זאָל איך איר עפּעס איבערגעבן פון דיר?

דוד איז געווען צופרידן וואָס קיינער ווייס ניט ווענן זיין נעכטיקן באַזוך און וואָס ער האָט ווענן לאָלאַס געזונט־צושטאַנד קיין שלעכטע גרוסן ניט געהערט.

דעמזעלבן נאָכמיטאָג האָט בעסי אים איבערגעגעבן אַ בריוול פון לאָלאַן. זי האָט אים געדאַנקט פאַר זיין וויזיט. — דיינע קושן זיינען געווען זיס און איך פּאַסמאַקעווע זיך מיט זיי אַ גאַנצן טאָג, ווי מיט אַ גוטן לאָליפּאָפּ... איך וואַרט מיט אומגעדולד אַף דיין קומען דעם נעקסטן שבת. איך האָף מע וועט שפּילן זייער אַ גוט בילד, נאָר דיר וועט עס ניט געפעלן. מיר ביידע וועלן האָבן אָן אייגענע מואַווי דאָ, אַ פּריוואַטע וויזשונג...

נאָר ביידנס טרוימען זיינען ניט מקוים געוואָרן, ווייל פּרייטיק זיינען פון ניו יאָרק אָנגעקומען לאָלאַס מוטער און איר עלטערער ברודער. זיי האָבן פאַרבראַכט אַ לענגערע צייט אין דאָקטערס אָפיס און די מאַמע איז אַרויס פון דאָרט מיט פאַרוויינטע אויגן. די מאַמע איז געבליבן ביז זונטיק פאַרנאַכט, ווען זי איז אַוועקגעפאָרן אַ כליפּענדיקע און די שפּאַצירנדיקע פּאַציענטן, צווישן זיי אויך דוד, האָבן איר געפּרואווט טרייסטן, ווען זי האָט אויסגעבראָכן מיט אַ געוויין: — מיין קינד, מיין איינציקע טאָכטער, וואו געפינט מען אַ רפואה פאַר מיין קינד?

בעסי האָט דודן נאָכהער דערציילט, אַז לאָלאַ האָט ביטער געוויינט, ווען די מאַמע האָט זיך מיט איר געזעגנט און זי האָט זיך

געבעטן בא דער מאַמען: „נעם מיך אַהיים, מאַמע, איך וויל בעסער שטאַרבן אינדערהיים, איידער לעבן דאָ. דאָ איז אַ פּריזאָן פאַר מיר מאַ, איך וועל ניט פאַרן קיין דענווער. איך וויל זיין מיט דיר."

אינדערזעלבער וואָך איז לאַלאַ געוואָרן ערגער. זי האָט באַקומען עטלעכע בלוטשטורצן און זי איז באַנאַכט מיט אַן אַמבולאַנס צוגענומען געוואָרן פון שפּיטאָל אין שטעטל.

מער האָט דוד פון לאַלאַן ניט געהערט. ער האָט געטרויערט.

## 7. דער אויפשטאַנד.

וואָס מער דערפאַרונג דוד האָט באַקומען אויף דער לינטאַ, אַלץ ווינציקער זיינען אים דאָ די פּאַראַנדקעס געפעלן געוואָרן. ער האָט געזען — און אויף זיך אַליין אויך געפילט — ווי די פּאַציענטן ליידן פון קעלט און אומבאַקוועמלעכקייט ליגנדיק אויף דער פריי, קרבנות פאַר די זאַווערוכעס און פרעסט — אַלץ כדי צו היילן די לונגען. מע האָט ניט געקאָנט געניסן פון אַ רואיקער נאַכט שלאָף זייענדיק אַזוי אָנגעפּעלצט און צוגעדעקט מיט בערג קאָלדרעס. ער האָט ניט געקאָנט פאַרטראָגן דאָס לײמענע „חזיר'ל" אין זיין בעט און ער האָט עס מער ניט גענוצט. די עלטערע פּאַציענטן האָבן געקוקט מיט חוזק אויף אים. — אַ צעדרייטער קאָמוניסט, — האָט איינער אים נאָכגעשיקט אַ טיטל.

גראָד זיינען יענעם ווינטער געשטאַנען אומברחמנותדיקע פרעסט און אַ צאָל פּאַציענטן האָבן זיך אָנגענומען מיט מוט און ווען דאָקטער שער איז געווען זייער אין אַן אויפגעלייגטער שטימונג, בעת ער האָט געמאַכט זיין ראָונד איבער דער לינטאַ, האָבן זיי אים געפרעגט, צי מוז מען דאָס געפראָרן ווערן, כדי צו היילן די קאַטוטע. זיי האָבן זיך געשטיצט אויף זיינע איינענע רייד, אַז פאַרן קאַטוטניק איז ניטאָ דערוויילי קיין אַנדער רפואה ווי רוען, נאָר רוען. ווי קאָן מען רוען, האָבן זיי געטענהט, אַז מע פילט זיך ניט באַקוועם און מע ליגט ווי אין אַ פּאַנצער.

דאָקטער שער האָט זיך, ווי זיין טבע איז געווען, ווען ער האָט געדאַרפט טראַכטן איידער ער האָט געענטפערט, געריבן מיט דער

דלאָניע דעם שפּיץ פון דער מאָרדע און ער האָט געענטפערט: — אָט אַזוי איז דאָס. אינווייניק איז די לופט קיינמאָל ניט אַזוי ריין, ווי דאָ (אַף דער לינטאָ). — די פּאַציענטן האָבן אָבער געאורטיילט פון דעם טאָן זיינעם, אַז ער איז מער איינשטימיק מיט די פּאַציענטן, נאָר ער מוז פאַרטיידיקן די פירונגען פון דער אינסטיטוציע.

אַזוי האָבן זיך געצויגן די טעג און די נעכט מאָנאָטן און מאָנאָטנער. דריי מאָל אין טאָג עסן כמעט דאָסזעלבע געקעכטס, ליגן אַף די געלעגערס און קוקן אַף די שטומע גולמ'ס — די ווייסע בערג; אין דער שטילקייט הערן דאָס כסדרדיקע קראַקן פון די סטאַיעס קראָען און דאָס רעווען פון אַכזר־ווינט; אין פאַרברענגצייט שפּילן יעדן טאָג דיזעלבע גראַמאָפאָן רעקאָרדס און ביי־וואָוינען די קריגערייען (הייזעריקע, כריפּנדיקע) פון קאָרטן־טיש. משה דער בלינדער, אַ קורצזיכטיקער שוואַכזיניקער יונגערמאַן, קליין און איינגעבויגן, פלעגט זיך אַוועקזעצן אַף אַ טיש מיטן פּנים צום פענסטער, פון וואַנען עס האָט זיך געזען דער שליאַך, וואָס פירט אין שטעטל אַריין, און ער פלעגט ברומען יעדן טאָג דיזעלבע נגונים, וואָס ער האָט געהערט אַלס קינד אין בית־מדרש. דאָס איז געווען זיין איינציקע צעשטרייאונג און פאַרגעניגן דאָ. ווי איז געווען יענעם, וואָס האָט משהן געפּרואווט שטערן. ער פלעגט ווערן ווילד, אומוואַרפן דעם טיש און וועלן שליידערן דעם שטערער אַ בענקל אין קאָפּ אַריין.

מע האָט געקאָנט יעדנס שוואַכקייטן און חסרונות דאָ. קיין מעלות האָט מען ניט באַמערקט. דער עולם איז געווען אָנגעשפּיצט און שטעכווערטלעך און צונעמענישן זיינען געווען נאַטירלעכע זאַכן. מע האָט איינגעטיילט דעם צוזאַמענשטעל פון דער לינטאָ אין: פּאָנפּאַטשעס, גרעבצערס, שנאָרכערס, שוויצערס, פייפערס, פּאַרכעס, קילעוואַטע, חכמים, פּראָפעסאָרן, קאָמוניסטלעך, סקוירטס, פראַנצעוואַטע גאַליציאַנער און ליטוואַקעס־חזירים.

בלויז דאַן ווען מע האָט אויסגעפונען, אַז דער שכן איז „אַרויף", וואָס דאָס האָט געמיינט, אַז זיין טעמפּעראַטור איז געשטיגן און זיין לאַגע האָט זיך פאַרערגערט און ער וועט מעגלעך דאַרפן גיין אין שפּיטאָל, בלויז דאַן איז מען אַנטשוויגן געוואָרן

און דעם שכן נערופן בא זיין אמתן נאָמען. אזוי ניך אָבער ווי דעם שכנס „טעמפּ" איז אראָפּ און ער איז געוואָרן צוריק דערזעלבער מיוחס ווי די איבעריקע, האָט ער גלייך צוריק באַקומען זיין טיטל.

— העי, צעדרייטער, מאכסט א זעקס־און־זעכציק?

דודן פלעגט זיך אָפּט אויסווייזן, אז ער געפינט זיך אין א משוגעים הויז. איינמאָל זיצנדיק אַף א טיש און ארויסקוקנדיק (די פענסטער זיינען געווען געבויט הויך, אזוי אז פון א בענקל האָט מען ניט געקאָנט זען וואָס עס טוט זיך אין דרויסן), האָט ער מיטאמאָל זיך געכאפּט אז ער רעדט צו זיך אַליין און עס איז אים דורך א ציטער פון דער געשעעניש. ער האָט אָפּן קול געהאט ארגומענטירט מיט זיך אַליין וועגן דעם, אז ער מוז אוועק פון דאַנען און אָט האָט ער שוין געהאט איינגעטענהט מיטן דאָקטער שער און אים באַוויזן, אז ער איז ניט קראַנק, אז ער הוסט ניט מער, אז זיין טעמפּעראַטור איז נאָרמאַל און דאָס כראָקען, וואָס האָט כמעט יעדן טאָג געהאט אָנגעפילט זיין „דזשולערי באָקסל", קומט פאַר זעלטן...

די איינציקע צעשטרייאונג פאַר דודן איז געווען זיין באַקאַנטשאַפט מיט ליכטערן. עפּעס איז געווען אין דעם מענטשן א פייער, וואָס האָט אָנגעצונדן יעדן איינעם וואָס האָט זיך צוגעהערט צו אים. די מערסטע פּאַציענטן האָבן אים ניט געוואָלט אויסהערן און די קעגנער פון קאָמוניזם האָבן זיך געפילט געטראָפן פון ליכטערס ארגומענטן, נעפּרואוווט ענטפערן, ניט געקאָנט און געענדיקט מיט פּערזענליכע זידלערייען.

אַנדערש איז דער פאַל געווען מיט דודן. ליכטערס ווייסער קאָפּ און די גליענדיקע שווארצע אויגן האָבן געאָטעמט מיט אמת און אויפריכטיקייט. ליכטער האָט דודן געמאַכט צום דענקן, ער האָט אים אויסגעטשוכעט פון דער געזעלשאַפטלעכער לעטאַרגיע. ער האָט אים באַהאַנדלט ווי א לערער באַהאַנדלט א שילער.

עס איז געווען אָנהייב מערץ און די פרעסט האָבן אָפּגעלאָזט און נאָך וועטשערע האָט מען געקאָנט כאַפּן א שפּאַציר איבערן וועג. ליכטער פלעגט אָפּוואַרטן דודן און יעדן טאָג איז ער געווען גרייט מיט א שטיקל נייס פון די בלעטער, וואָס ער האָט פאַנאַנדערגעגלידערט פאַר דודן און אים אויפגעקלערט. דוד האָט געפילט ביסלעכ־

ווייז, אז ער הייבט אָן פאַרשטיין די געשעענישן פון דער וועלט אנדערש, ווי ער האָט אַמאָל פאַרשטאַנען, אַמאָל איידער ער איז אַריין אין סאַנאַטאָריום, אַ לאַנגע, לאַנגע צייט צוריק, אינגאַנצן צוויי חדשים . . .

דוד האָט נאָכהער אין בעט פאַרגליכן ליכטערן מיט די איבעריקע פּאַציענטן דאָ און ער האָט געזען דעם אונטערשייד. דוכט זיך אויך אַזאַ אַרבעטער ווי די איבעריקע איז ער געווען, ליכטער. ניט דורכ־געמאַכט קיין הויך־שול, פון קינדווייז אָן געליטן, ווי די איבעריקע גויט, נאָר ווי ווייט איז ער געווען פון זיי! יענע האָבן געלעבט אין אַ וועלט פון אומוויסנקייט, גראָבקייט, קליינלעכקייט. ליכטער האָט ניט געטראַכט וועגן זיין אייגענעם איך, נאָר מיט ליבע און לעבן גע־ווען אַריינגעטאָן אין די פּאַסירונגען אויף דער גאַנצער וועלט, ווייל אָן זיי, אָן די פּאַסירונגען, איז אָפּגעהאַנגען דער ווייטערדיקער גאַנג פון לעבן. און כאָטש אַליין איז ער געווען אַ בעקער, האָט ער אָבער מיטן גרעסטן נייגיר נאָכגעפאָלגט דעם סטרייק פון די קלאָוקמאַכער, בעת אַ צאָל קלאָוקמאַכער אויף דערזעלבער ליניע האָבן זיך ווינציק־וואָס צום הארצן גענומען וועגן די געשעענישן אין זייער טרעיד און זיי זיינען געווען מער אַריינגעטאָן אין די קריגערייען און פּלאָטקעס וועגן ספּוירטס און קאָרטן.

דוד איז מקנא געווען ליכטערן, ווייל יענער האָט ניט געליטן פון די פּעסימיסטישע שטימונגען וואָס האָבן אים, דודן, אַרומגענומען. ליכטער איז געווען אַ טייל פון אַ וועלט־משפּחה. דוד האָט בלויז גע־טראַכט וועגן דעם אויסגאַנג פון זיין קרענק, וועגן עטעלס בריוו. אויך ליכטער האָט דערהאַלטן בריוו פון זיין פרוי און קינדער, נאָר העכער פון זיי זיינען בא אים געשטאַנען די נייעסן אין דער „פריי־הייט״, אָנגעגאַנגען איז אים דער גלעט־קאַמפּעין וואָס די צייטונג האָט געפירט מער, ווי די לאַגע פון זיין אייגענער משפּחה. פאַר דודן איז ליכטער געוואָרן אַ ביישפּיל פון אַ מענטשן, וועלכן מע דאַרף נאָכטאָן, וועלכן מע דאַרף מקנא זיין, ווייל זיין לעבן איז אָנגעפילט מיט אַזויפיל נוצן און אינהאַלט.

די פּאַציענטן זיינען תמיד געווען אויסגעהונגערט נאָך עפּעס נייעס, וואָס האָט זיך פאַרלאָפן אין סאַנאַטאָריום. איינמאָל ווען

דוד איז אַרויפגעקומען אין דער לינטאַ נאָכן מיטאָג, האָט ער גע־טראָפן זיינע שכנים אין אַן אויפגערודערטן צושטאַנד. איין פּאַציענט, וואָס איז געווען נאָענט באַקאַנט מיטן געשעפט־פאַרוואַלטער פון סאַנאַטאָריום, האָט אים אַנפאַרטרויט אַ סוד, אַז דער דאָקטער שער, דער הויפּט־דאָקטער פון סאַנאַטאָריום, פאַרלאָזט אין אַ וואָך אַרום און אויף זיין פּלאַץ קומט אַן אַ נייער דאָקטער פון קאַליפאָרניע, איינער וואָס איז מיט יאָרן צוריק שוין געהאַט געווען דער דאָקטער אין סאַנאַטאָריום.

די נאָכמיטאָג־רו איז געווען אַ צעשטערטע. מע האָט געהאַלטן אין איין אַרגומענטירן און טרעפן, צי דער דאָקטער שער האָט רע־זיגנירט, צי מע האָט אים געהייסן גיין און פאַרוואָס? מע האָט אויסגערעכנט דעם דאָקטערס מעלות און חסרונות און די לינטאַ האָט זיך באַלד צעטיילט אין דריי גרופּעס: די ערשטע האָט גע־האַלטן אַז דער דאָקטער האָט רעזיגנירט, ווייל ער איז צוגעט פאַר דעם פּלאַץ און ער האָט מן־הסתם געקראָגן אַ בעסערע שטעלע. די צווייטע האָט געהאַלטן, אַז מע שיקט דעם דאָקטער אַוועק, ווייל ער האָט די פּאַציענטן ניט אויסגעהיילט און אַז דער נייער דאָקטער איז אַן אמתער פּראָפעסאָר, וועמעס נאָמען איז באַקאַנט צו יעדן קאַטוט־ניק איבערן לאַנד און די דריטע גרופּע האָט געטענהט, אַז די מעשה איז ניט אמת — דער דאָקטער שער בלייבט . . .

די דאָקטוירים פון סאַנאַטאָריום זיינען אַליין געווען קורירטע קאַטוטניקעס. דאָס איז געווען אַ שטיקל טרייסט פאַר די פּאַציענטן. ערשטנס, האָבן זיי געטראַכט, וועלן די דאָקטוירים מער מיטפילן און זיין שטאַרקער פאַראינטערעסירט אין אויסהיילן די קראַנקע און, צווייטנס, איז דאָס פאַר די פּאַציענטן געווען אַ מין פאַרענטפערונג: זעסט, דאָקטוירים — ווייסן ווי אַזוי צו לעבן, דאָך האָבן זיי אויך זיך ניט געקאָנט אויסהיטן פון דער קאַטוטע . . .

דער הויפּט־דאָקטער שער האָט געוואוינט מיט זיין פרוי און צוויי קינדער אין אַ באַזונדער הייזל, אויף דער סאַנאַטאָריום־ערד, ווייט פון די לינטאַס און שפּיטאָל. די פרוי און די קינדער פלעגן זיך קיינמאָל ניט ווייזן צווישן די פּאַציענטן. די קינדער פלעגן באַזוכן די פּאָלקשול אין שטעטל און די מאַמע פלעגט זיי פירן אַהין און

צוריקברענגען. א'יינמאָל אין צוויי וואָכן פלעגט דער דאָקטער מיט זיין משפחה אָפּפאָרן קיין ניו יאָרק אַף אַ מעת־לעת. דער דאָקטער שער איז געווען אַ מיטליאַריקער, מיטלוויקסיקער, שווייגנדיקער. זיין פּנים איז געווען איינפאַך און געלאַסן. אַזוי אויך זיין האַלטונג. ווען אים זיינען אין סאַנאַטאָריום אַרומגעגאַנגען לעגענדעס, אַז ער איז געווען אַן „אַדוואַנסירטע קעיס" און ער האָט צוויי יאָר נאָכאַנאַנד געגומען די רו־הייל און אַז איצט איז ער שוין אינגאַנצן געזונט. (ווען דעם זיינען אָנגעגאַנגען אָמפּעריען צווישן די „פּראָפּעסאָרן" אַף די לינטאָס. טייל האָט געהאַלטן אַז פון דער קאַטוטע ווערט מען קיינמאָל ניט אינגאַנצן געזונט, אַנדערע האָבן געזאָגט, אַז דאָקטער שער איז אַן אויסנאַם — ער איז יאָ אינגאַנצן אויסגעהיילט געוואָרן). מיט זיין פרוי, האָט מען דערציילט, האָט ער זיך באַקאָנט, ווען זי איז געווען זיין נוירס אין שפּיטאָל, וואו ער איז געלעגן און אַז זי איז אַ דייטשקע, „זייער אַ וואוילע פרויקע".

דאָקטער שער האָט ניט געגלויבט אין קיין מעדיצינען פאַר דער קאַטוטע, נאָר אין רוען און עסן. ווען פּאַציענטן פלעגן זיך באַ־קלאָגן אַף וויטיקן און בעטן אַ מעדיצין, פלעגט ער מיט אַ ביטול־שמייכל פאַרשרייבן פּילן אָדער וואַסערלעך און אַ מורמל טאָן צו די אַרומיקע, אַז ס'איז ווערט אַ שמעק טאַבעק . . .

די פּאַציענטן האָבן אים ליב געהאַט צוליב זיין הומאָר און דעמאָקראַטישן האַלטן זיך. ער האָט יעדן פאַרשטאַנען אָפּן וואונק. ער איז קיינמאָל ניט געוואָרן אין כעס. דאָך איז געווען עפּעס פאַר־שלאָסנס און באַהאַלטנס אין דאָקטער שערן. מע האָט קיינמאָל ניט געקאָנט דערגיין וואָס ער טראַכט, וואָס פאַרא אַ סאָרט מענטש ער איז. די וואָס זיינען דאָ געווען צום לענגסטן און נאָכגעפאָלגט אַלע רייד און גענג פונם דאָקטער האָבן געזאָגט, אַז דאָקטער שער האַלט ניט פון קיין זאַך אַף דער וועלט. אפילו ניט פון פרויען. ווען עס איז עפּעס אַמאָל געהאַט פאַרגעקומען אַ מעשה ווען אַ שיינער פּאַציענטקע, איבער וועלכער מע האָט זיך געקריגט אַף אַ לינטאָ, האָט דאָקטער שער זיך געהאַט אויסגעדריקט צו אַן עלטערן פּאַציענט, אַז ס'איז גאַריש דער גאַנצער ענין, ווייל „די שיינע נקבות שטינקען, פּונקט ווי די מיאוסע."

דער געהילף־דאָקטער רובין איז געווען אינגאַנצן אַן אַנדער טיפּ. הויך, דערשראָקן, די אַנגעצויגענע באַקן קרענקלעך־געררויטלט. אומזיסט האָט ער געפּרוווט קאָנטראָלירן זיין הוסט, וואָס האָט אים כסדר געשטיקט. די פּאַציענטן האָבן געוואוסט אַז ער איז קראַנק און זיי האָבן סימפּאַטיזירט מיט אים.

געהאַלטן האָט מען אָבער ווינציק־וואָס פון דאָקטער רובינען. מע פלעגט אים פאַרוואַרפן מיט פראַגעס, זיך באַראַטן מיט אים, אויפמערקזאַם זיך צוהערן צו זיינע רייד, נאָר ניט אויספאָלגן זיינע אינסטרוקציעס, ניט האָבן קיין צוטרוי צו אים. ער איז געווען צוגע־לאָזן צו זיך, שוין אַביסל צופיל און דערפאַר טאַקע האָט מען אים ניט רעספּעקטירט. ער האָט עס געפילט און געליטן דערפון.

יענעם נאָכמיטאָג ווען עס איז באַקאַנט געוואָרן אַף דודס לינטאָ די נייעס וועגן דר. שערס פאַרלאָזן, האָט זיך די נייעס גלייך צעטראָגן איבער אַלע לינטאָס און אַין אָוונט איז דאָס שוין געווען אַ סוד אַף גאַנץ בראָד. עס האָט געקאָכט מיט דער נייעס און אַן אומרו האָט אַלעמען ארומגענומען, אין דער לופטן האָט זיך געפילט ערב אַן איבערקערעניש. אַלע זיינען געווען אויפגערודערט: פּאַציענטן, וועכטער, סאַרווירער און דער געהילף־דאָקטער. דער איינציקער וועמען דער גאַנצער ענין איז ניט אָנגעגאַנגען איז געווען דער דר. שער אַליין. אַזוי ווי אַלעמאָל האָט ער זיך באַוויזן אַף דער לינטאָ צו דער מינוט. דערזעלבער אויסדרוק פון פּנים, דאָסזעלבע קול, דיזעלבע ווערטלעך — קיין זאַך האָט ניט אויסגעזאָגט, אַז מיט אים קומט פאָר אַן ענדערונג. באַ קיינעם פון די פּאַציענטן האָט זיך ניט אָנגעזאַמלט גענוג מוט אַ פרעג צו טאָן באַם דר. שער, צי די קלאַנגען וועגן אים זיינען באַגרינדעטע.

ווען מע האָט צומאָרגנס אינדערפרי געפרעגט דעם דר. רובין, האָט ער מיט אַ נידעריק קול געענטפערט, אַז דר. שער פאַרלאָזט אין אַ וואָך ארום. „פאַרוואָס"? אַף דעם האָט דר. רובין בלויז אַ קוועטש געטאָן מיט די שפּיציקע פּלייצעס און איז אָוועקגעגאַנגען.

עס האָט זיך גלייך פאָרמירט אַ קאָמיטע, וואָס איז באַשטאַנען פון פאָרשטייער פון יעדער לינטאָ און פון שפּיטאָל און מע האָט

באשלאָסן צו קויפן דעם דר. שער א שיינע מתנה און דער געשעפטס־פאַרוואַלטער האָט צוגעזאָגט צוגרייטן א פיינעם אָפּשייד־באַנקעט.

עס איז באַקאַנט געוואָרן, אַז זונטיק נאָכמיטאָג וועט דר. שער פאַרלאָזן און אָוונט וועט שוין זיין דער נייער הויפּט־דאָקטער מילטאָן מעלניק.

זונטיק אינדערפרי איז אָנגעקומען די סאַנאַטאָריום קאָמיטע פון ניו יאָרק. דער מיטאָג איז געווען אַן אָפּשייד־באַנקעט. דער זאַל איז געווען דעקאָרירט מיט א „פאָרט געזונט" און „ווילקאָמען" אויפשריפט. די פּאַציענטן זיינען געווען אויסגעזעצט בא צוויי לאַנגע טישן און בא א דריטן, קליינעם טיש, וואָס איז געשטאַנען אויבן אָן אין דער פאָרם פון א „ח", איז געזעסן די קאָמיטע צוזאַמען מיט דר. שער'ן. לעבן אים איז געזעסן זיין פרוי, א בילד־שיינע, שטילע, מיט אַזעלכע גוטע אויגן, פון וועלכע די פּאַציענטן האָבן זיך ניט געקאָנט זאַט אָנקוקן.

די מיטגלידער פון דער סאַנאַטאָריום קאָמיטע האָבן געהאַלטן לויב־רעדעס וועגן דר. שער, זיי האָבן דערציילט אַז דער דאָקטער האָט אַליין רעזיגנירט, צום באַדויערן פון דער קאָמיטע, און אַלע פּאַציענטן פון דעם סאַנאַטאָריום. עס האָט גערעדט דער געהילף־דאָקטער רובין און איבערגעגעבן וואָס פאַרא גוטער קאָלעגע דר. שער איז געווען און ווי חבריש ער האָט זיך באַצויגן צו אים.

דאַן איז פאָרגעשטעלט געוואָרן א פאַרטרעטער פון די פּאַציענטן, דער עלטערער לעווין פון דער ערשטער לינטאַ, וואָס מע האָט דערציילט וועגן אים, אַז דר. שער האָט זיך צו אים באַצויגן מיט מער רעספּעקט, ווי צו אַלע איבעריקע פּאַציענטן. פאַרוואָס האָט מען ניט געוואוסט, נאָר לעווין האָט מען געזאָגט, איז אַליין אַמאָל געווען א מיטגליד פון דער סאַנאַטאָריום קאָמיטע און ער האָט געהאָלפן אָנשטעלן דר. שערן. לעווין איז געווען א הויכער, מיט גרויסע אויערן און א הייזעריקער. ער האָט גערעדט געלאַסן, נאָר מיט וואַרימקייט אין זיין קול. „ער איז געווען ווי א טאַטע צו אונז", האָט ער געזאָגט וועגן דר. שערן. צום סוף האָט ער דעם דאָקטער דערלאַנגט א גאָלדענעם זייגער און א יונגע פּאַציענטקע האָט דעם דאָקטערס פרוי צוגעטראָגן א גרויסן בוקעט בלומען. די דאָקטערשע איז רויט גע־

וואָרן און אַלע האָבן אַפּלאָדירט. זי האָט זיך אויפגעשטעלט, זיך פאַרנייגט און טייל האָבן געזאָגט אַז זיי האָבן אין אירע אויגן טרערן געזען.

ענדלעך איז פאַרגעשטעלט געוואָרן דער דר. שער. מע איז געווען שטאַרק נייגעריק צו הערן וואָס ער וועט האָבן צו זאָגן און מע איז געזעסן מיט איינגעהאַלטענעם אָטעם. נאָר פון אַלע רעדעס וואָס זיינען געהאַלטן געוואָרן איז דר. שערס רעדע געווען די קירצסטע. ער האָט זיך געהאַלטן, ווי תמיד, זייער געלאַסן און ניט געווען אַף אַ האָר אַנדערש ווי אַלע טאָג, אפילו דעמזעלבן גרויען אַנצוג געטראָגן, דערזעלבער אויסדרוק אַפן פּנים, דאָסזעלבע קול. ער האָט אין צוויי ווערטער באַדאַנקט דער קאָמיטע פאַרן צוטרוי און גוטער באַהאַנדלונג, באַדאַנקט אַלע מיטאַרבעטער פאַר זייער קאָאָפּעראַציע, געוואונטשן די פּאַציענטן זיי זאָלן קורירט ווערן און זיי געראָטן זיך ניט איילן אַהיימצופאָרן, נאָר קורירן זיך וואָס לענגער.

גלייך נאָכמיטאָג האָט דער דאָקטער שער מיט זיין פרוי און קינדער פאַרלאָזן דעם סאַנאַטאָריום. אַ מאַשין האָט שוין געוואַרט אַף זיי באַם עס־זאַל. די פּאַציענטן האָבן זיך אויסגעשטעלט אין דרויסן פון ביידע זייטן און געוואַרט ביז דער דאָקטער וועט אַריין אין דער מאַשין. דער דאָקטער האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט צום עולם, געזאָגט „גודבאַי" און די מאַשין האָט זיך גערירט, די פּאַציענטן האָבן נאָכגעשריען: „גודבאַי, גודלאַק, דר. שער", נאָר ער האָט זיך ניט אומגעקוקט.

דעם גאַנצן נאָכמיטאָג האָט מען זיך אַף די לינטאָס אַנדערצייילט וועגן די פיינקייטן פון דר. שער און מע האָט זיך ווידער אַ נעם געטאָן טרעפן די אמתע אורזאַך פון זיין פאַרלאָזן. מע האָט אויך זיך געבראָכן די קעפּ צו פאַרשטיין, פאַרוואָס דער נייער דאָקטער איז ניט געווען באַם אָפּשייד־באַנקעט.

צו וועטשערע איז שוין דער נייער דאָקטער מילטאָן מעלניק געווען אין עס־זאַל. אַ מיטגליד פון דער סאַנאַטאָריום קאָמיטע האָט אים פאָרגעשטעלט פאַרן עולם. אַלע האָבן שטאַרק אַפּלאָדירט. דר. מעלניק האָט שמייכלענדיק געזאָגט, אַז ער גלייבט, אַז ער וועט נאָך

נענוג צייט האָבן זיך צו באַקאָנען מיט די פּאַציענטן און זיי מיט אים און דערווייל געוואונטשן אַלעמען אַ גוטן אַפּעטיט.

דר. מעלניק איז געווען אַ הויכער, פּעסטגעבויטער, עלטערער גרויער מאַן, וואָס באַ די פּאַציענטן האָט זיך גלייך געשאַפן דער איינדרוק, אַז ער האָט פון קאַטוטע קיינמאָל ניט געליטן. (עפּעס האָבן די פּאַציענטן געהאַט אַזאַ מיטל צו דערקענען אַ מענטשן אַפן פּנים, צי יענער האָט געליטן פון קאַטוטע.) פון הינטער די ברילן האָבן אַרויסגעקוקט שוואַרצע, שאַרפע אויגן און אַ נאָז האָט ער גע־האַט אויך אַ שאַרפע און אַ לאַנגע, אַ פעסטע געמבע און גראָבע, שטייפע ליפּן. דער דאָקטער איז אין אָנהויב געזעסן מיט מיטגלידער פון סאַנאַטאָריום און געהאַלטן אין איין שמייכלען, נאָר ביסלעכווייז האָט ער זיך אויפגעהויבן און אָנגעהויבן, ווי אַף די שפּיץ־פינגער, מע זאָל אים ניט באַמערקן, דורכשפּאַצירן זיך איבערן עס־זאַל און צוקוקן צו דעם וואָס איז געשטאַנען, אָדער געבליבן אַף די טישן. זיין פּנים האָט אָנגענומען אַן ערנסטע מינע. ווען ער האָט זיך אָוועקגעזעצט צוריק לעבן דער קאָמיטע האָט ער מיט זיי עפּעס איינגעטענהט און מע האָט געקאָנט באַמערקן, אַז ער איז געווען בייזלעך. די קאָמיטע האָט העפלעך געשמייכלט.

ווען דר. מעלניק האָט זיך דעם ערשטן אָוונט באַוויזן אַף די לינטאָס האָט ער געטראָגן אַ מין רעגנמאַנטל, וואָס איז געהאַנגען איבער די פּלייצעס. ער איז געגאַנגען ווי אַ גענעראַל, שטייף און ווירטיק. דר. רובין איז הינטער אים נאָכגעגאַנגען הכנעהדיק און טרויעריק. דר. מעלניק האָט זיך געהאַלטן אין איין פּאַנאַנדערפרעגן באַם דר. רובין און כסדר געברומט אומצופרידן. די פּאַציענטן האָבן גלייך דערפילט, אַז עפּעס וועט געשען. דר. מעלניקס אויגן האָבן אַרויסגעפינקלט פון הינטער די ברילן.

מיט דר. מעלניקס אָנקומען אין סאַנאַטאָריום האָט זיך אָנגע־הויבן אַן איבערקערעניש. גלייך באַ זיין ערשטן שמועס וואָס ער האָט געהאַט מיט די פּאַציענטן, וועלכע ער האָט צונויפגערופן נאָכ־מיטאָג אין עס־זאַל, האָט ער פאַר זיי אַנטפּלעקט עטלעכע זאַכן, וואָס האָבן אַלעמען דערשטוינט און אַרויסגערופן אַ שטורעם.

דר. מעלניק האָט גערעדט אַן זיידענע הענטשקעס. ער האָט

גלייך אין אָנהייב דערקלערט, אַז ער ווייס, אַז זיינע רייד וועלן אַרויסרופן אַן אומצופרידנקייט בא טייל פּאַציענטן, נאָר יעדע נייע זאַך איז שווער, ביז מע געוואוינט זיך צו צו איר, האָט ער געזאָגט. ער וועט איינפירן אַ צאָל רעפאָרמען; זאַכן ווי זיי זיינען ביז איצט געפירט געוואָרן אין סאַנאַטאָריום, וועלן דאַרפן געענדערט ווערן, לויט ווי ער, דר. מעלניק, פאַרשטייט זיי.

די ערשטע באַמבע וואָס דר. מעלניק האָט עקספּלאָדירט איז געווען וועגן עסן. ביז דאַן איז געווען די אָנגענומענע מיינונג בא די פּאַציענטן און דער באַשלוס פון דער סאַנאַטאָריום פאַרוואַלטונג, אַז דער בעסטער מיטל פאַר קאַטוטע איז עסן, וואָס מער עסן. דר. שער פלעג הייסן רייבן אַ סעודה, טרינקען וואָס מער מילך און סמע־טענע און בכלל ניט זשאַלעווען קיין פּאַרציעס פליש און זופּ. דאָס צונעמען פון וואָג איז בא די פּאַציענטן געווען אַ סימן פון געזונט ווערן. די דאָקטוירים פלעגן זיך ניט איינמאָל באַרימען, אַז עס זיינען געווען פּאַציענטן וואָס זיינען אַהיימגעפאָרן פון דאַנען מיט אַ 30 צוגענומענע פונטן אין סאַנאַטאָריום. איינמאָל אין וואָך פלעגן אַלע פּאַציענטן דאַרפן אַראָפּקומען אַף דער ערשטער לינטאָ וואו דר. רובין האָט אַלעמען געוואויגן און מיט אומגעדולד האָבן די פּאַציענטן געוואַרט אַף זייער געקסט און אַ שמחה איז געווען בא די וואָס האָבן צוגע־נומען וואָג און אַ טרויער בא יענע וואָס האָבן אָנגעוואָרן.

איז געקומען איצט דר. מעלניק און דערקלערט הויך און דע־צידירנד, אַז עסן שפּילט אַ קנאַפּע ראָלע אין דער היילונג פון קאַ־טוטע. מע קאָן זיך היילן פון קאַטוטע, האָט ער דערקלערט, מיט ברויט און קרויט. די פּאַציענטן זיינען געבליבן זיצן ווי פּרי־טשמעלעטע.

דר. מעלניק איז אָבער געגאַנגען נאָך ווייטער. ער האָט דער־קלערט, אַז עס איז פּשוט שעדלעך צו עסן צופיל און דעם פּאַציענטס לאַגע קאָן זיך דורכדעם פאַרערגערן, ווייל דער מאָגן איז ניט בכוח צו פאַרדייען אַזויפיל און שווערע שפּייז.

אַף דער פראַגע פון אַ פּאַציענט פאַרוואָס מע האָט ביז איצט געטאָן פונקט פאַרקערט, פאַרוואָס האָט דר. שער געזאָגט, אַז עסן, וואָס מער עסן — האָט דר. מעלניק אַרויסגעוויזן אַן אומגעדולד

מיטן פראַגע־שטעלער, אים אָפּגעשטעלט און דערקלערט — און זיין פּנים האָט זיך אַ רויטל געטאָן — אַז אויב מע האָט ביז איצט אַזוי געטאָן, איז דאָס געווען שלעכט און דערפאַר איז ער דאָ דאָס אויסצובעסערן און עס וועט זיך ווענדן אין דער קאָאָפּעראַציע, וואָס די פּאַציענטן וועלן אים געבן, אַז זאַכן זאָלן אַוועק אַ גאַנג דאָ.

דר. מעלניק האָט נעגעבן צו פאַרשטיין, אַז ער וועט הייסן אַראָפּנעמען די קריגלעך סמעטענע פון די טישן מיטאָגצייט און שפּעטער אויך די קרוגן מילך, ווייל אַ גלאָז מילך איז אַ באַזונדער מאָלצייט פאַר זיך אַליין.

מע קאָן זיך פאָרשטעלן וואָס עס האָט זיך יענעם אָוונט, נאָכן מיטינג מיטן דאָקטער, אָפּגעטאָן אויף די ליגנטאָס. עס איז ניט געווען קיין וואונדער, וואָס די טעמפּעראַטור איז בא די מערסטע פּאַציענטן מיטאמאָל געשטיגן. די היציקע דעבאַטעס האָט מען געקאָנט הערן איבעראַל. צום ערשטן מאָל זיינען אַלע „פּראָפעסאָרן" געווען איינשטימיק. אַלע האָבן זיך געאייניקט, אַז כאָטש דר. מעלניק מעג זיך טאַקע זיין אַ גרויסער פּראָפעסאָר, ווייס אָבער די גאַנצע וועלט, אַז אין קאַטוטע שפּילט שפּייז אַ גרויסע ראָלע, אַז כדי צו באַקעמפן די מיקראָבן פון טי. בי. מוז מען האָבן אַמוניציע, ווייל זיי צערן אויס דעם קערפּער און דערפאַר איז דר. מעלניק אומגערעכט.

מע האָט זיך נאָך ניט געהאַט אויסגעטשוכעט פון דער ערשטער באָמבע, ווי מע האָט פונם נייעם דאָקטער געכאַפּט אַ צווייטן אָפּשניט. איינמאָל אין צוויי וואָכן פלעגט יעדער „געזונטער" פּאַציענט מעגן באַזוכן דאָס שטעטל אין דער סאַנאַטאָריום קאַר. מע איז אַוועק נאָכמיטאָג אַרום דריי און מע איז געווען צוריק אַרום פינף. מע איז געפאָרן איינקויפן אין די קראָמען פון שטעטל, מע איז זיך געפאָרן שערן, א. א. וו. די קרעמער אין שטעטל זיינען געווען אידן, געוועזענע קאַטוטניקעס, וואָס האָבן דאָ געוואוינט צוליב דער בארג־לופט. מע האָט פון זיי געקאָנט אויסגעפינען נייעס וועגן סאַנאַטאָריום, און בכלל איז דאָס געווען אַן אָפּפרישונג פאַרן פּאַציענט.

עס איז אָבער געווען אַ באַוואוסטער פאַקט אין סאַנאַטאָריום, אַז די מערסטע מענער וואָס רייסן זיך צו פאָרן אין שטעטל, טוען

דאָס צוליב אַן אַנדער סיבה. אין שטעטל האָבן זיך געפונען צוויי שוועסטער פּראָסטיטוטקעס וואָס האָבן באַדינט די פּאַציענטן פון סאַנאַטאָריום און די אַנדערע הייל־אינסטיטוציעס. מע האָט געזאָגט, אַז זיי זיינען אַליין געווען קאַטוטניצעס, נאָר זיי האָבן דאָס ניט אויסגעקוקט. איירישע שיקסעס מיט רויטע פּנימער, פולע, ברייטע, ניט קיין שיינע און ניט קיין גאָר יונגע, איינע פון אַ יאָר דרייסיק, די צווייטע אַביסל עלטער, — נאָר וואָס האָבן קאַטוטניקעס געקאָנט פאַרלאַנגען דאָ?

די וועכטער אויף די לינטאָס וואָס האָבן גענומען די טעמפּעראַטור האָבן שוין אין פאָראויס געוואוסט די סיבה פון אַ העכערן גראַד. זיי האָבן בלויז געפרעגט באַם פּאַציענט: ביסט געווען היינט אין שטעטל?

דר. מעלניק איז אַרויסגעקומען מיט אַ דערקלערונג, אַז פון איצט אָן און ווייטער וועט אין סאַנאַטאָריום איינמאָל אין וואָך אַראָפּקומען אַ שערער און אַלץ וואָס אַ פּאַציענט דאַרף האָבן פון שטעטל, וועט פון דעם אָפּיס באַזאָרגט ווערן און דערפאַר וועלן פּאַציענטן ניט דאַרפן פאָרן מער אין שטעטל. — די עטלעכע מאָנאַטן וואָס איר געפינט זיך דאָ, דאַרפט איר פאַרגעסן אַן שטאָט. איר וועט האָבן גענוג צייט זיך צו קוויקן מיט שטאָטישן לעבן, נאָכן פאַרלאָזן דעם סאַנאַטאָריום", האָט ער דערקלערט.

די פּאַציענטן, אַלע אָן אויסנאָם, זיינען געווען אויפגעבראַכט. איבערהויפּט האָט זיך אויף דודס לינטאָ געקאָכט דער „גראָבער". פאַר אים, האָט ער געטענהט, איז „דאָס" אַ לעבנס־נויטווענדיקייט. ער האָט זיך מיט אַ צייט צוריק געהאַט איינגעקויפט אָפּערע־גלעזער אין שטעטל און מיט זיי געקוקט אין שפּיטאָל אַריין צו זען וואָס עס קומט פאָר אין דער ווייבערישער אָפּטיילונג. ליכטערן איז דער גאַנצער ענין ווינציק־וואָס אָנגעגאַנגען. ער איז געווען פאַרטאָן מיט די סטרייקס אין די נאָדל־פאַבן, וואָס זיינען דאַן פאָרגעקומען אין ניו יאָרק און ער האָט געשלונגען די צייטונגען. דודן זיינען די נייע פאַראָנדיקעס יאָ געפעלן געוואָרן, נאָר ער האָט באַשלאָסן צו שאַנעווען זיין געזונט און זיך ניט מישן.

עס האָט זיך געפילט אויפשטאַנד אין דער לופט. די אומצו־

פרידנקייט איז געוואקסן. די מער געלאסענע פאציענטן האבן געעצהט, אז מע זאל זיין געדולדיק מיטן דאקטער, ערשטנס, איז ער דאך א נייער מענטש, און, צווייטנס, מיינט ער דאך אונזער טובה.

עס איז אבער געקומען צו א שטופּע, ווען די אומצופרידנקייט איז דערגאנגען אזוי ווייט, אז די פאציענטן האבן פארגעסן אלע רולס און רעגולייישאנס פון סאנאטאריום און זיי האבן אויסגעקליבן פון יעדער לינטא צו צווייַ, וואס האבן צוזאמענגעשטעלט א קאמיטע אוועקצוגיין צום דאקטער און אויסדריקן א פראטעסט.

דאס האט פאסירט דאן, ווען דער דאקטער האט באם עסן דער־קלערט, אז הערינג איז ניט נארהאפטיק און דערפאר וועט דאס ניט זיין מער קיין טעגלעכע פארשפייז. ווי ס'פלעגט זיין ביז איצט, נאר מע וועט דאס סערווירן צוויי מאל אין וואך. אזוי ווייט איז געשטיגן די אויפרעגונג קעגן דאקטערס האנדלונג צו זייער באליבט מאכל, אז די פאציענטן פון דער ערשטער לינטא, וואו עס האבן זיך געפונען מערסטנס עלטערע מענטשן, האבן באשלאסן צו דערקלערן א הונגער־סטרייק, אויב דער דאקטער וועט ניט נאכגעבן דער קאמיטע.

דער דאקטער האט בא זיך אין אפיס אין שפיטאל אויסגעהערט די קאמיטע, גארניט ניט געענטפערט, נאר דעמזעלבן נאכמיטאג ווידער פאררופן א מיטינג אף דער ערשטער לינטא פון אלע פא־ציענטן. ער איז געווען זייער מילד. מע האט געזען, אז די גאנצע פאסירונג פארדריסט אים. זיין קול איז געווען נידעריק און פאר־דראסיק. ער האט זיך ניט געריכט, אז די פאציענטן וועלן זיך אויפ־רעגן, ער האט געדענקט, אז זיי וועלן זיך אין אים אנפארטרויען. און ווען ער שלאגט עפעס פאר, איז דאס ניט זיין קאפריז, נאר עס איז א רעזולטאט פון שטודירן די בעסטע מיטלען ווי צו העלפן די קראנקע און וואלט ער געדענקט, אז הערינג מיט ציבעלע האט וועלכן ס'איז ווערט, וואלט ער זיכער ניט געשטעלט זיך קעגן.

די פאציענטן האבן ארויסגעבראכט זייערע טענות. הערינג פאר־שארפט זייער אפעטיט, און הערינג ווילט זיך ניט צוגיין צום טיש, מע איז א לעבן לאנג געוואוינט געווארן אזוי. דער דאקטער האט געשמייכלט, נאר די אויגן געהאלטן אראפגעלאזט.

ענדלעך איז מען איינגעגאנגען אף א פשרה. הערינג וועט ניט

געשטעלט ווערן אַף די טישן, נאָר עס וועט דערלאַנגט ווערן צו די וואָס וועלן עס פאָדערן. די פּאַציענטן האָבן זיך געפרייט מיט זייער זיג, נאָר אין פאַרלויף פון דער וואָך האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די פאָדערונג אַף הערינג איז געפאַלן כסדר. עס איז געווען אַ „באַדער" צו בעטן דעם סאַרווירער, טיילמאָל האָט מען אינגאַנצן פאַרגעסן, אַז מע דאַרף אַ שטיקל הערינג.

נאָר אומגעריכט האָט דר. מעלניק פאַררופן אַ מיטינג פון אַלע פּאַציענטן אַף דער ערשטער ליגנאַ. קיינער האָט ניט געהאַט קיין אַנונג וועגן וואָס ער וועט רעדן. מע האָט געפּרוּווט טרעפן, מע האָט געפרעגט דר. רובינען, נאָר אויך ער האָט ניט געוואוסט. מע האָט זיך געריכט אַף נייע גזרות. מע האָט גערעדט לשון הרע אַפן דאָקטער, אַנדערע האָבן אים פאַרטיידיקט, כאָטש זיי זיינען ניט גע־ווען איינשטימיק מיט זיינע פירונגען.

דער מיטינג איז געווען זייער אַ קורצער, נאָר דאָס איז געווען די וויכטיקסטע פּאַסירונג אין לעבן פון די פּאַציענטן דאָ. דער דאָקטער מעלניק איז געזעסן אַ טרויעריקער, מיט קיינעם ניט גערעדט, זיך מיטאַמאָל אומגעקוקט און געפרעגט שטיל, צי אַלע זיינען שוין דאָ. דאַן האָט ער אָנגעהויבן גלאַסן, ניט קוקנדיק אַף קיינעם. דער עולם איז געזעסן מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם. דר. מעלניק האָט לאַנגזאַם אַרויסגעגעבן פאָלגנדיקע דערקלערונג:

— עס איז נויטיק פאַר די פּאַציענטן צו פאַרשטיין וואָס אַ סאַ־נאַטאָריום איז. דאָס איז ניט קיין שפּיטאָל, קיין פּלאַץ וואו מע ווערט אויסגעהיילט. דאָס איז אַ שול, וואו מע לערנט אייך ווי אַזוי צו לעבן האָבנדיק טי. בי. אויב איר גייט אַרויס פון דאַנען אין אַ גוטן צושטאַנד און איר הייבט אָן פאַרלעצן די געזעצן וואָס זיינען נויטיק ניט צו פאַרערגערן די קראַנקהייט, דאַן איז אַרויסגע־וואָרפן אַלץ וואָס דער סאַנאַטאָריום האָט אייך געגעבן. דאָ לערנט איר זיך אויס די וויכטיקייט פון רוען. נו, ווייסן מיר אַז אינדער־היים וועט איר ניט קאָנען רוען אַזויפיל. דאָס מיינט אָבער ניט, אַז איר קאָנט ניט מער אַרבעטן, אַז איר זייט אינוואַלידן. עס איז ניטאָ קיין אורזאַך פאַרוואָס, אויב אייער צושטאַנד האָט זיך פאַר־בעסערט, איר זאָלט ניט קאָנען אַרבעטן אייערע אַכט שעה אין טאָג.

נאטירלעך דארפט איר זען, אז איר זאָלט ניט אויפזיין שפּעט אין דער נאכט, אז איר זאָלט האָבן אזוי פיל פרישע לופט ווי מעגלעך, אז איר זאָלט זיך ניט אויפרעגן צופיל. אנדערש זייט איר נאָרמאלע מענטשן און איר פירט א נאָרמאל לעבן. דערפאר האלט איך, אז עס איז ניט נויטיק פאר יעדן איינעם צו זיין אין סאנאטאָריום די פולע צייט. אויב אייער קראנקהייט איז אָפּגעשטעלט געוואָרן, ארעסטירט געוואָרן, קאָנט איר, אויב איר ווילט, אהיימפאָרן און צוריק פירן א נאָרמאל לעבן, נאָר אויספאָלגן אלץ וואָס דער סאנאַ־טאָריום, אייער שול, האָט אייך געלערנט.

די פּאציענטן זיינען געשפּרונגען אין דער לופט פאר פרייד.

## 8. מע טרינקט „לחיים".

די „פּראָפעסאָרן" אף די לינטאָס האָבן דערקלערט, אז דר. מעל־ניקס דערקלערונג איז ניט ווערט קיין שמעק טאבעק, נאָר ווער האָט זיי געהערט? דער עולם האָט זיך א לאָז געטאָן אין אָפּיס אריין, צום דר. מעלניק, עקזאמינירט צו ווערן, צי מע מעג אהיימפאָרן.

ווען ס'איז געקומען צום וועכנטלעכן „פּעי דעי", וואָס דאָס האָט געמיינט, ווען מע האָט זיך אָפּגעוואויגן אף דער ערשטער לינטאָ, האָט מען זיך שוין געפילט אנדערש ווי אלע מאָל. דר. מעלניק האָט דערקלערט, אז די פראגע פון וואָג איז ניט וויכטיק, אבי מע פארלירט ניט. עס האָט די פּאציענטן איצט ווינציק־וואָס געאַרט דר. רובינס פארצייכענען אף א גרויסן צעטל מיט א בלויען בלייער די וואָס האָבן צוגענומען וואָג און מיט א רויטן — די וואָס האָבן אָנגעוואָרן. דער טאָג איז מער ניט געווען קיין יום־הדין פאר די פּאַ־ציענטן, ווי אמאָל, ווען מע פלעגט געוויינלעך צוואוארטן מיט שיקן ברייוו אהיים, כדי צו קאָנען אָנזאָגן די גוטע נייעס פון צוגענומענע פאָר פונטן.

דוד האָט פאר די דריי חדשים וואָס ער האָט זיך געפונען אין סאנאטאָריום געוואונען 12 פונט און סיי די דאָקטוירים, סיי די פּאציענטן האָבן אים געהאלטן פאר א אידעאלן „קאָסטאָמער".

ליכטער איז טאקע געווען פון די ערשטע וואָס איז אראָפּ צום דאָקטער מעלניק און ער איז ארויפגעקומען מיט א שמחה, אז ער

קאָן אהיימפאָרן. אמת, דער דאָקטער האָט אים אָנגעזאָגט, אַז ער זאָל פאַר א לענגערער צייט צו קיין מיטינגען ניט גיין און זיך ניט מישן אין קהלשע ענינים, נאָר נאָך דער ארבעט שפּאַצירן און נאָכהער רוען און זיך לייגן שלאָפן.

דער עולם האָט פארגעסן אַלע ארגומענטן און קריגערייען מיט ליכטערן. מע האָט זיך ארומגעכאַפּט מיט אים און געפרייט זיך און געוואונטשן אים, אַז ער זאָל אהיימקומענדיק וואָס שנעלער ברענגען די סאָציאַלע רעוואָלוציע, קעגן וועלכער קיינער האָט ניט געהאַט אויסצווזעצן.

כאָטש די פּאַציענטן האָבן זיך געפילט האָפערדיק פון דר. מעלניקס רעקאָמענדאַציעס, דאָך האָבן זיי זיך ניט געגלויבט אַז אַלץ וואָס ער האָט געזאָגט, זאָל טאַקע זיין „באַר געלט".

— יאָ, אמת, דר. מעלניק ווייס וואָס ער טוט, אָבער מיר ווייסן דאָך אויך, אַז מיר הוסטן נאָך פון אונטער און מיר קאָנען נאָך ניט אריינגיין אין שאָפּ און אריינלייגן א טאָג ארבעט."

עס האָבן זיך געצויגן דיסקוסיעס נאָך דיסקוסיעס. דר. מעלניק האָט העפלעך אויפגענומען יעדן פּאַציענט, אַלעמען געגעבן גוטע האָפנונגען און אפילו די וואָס ער האָט ניט געהייסן אהיימפאָרן, האָט ער אָבער ניט שווער געמאַכט דאָס הארץ.

עס איז געוואָרן א שמחה אַף אַלע לינטאָס. פּאַציענטן האָבן זיך געפּאַקט. אין דער נאָכמיטאָגדיקער מילך־שעה האָט מען גע־טרונקען לחיים מיט גלעזער מילך אין די הענט און געזאַנגען א טענצל. די גליקלעכע האָבן געוואונטשן די בלייבנדיקע, אַז עס זאָל שוין האַלטן באַ זיי און אַז מע זאָל זיך טרעפן געזונטערהייט אין שטאָט. מע האָט זיך געגעבן אדרעסן, מע האָט געבעטן אריינגיין אָפּגעבן א גרוס צו דער משפּחה. עס זיינען געווען טרערן פון פרייד און טרערן פון פארפלייצונג.

דוד איז ארומגעגאַנגען מיט געמישטע געפילן. ער איז מקנא געווען די פארהיירעטע פּאַציענטן, וואָס זיינען געפאָרן אהיים צו זייערע פרויען און קינדער. זיי האָבן גערעדט מיט אזויפיל ווארעמ־קייט וועגן זייערע נעסטן, אָנדערציילט די מעלות פון זייערע פרויען

און די קלונגשאפטן פון די קינדער און געמאָלן פאר אלעמען די סצע־
נעס פון די באגעגענישן, ווען זיי וועלן צוריקקומען אין שטאָט.

אנדערש זיינען געווען די בחורים, וואָס האָבן פאַרלאָזן. ווער
עס האָט געהאט אן אלטע מאמע, וואָס ער האָט געדאַרפט אויסהאלטן,
ווער עס האָט געהאט א געליבטע, פאר וועלכער ער האָט אין איצטיקן
מאָמענט געציטערט און ווער עס האָט קיינעם ניט געהאט און האָט
געדאַרפט צוריקקומענדיק אין שטאָט זוכן א צימער בא אן אָרימער
משפחה, ערגעץ וואו אין א טענעמענט הויז, אָן לופט און זונשיין.
די בחורים האָבן פאַרלאָזן אומעטיקע און דוד האָט זיי מיטגעפילט.

אף דודן האָבן די שכנים נביאות געזאָגט, אז מע וועט מיט אים
אינגיכן טרינקן לחיים. זיין טעמפעראַטור איז געווען נאָרמאל, דער
הוסט האָט זיך אפגעשטעלט, זיין לייכעץ איז געווען נעגאטיוו. ער
האָט אויסגעזען פארברוינט, מיט א פאָר אויסגעפאַשעטע פּיסקעס.
אליין אין זיך האָט דוד געפילט, אז ער ווערט געזונט, אז ער פילט
זיך קרעפטיק און מונטער. כאָטש דר. שער האָט אים געראָטן צו
זיין דאָ וואָס לענגער, האָט ער אָבער באשלאָסן נאָכצוטאָן די איבע־
ריקע פּאציענטן און אראָפּגיין צום דר. מעלניק און פרעגן אים, צי
ער מעג אהיימפאָרן. עס האָט אים ארומגעכאפּט אן אומרו. ער
האָט וועגן דער גאנצער לאגע דאָ געשריבן עטלעכן און זיך בא איר
נאָכגעפרעגט וואָס ער זאָל טאָן. ער האָט געזען ווי דר. מעלניק
שיקט אהיים ערגערע קראנקע און ער האָט זיך שוין פארבענקט נאָך
אן אנדער לעבן.

ליכטער איז אוועקגעפאָרן און דודן איז געוואָרן זייער אומעטיק.
ער האָט איצט ניט געהאט מיט וועמען א וואָרט אויסצורעדן. ער
האָט דערפילט וואָס פארא פריינט ער האָט געפונען אין ליכטערן
און באשלאָסן אָנצוהאלטן די נייע באקאנטשאפט. אפן דריטן טאָג
נאָך ליכטערס פארלאָזן האָט דוד דערהאלטן פון אים א בריוו, אין
וועלכן ער האָט דערציילט וואָס פארא שמחה עס איז געווען אין
הויז, ווען ער איז געקומען און וואָס פארא אויפלעבונג ער האָט דאָ
געטראָפן אין דער באוועגונג.

דוד האָט אים געענטפערט דעמזעלבן טאָג מיט א בריוו און אים
דערציילט די לעצטע נייעס פון סאנאטאָריום, ווער עס פאָרט אוועק

און ווער עס בלייבט און ווי דר. רובין האָט פאַר אים, פאַר דודן, געלויבט אים, ליכטערן.

פון עטלען איז אָנגעקומען אַ בריוו, וואו זי האָט אים געראַטן, אַז ער זאָל זיך ניט איילן צו קומען קיין ניו יאָרק, ער זאָל דאָ פאַר־ברענגען איבערן פרילינג, ווייל די לופט אין די בערג איז אַזוי גוט און מע דאַרף האָבן געדולד, ביז מע ווערט אינגאַנצן געזונט.

דוד האָט איר גלייך געענטפערט, אַז ער וואַרט דער דאָקטער זאָל אים רופן און די מינוט וואָס דער דאָקטער וועט זאָגן, אַז ער מעג זיך פּאַקן, וועט זיין פוס דאָ מער ניט זיין.

צי ס'איז געווען דער אָנקומענדיקער פרילינג, צי די מאָסן־עמיגראַציע, נאָר דוד האָט מער אָפן געלענער ניט געקאָנט איינלינן.

## 9. אַ גאַסט קומט.

יעדן זונטיק נאָכמיטאָג פלעגן אין סאַנאַטאָריום דערלויבט ווערן דרויסנדיקע געסט. עס פלעגן קומען קרובים, קאָמיטעס פון די ברענטשעס און אַזוי נייגעריקע. מע פלעגט ברענגען פעקלעך, מתנות, און די צו וועמען מע איז געקומען האָבן זיך געפילט זייער אויפ־געליינט.

אַמאָל פלעגט קומען אַ פרוי, אָדער אַ טאָכטער פון אַ פּאַציענט. עס פלעגט זיך מאַכן, אַז די קרובים פלעגן גלייך ניט אָוועקפאָרן, נאָר נעכטיקן לעבן סאַנאַטאָריום, ווייל אין סאַנאַטאָריום האָט קיין גאַסט ניט געקאָנט נעכטיקן, אָדער עסן.

אָפן וועג צום סאַנאַטאָריום, אַ צוויי מייל פונם פּלאַץ, איז זיך געשטאַנען אַ האַלב־איינגעפאַלן הייזל. דאָרט האָט געוואוינט די משפחה ליטוואַק. ער איז געווען אַן אויסגעדינטער סאַטוטניק, די ווייב — אַ פאַרחושכטע אידענע מיט קראַנקע אויגן און אַ טעכטערל פון אַ יאָר צען — אַ בלאַס, קרענקלעך קינד.

געמאַכט אַ לעבן האָט מען פון סאַנאַטאָריום, פון די געסט וואָס פלעגן קומען זען די פּאַציענטן. בא די ליטוואַקס האָט מען געקאָנט עסן און נעכטיקן. עס איז ניט געווען אָנגענעם, נאָר מע האָט גע־דאַנקט דערפאַר. אויסערדעם פלעגט פּאַסירן אַמאָל, אַז אַ פּאַציענט

האָט זיך אין אָוונט אַרויסגעגנבעט פון דער לינטאָ און איבערגענעכ־טיקט באַ די ליטוואַקס. דאָס איז געווען אַ געוואַגט שטיקל אַר־בעט, נאָר די חברים־פּאַציענטן האָבן געמאַכט אַ שווייג און דער וועכטער האָט, כלומרשט, ניט געוואוסט דערפון.

אמת, דער דאָקטער פלעגט זיך נאָכהער וואונדערן פאַרוואָס דעם פּאַציענטס טעמפּעראַטור האָט זיך געענדערט, נאָר אויף קיין קאַטוטע פרעגט מען ניט קיין קשיות ניט . . .

איינמאָל, זונטיק נאָכמיטאָג, ווען פּאַציענטן האָבן שפּאַצירט איבערן וועג, דער טאָג איז געווען אַ לינדער און אַ זוניקער, דער עולם איז געווען אויפגעלייגט, דרויסנדיקע געסט זיינען געווען אַ סך, איז דוד גראָד געזעסן אין פאַרברענג־צימער און געלייענט. ער האָט ניט ליב געהאַט דעם אָנגעלאָפּענעם עולם. פון זיין ברענטש איז די גאַנצע צייט קיינער ניט געקומען אים זען, כאָטש דער סעקרעטאַר האָט אים צוויי מאָל צוגעשיקט וואַרעמע בריוולעך מיט טשעקס, נאָר אַ קאַמיטע שיקן האָט דער ברענטש ניט געקאָנט. דורן האָט אָנגע־נומען אַ בענקעניש זונטיק און כדי זיך צו פאַרגעסן האָט ער זיך פאַרטיפט אין לייענען.

מיטאַמאָל האָט ער געהערט ווי מע האָט אויסגערופן זיין נאָמען. גערופן האָט גראָד דער „גראָבער״, וואָס האָט זיך שוין געקליבן אין אַ פּאָר טעג אַרום אַהיימצופאָרן און דערפאַר איז ער לעצטנס געווען אַזוי גוט אויפגעלייגט, אַז ס'איז ניט געווען אויסצוהאַלטן פון אים. דוד האָט דערפאַר געמיינט, אַז דאָס רופן אים איז איינע פון „גראָבנס״ שפּיצלעך.

— דוד סטיין, אַ מיידל וויל אייך זען ! — האָט דער גראָבער געשריען מיט זיין הייזעריק קול. דוד האָט זיך ניט אָנגערופן. אין פאַרברענג־צימער זיינען געווען נאָך אַ פּאָר פּאַציענטן, וואָס האָבן געשפּילט דאָמינאָ. — וואָס גייט איר ניט אַרויס אַ קוק טאָן ? — האָבן זיי אים געפרעגט. דוד האָט פוילערהייט, מיטן בוך אין האַנט, אָנגעטאָן זיין מאַנטל און ער איז אַרויס. אַן אַרויפקומענדיקער פּאַ־ציענט האָט אים געזאָגט, אַז ס'איז אמת : אַ מיידל וואַרט אונטן אויפן וועג און פרעגט זיך נאָך אויף אים, אויף דודן. אַ יונגע מיידל און אַ שיינע דערצו.

דוד האָט זיך האַסטיק אַראָפּגעלאָזט אויף די געדרייטע טרעפּלעך און זיך אַלץ ניט געקאָנט פאָרשטעלן, אַז אימיצער וויל אים טאַקע זען. ער האָט געטראַכט, אפשר האָט עטל מיט אימיצן מיטגעשיקט אַ גרוס צו אים. צו זיין איבערראשונג האָט ער נאָך אויף די טרעפּ דערזען, אַז דאָס איז געווען זיין אייגענע עטל. זי איז אַנטקעגנגעלאָפן — אַ מידע, נאָר מיט גרויסע צעשראָקענע אויגן.

זי האָט געשוויגן, נאָר ברייט אַ שמייכל געטאָן, ווען דוד האָט אויסגעשריען: „עטל!" זיי האָבן זיך אַרומגענומען, געקושט און דוד איז מיט איר גלייך אַוועק שפּאַצירן אויפן וועג, אויסצומיידן אַלעמענס בליקן און באַמערקונגען.

דער אומגעריכטער גאַסט האָט דודן צעטומלט. ער האָט ניט געוואוסט וואָס איר צו זאָגן, פון וואַנען אָנצוהייבן. עטל האָט אים אָנגענומען פאַרביידע הענט, באַטראַכט אים פון קאָפּ ביז פיס און אויסגערופן אַנטציקט: „דוד, ווי וואונדערבאַר דו קוקסט אויס!"

עפּעס האָט דערוואַכט אין דודן. טרוימען זיינען אויפגעשטאַנען תחית המתים, באַגראָבענע האָפענונגען האָבן אַ טאַנץ געטאָן פאַר די אויגן. ניט קיין פאַרמשפּטער איז ער, ער וועט ניט אַרומגיין מיטן קאַטוטע־צייכן . . .

אַ לאַנגער שפּאַציר. דוד האָט איר אויסדערציילט דעם גאַנצן אמת. עטל האָט אים פאַרגעוואָרפן, וואָס ער האָט פאַרלאָזן אין אַ זיי־געזונט. אַזוי האַנדלט ניט קיין נאָענטער מענטש. זי האָט אים ליב און זי וועט אים קיינמאָל ניט פאַרלאָזן. זי האָט אים אַרומגענומען און געקושט — און זיך צעוויינט.

און באַשלאָסן האָבן זיי, אַז עטל זאָל איבערנעכטיקן בא די ליטוואַקס און דוד וועט היינט בעטן דר. מעלניקן, אַז ער זאָל מיט אים מאַכן אין אויסנאַם און מאָרגן אינדערפרי אים עקזאַמינירן, ווייל זיין נאָענטע איז דאָ און זי וואַרט דערויף. אַזוי איז טאַקע געווען. נאָכן עסן האָט דוד עטלען באַגלייט צו די ליטוואַקס. אין דער לינטאַ האָט חברה זיך אַ נעם געטאָן צו אים. דער „גראָבער" האָט געוואָלט אַראַנזשירן מיטן וועכטער, אַז דוד זאָל זיך קאָנען אַרויס־דרייען פון שלאָפן אויף דער לינטאַ און איבערנעכטיקן בא די ליט־וואַקס, נאָר דוד האָט אים געדאַנקט פאַר דער טובה.

די לינטאָ האָט דודן גענומען אַף אַ קרייצפאַרהער וועגן עטלען, און וועגן זיך אַליין. מע האָט אים געגעבן עצות וועגן חתונה האָבן, וועגן קינדער האָבן. דוד האָט געענטפערט אַף אַלע ווערטלעך און קיבעצערייען מיט שפּאַס. אַן אַנדער דוד איז ער איצט געווען. ער איז מיטאַמאָל געוואָרן חשובער באַ זיך און דערפילט, אַז דאָס לעבן האָט אַ ווערט.

אַ שלאָפלאָזע נאַכט, דאָס ניט קאָנען דערוואַרטן זיך, אַז עס זאָל ווערן טאָג, אַרויס פון בעט, ווען אַלע זיינען נאָך געשלאָפן, — האָט דוד זיך גלייך אַוועקגעלאָזט צו די ליטוואַקס, צו עטלען. די ערד האָט געשמעקט מיט שניי, וואָס האָט געסקריפּעט אונטער די פיס, די ביימער אַרום זיינען געשטאַנען — הויט מיט ביינער, קאַטאָ־טעדיקע ביימער. פון הינטער אַ באַרג איז די זון אַרויסגעקראָכן, זיך אויסגעגליכן און איז געווען גרייט פאַרן טאָג אַרבעט. כאָטש עס איז נאָך געווען זייער קאַלט, האָט דוד געוואוסט, אַז מע וועט היינט קאָנען נעמען אַ זון־באָד אַף דער לינטאָ.

דוד האָט געדענקט, אַז ער וועט קיינעם ניט אָנטרעפן אַפן וועג צו די ליטוואַקס אַזוי פרי, נאָר פון דערווייטנס דערזען אַ פיגור פון אַ נידעריקן מענטשן. דאָס איז געווען סילווער, דער אויפפּאַסער איבער דער ביבליאָטעק אין סאַנאַטאָריום. אַ קליין געוויקסיקער, ברייט־פּלייציקער יונגערמאַן, וועלכן מע האָט געהאַלטן פאַר דעם אידעאַלסטן פּאַציענט. אפילו דר. שער האָט אים, פאַרן פאַרלאָזן געזאָגט, אַז ער וועט מעגן באַלד אהיימפאָרן. דוד האָט ליב געהאַט דעם ערנסטן סילווערן, וואָס איז געווען מעטאָדיש אין זיין אַרבעט, ווי אין זיין רעדן און באַנעמען זיך.

— פאַרוואָס אַזוי פרי, סילווער?

— דאָס איז באַ מיר אַזאַ געוואוינהייט פון קינדוווייז אויף אויפצושטיין גלייך ווי עס ווערט טאָג. און דאָס איז די בעסטע צייט אַריינצונעמען אין זיך פרישע לופט.

— ווען גייט איר צו מעלניקן, סילווער?

— טאַקע היינט. איך ווייס, אַז דר. מעלניק וועט מיר געבן דעם אָקעי, דערפאַר האָב איך שוין אַלץ געבראַכט אין אָרדנונג אין דער ביבליאָטעק און איך בין שוין באַלד אַ פאַרפאַקטער.

— און איך גיי אויך היינט צום דאָקטער. איר וועט זען, מיר וועלן נאָךביידע אהיימפאָרן צוזאַמען פון דאַנען, — האָט אים און זיך אַליין געמונטערט דוד.

סילווער האָט דודן צוגעפירט נאָך אַ שטיקל וועג און דערוויל אים דערציילט, אַז ער האָט אַ פרוי און אַ קינד אין פילאַדעלפיע און זיי האַלטן זיך אויף בײַ זיין מאַמען. ער האָט שוין אפילו צוריק זיין דזשאַב אין דער קראָם, וואו ער האָט אַמאָל געאַרבעט.

סילווער האָט זיך אומגעקערט. בײַ אים איז געווען אויסגע־רעכנט יעדע זאַך און ער האָט געקוקט אַפן זייגער. דוד איז דער־ווייל צוגעקומען צו די ליטוואַקס. פרוי ליטוואַק האָט זיך אַרומגע־דרייט איבערן הויף און עפּעס געזוכט. זי האָט דודן ניט געוואָלט אַריינלאָזן אינעווייניק אין הויז אַריין, ווייל „אַלע שלאָפן אין איין צימער". נאָר זי איז אַריין און אַליין אויפגעוועקט עטלען. דוד האָט זיך דערווייל אַרומגעדרייט איבערן הויף און זיך צוגעקוקט צו דער אומאָרדנונג וואָס האָט דאָרטן געהערשט. אַ צעבראָכענער שליטן, פוילנדיק געהילץ, פאַרראָסטעטע פאַרם־מכשירים.

עטל איז אַרויס פון דושנעם הויז און אָנגענומען אַ פול מויל מיט לופט. אירע אויגן זיינען געווען לויטער און די באַקן האָבן גלייך באַקומען אַ פרישן ראָזעווען קאָליר.

— אַך, ווי גוט די לופט איז דאָ. אַז מע לעבט אין ניו יאָרק, ווייסט מען גאָרניט וואָס הייסט פרישע לופט, — האָט זי געזאָגט.

זי האָט דודן באַגלייט צום עס־זאַל. אמת, זי וועט שוין פאַר־לירן איר טאָג אַרבעט היינט, נאָר וועמען אַרט עס? זי וועט אָוועק־פאָרן פאַרנאַכט. דוד האָט איר געזאָגט, אַז גלייך נאָכן עסן גייט ער אַריין צו דר. מעלניקן און וואָס יענער וועט אים זאָגן, וועט ער, דוד, איר דעם אמת דערציילן, נאָר פילן פילט ער, אַז ער איז אינגאַנצן געזונט.

עטל האָט געדאַרפט צוריקגיין עסן בײַ די ליטוואַקס. איר אַפּעטיט דאָ איז געוואָרן אויסערגעוויינלעך. זי איז געגאַנגען אַליין און דוד איז אַריין אין עס־זאַל. ער האָט זיך גערעכנט, דער עולם וועט אים נאָכפאָלגן מיט פאַרדעכטיקע בליקן, אַז מע וועט אים באַם טיש קיבעצן. פּאַסירט האָט אָבער עפּעס אַנדערש. אַריינקומענדיק אין

עס־זאָל האָט דוד גלייך דערפילט, אַז עפּעס האָט פּאַסירט. איבער־הויפּט האָט ער עס דערקאָנט אין די טרויעריקע מינעס אויף די פרויען־פּנימער.

— מר. סטיין, איר האָט דאָך שוין געהערט די טרויעריקע נייעס וועגן לאַלאַן? וואָס זאָגט איר דערצו? — האָט אים פאַרבייגייענדיק זיין טיש דערציילט בעסי די וועמפּ.

— וואָס? — האָט דוד געפילט, ווי ער ווערט בלאַס.

— יאָ, יאָ, נעכטן באַדערנאַכט אויסגעגאַנגען אין שטעטלשן שפּיטאָל. איר מוטער און ברודער זיינען דערביי געווען. עס איז אָנגעקומען אַ „קאָל" אין אונזער אָפיס. מע פירט זי קיין ניו יאָרק.

דוד האָט זיך געביסן די ליפּן. ער האָט פאַרזוכט אַ לעפל פון יעדן געקעכץ און עס אָפּגערוקט פון זיך. ער האָט פאַרגעסן אין עטלען, ער האָט מיטאַמאָל דערפילט דעם טויט אין זיך. איינמאָל קאַטוטע — שטענדיק קאַטוטע. ער האָט זיך דערמאָנט מעשות, וואָס ער האָט געהערט דאָ אויף דער לינטאַ וועגן דער געפאַר פון דער קאַ־טוטע פאַר יונגע מענטשן אין זיין עלטער. ווער ווייס, צי ער וועט ניט אומקומען פון איר.

דער גאַנצער עס־זאָל האָט געטרויערט שטילערהייט. מע האָט ניט געהערט דאָס געוויינלעכע געפּלאַפּל בא די טישן, די שפּאַסן, דאָס הילכיק געלעכטער. די סאַרווירער וואָס זיינען אויך געווען קאַטוט־ניקעס האָבן געטרויערט, כאָטש זיי האָבן זי ניט געקאָנט. און דר. רובינס אויגן זיינען געווען אָנגעפילט מיט טרויער און פּחד.

דודן האָט איצט באַנג געטאָן וואָס דר. שער האָט פאַרלאָזן. אפשר איז דר. מעלניקס אָפּטימיזם אַן איבערגעטריבענער און דערפאַר אַ שעדלעכער? אפשר זאָל ער גאָר ניט אַריינגיין צום דאָקטער, נאָר אויסזיין דאָ די גאַנצע צייט? אויב עטל האָט אים ליב — און ער זעט דאָך אַז זי האָט אים אמת׳דיק ליב — וועט זי פאַרשטיין און צוואוואַרטן נאָך אַ האַלב יאָר?

נאָך געטריבן פון אַן אומבאַוואוסטער קראַפט האָט דוד פאַר־גיכערט זיינע טריט אַפּן וועג צום שפּיטאָל, צום דאָקטערס אָפיס, כדי צו קאָנען זיין דאָרט פון די ערשטע. אַריינקומענדיק אַהין האָט ער שוין געטראָפן סילווערן, וועלכער איז געווען, ווי תמיד, ערנסט און

געלאָסן, אויסגערעכנט, אַז ער וועט ניט פאַרלירן די פּרימאַרגן־רו אויף דער לינטאַ.

דר. מעלניק האָט סילווערן געהאַלטן אַ לענגערע צייט, אפשר אַ האַלבע שעה. דוד איז געזעסן אַן אומגעדולדיקער און כמעט ניט געענטפערט אויף די פראַגעס וואָס אַנדערע וואַרטנדיקע פּאַציענטן האָבן אים געשטעלט, כדי צו קאָנען פאַרפירן מיט אים אַ שמועס.

סילווער איז אַרויס מיט אַ רויט פּנים, מיט אַ גדולה, אַז ער מעג גלייך אַהיימפאָרן, נאָר ווייל עס איז שוין סוף חודש זאָל ער דאָ אויס־שטיין ביזן ערשטן. סילווער האָט דודן דערלאַנגט די האַנט און אים געוואונטשן, אַז מע זאָל צוזאַמען אַהיימפאָרן.

דודן האָט דר. מעלניק אויך געהאַלטן אַ לענגערע צייט. אויס־געקלאַפּט און אויסגעהערט אים, דורכגעשטערט זיין גאַנצן רעקאָרד, וואָס האָט פאַרנומען אַ סך בויגנס געצייכנטע און פאַרשריבענע פּאַ־פּיר. דר. מעלניק איז, ווייזט אויס, געווען צופרידן פון דודס צו־שטאַנד, ווייל אונטערזוכנדיק אים, האָט ער געמאַכט באַמערקונגען צו זיך אַליין, וועלכע דוד האָט פאַרשטאַנען זיינען געווען לטובת אים.

— יונגערמאַן, איך געפין ניט אין אייער צושטאַנד עפּעס וואָס זאָל מיך מאַכן צום דענקן, אַז איר מוזט דאָ זיין. נאַטירלעך, שאַטן קאָן עס אייך ניט. נאָר אויב איר קאָנט זיך אָפּהיטן אינדערהיים, לעבן נאָרמאַל, זיין שלאָפן אין צייט, וואָס ווינציקער נוצן די סאָב־וועיס און מער זיין אויף פרישער לופט, דאַן זע איך ניט איין פאַרוואָס איר זאָלט ניט קאָנען טאָן אַ טאָג ארבעט און זיין מיט אַלעמען גלייך. איר זייט קיינמאָל, לויטן טשאַרט, ניט געווען שטאַרק אָנגעגריפן. איר האָט עס פאַרכאַפּט אין צייט. דאָ האָט איר זיך זייער פיין פּאָ־פּראַוועט. איר הוסט ניט, איר האָט ניט קיין פיבער.

אין דרויסן, אויפן וועג, האָט שוין אויף דודן אומגעדולדיק געוואַרט עטל. פון דודס בליק האָט זי שוין פאַרשטאַנען די גוטע נייעס. ער האָט איר אויספירלעך דערציילט ווי אַזוי דער עקזאַמען איז פאָרגעקומען. עטלען איז דער גאַנצער ענין „לונגען" געווען פרעמד און דוד האָט נעדאַרפט קנעלן מיט איר וועגן „נעגאַטיוו" און „פּאָ־זיטיוו", וועגן „אינסיפּיענט־קעיס" און „עדוואַנסנד קעיס". ער האָט זיך איצט קעגן איר געפילט ווי אַ „פּראָפעסאָר" פון דער לינטאַ.

עטל האָט זיך געקליבן אהיימפאָרן פאַרנאַכט. אױף דודס לינטאָ איז געווען פרײלעך. דער עולם האָט זיך געקליבן מיטשיקן גרוסן אהיים דורך דודן און מע האָט שוין מיט אים גערעדט וועגן אדרעסן, וועגן ווי אזוי צו פאָרן קיין פלעטבוש און קאַנאַרסי. דוד האָט צוגע־זאָגט צו באַזוכן די קרובים פון זײַנע שכנים און געדולדיק אויסגע־הערט זייערע געשיכטעס וועגן דער פאַמיליע.

נאָכמיטאָג, נאָך דער היילצייט, האָט דוד שפּאַצירט מיט עטלען איבערן וועג און ער האָט זיך צוגעהערט צו אירע פּלענער וועגן זיין אהיימקומען. זי האָט געוואָלט, אַז ער זאָל פאַרפאָרן צו איר מאַמען, ביז ער וועט זיך אײַנאָרדנען און אַז ער זאָל אַ צייט לאַנג נים גיין צו דער אַרבעט, ביז ער וועט זיך צוגעוואוינען צום שטאָטישן לעבן צוריק. זיי זיינען געגאַנגען פאַרטיפט אין רייד און נים באַמערקט ווי הינטער זיי גייט אימיצער און שמייכלט. דער אימיצער האָט זיי אָבער אָנגעיאָגט און זיך אויסגעדרייט גלייך זיי אין פּנים אריין. צו זייער דערשטוינונג האָבן זיי פאַר זיך דערזען דעם דר. מעלניק. מיט זיינע שפּיזיקע אויגן האָט ער עטלען אַריינגעקוקט גלייך אין פּנים אריין, ווי ער וואָלט אויסגעפאָרשט ווי קומט זי אהער. דר. מעלניק איז געשטאַנען מיליטעריש־שטייף, נאָר זיין פּנים האָט זיך גלייך צע־שמייכלט און ער האָט זיך אַ וועגד געטאָן צו דודן:

— דוכט זיך, אַז איך האָב אייך היינט עקזאַמינירט?

— יאָ, דר. מעלניק.

— און ווי מיר דוכט זיך, האָט איר פאַרגעסן מיך צו פרעגן די פראַגע וואָס אַלע בחורים דאָ פרעגן.

— וואָס מיינט איר, דר. מעלניק?

— מעג איך וויסן ווער די יונגע דאַמע איז? — האָט דער דאָקטער שטרענג געפרעגט און זיך צעלאַכט.

— דאָס איז מיין, מיין —

— יאָ, יאָ, אייער „סוויטהאַרט." ניטאָ וואָס זיך צו שעמען. פליז טו מיט יו, יאָנג לעידי, — האָט דער דאָקטער זיך פאַרנייגט און געצויגן זיין הוט.

— נו, — האָט דער דאָקטער אָנגעהויבן, — ווען אַ בחור קומט צו מיר אין אָפיס, פרעגט ער מיך, צי ער וועט מעגן חתונה האָבן,

ווען ער וועט ארויס פון דאַנען. פון אייך האָב איך די פראַגע ניט געהערט. פאַרוואָס?

דוד איז רויט געוואָרן. עטל האָט געקוקט אַפן דאָקטער און ניט געוואוסט וואָס אים צו זאָגן, עס האָבן איר אויסגעפעלט די נויטיקע ווערטער, כאָטש זי האָט געפילט אַז זאָגן דאַרף זי עפּעס.

— יאָ, יונגערמאַן, איר מעגט און איר זאָלט חתונה האָבן. פאַרקוקט זיך ניט אויף מיר. — דעם דאָקטערס אויגן האָבן געפינקלט און זיין פּנים איז געוואָרן מילד. און זיך ווענדנדיק צו עטלען האָט דער דאָקטער געזאָגט:

— יונגע לעידי, אייער געליבטער האָט זיך וואונדערבאַר פאַרבעסערט דאָ. ער איז אַ פיינער יאַט און איר דאַרפט גאָרניט מורא האָבן ארויסצונעמען מערידזש לייסענס מיט אים. האָט חתונה, ברענגט אַף דער וועלט אַ פּאָר קינדער, נאָר ניט צופיל. גודלאַק.

עטל האָט געלאַכט און בלויז געקאָנט ארויסזאָגן אַ דאַנק, נאָר דער דאָקטער האָט פאַרגיכערט זיינע טריט און ער איז אַוועק פאַראויס.

דוד איז געבליבן געפּלעפט. אַף דעם האָט ער זיך גאָרניט גערעכט. אַזאַ האָט ער דעם דאָקטער קיינמאָל ניט געזען. גאָר אַן אַנדער מענטש. עטל האָט געשטראַלט. זי האָט דודן אָנגענומען שטאַרק באַם אָרעם און אַ זאָג געטאָן מיט איר קלינגנדיק קול, אַזוי אין דער לופט אריין:

— דוד, אפשר איז דער דאָקטער טאַקע גערעכט?

דוד האָט אראָפּגעלאָזט די אויגן. ער האָט זיך אָנגענומען מיט מוט און אַ זאָג געטאָן: — גוט, אויב דו ווילסט, עטל, לאָמיר חתונה האָבן. עס ווענדט זיך אין דיר. און אפשר איז איצט ניט די צייט דערפאַר?

— צי איך וויל? נארישער בחור דו! — האָט זי אויסגעשריען.

— דו ווייסט דאָך ווי עס איז, — האָט דוד אַלץ גערעדט צו דער ערד, — אין מיין צושטאַנד מוז מען זיין פאָרזיכטיק. און וואָס וועט דיין מאַמע זאָגן?

נאָר עטל האָט אים מיט איר דלאָניע פאַרשטעלט דאָס מויל.

— דו נארישער בחור. האָסט דאָך גאָר וואָס געהערט וואָס דער דאָקטער האָט דיר געזאָגט. אויב דו האָסט מיך ליב, איז וויפיל דער שיעור צו לעבן אזא לעבן? סיידן איך געפעל דיר ניט.

דוד האָט געזען, אז זי קליבט זיך ערשט רעדן א סך. איר קול איז מיטאמאָל פארוואָלקנט געוואָרן און ער האָט געפילט אז ער טוט איר וויי און כדי דאָס אָפצושטעלן האָט ער איר אונטערגעבראָכן און א זאָג געטאָן:

— איך האָב ניט געמיינט אזוי. איך בין גרייט. גוט, אזוי שנעל ווי איך קום אהיים, וועלן מיר חתונה האָבן.

עטל האָט זיך מיטאמאָל אויסגעדרייט צו אים, ארויפגעלייגט אירע הענט אף זיינע אקסל און אים אריינגעקוקט גלייך אין פנים אריין.

— טאָ גיב אהער א האַנט און שעם זיך ניט,—און זי האָט אויס־געשטרעקט צו אים איר שמאָלע אויסגעארבעטע האַנט. דוד האָט זי ארומגענומען, זיך אומגעקוקט, קיינעם ניט געזען, האָט ער זי צו־געדריקט צו זיך און געקושט. עטל האָט פארבאָרגן טרערן אין די אויגן.

עטל איז אוועקגעפאָרן. דעמזעלבן אָוונט האָט דער עולם גע־טרונקען ווארימע גלעזער מילך „לחיים" דודן. מע האָט פארלאַנגט א „ספּיטש". דוד האָט זיך דאָס מאָל אָנגענומען מיט מוט און גע־זאָגט, אז ער האָט א סך געלערנט אין סאַנאַטאָריום. גוטס און ניט קיין גוטס. ליכטער האָט אים די אויגן געעפנט. עס איז גוט צו פארברענגען, מאכן א קערטל, נאָר מע דאַרף עפּעס לייענען אויך. א ביבליאָטעק איז פאראַן און דאָך נעמט קיינער פון דאַנען קיין ביכער ניט. עס קומען פאָר גרויסע געשעענישן אף דער וועלט פאַר די ארבעטער, דאָך אינטערעסירן זיך ניט די פּאַציענטן, וועלכע זיינען אַלע ארבעטער, מיט די נייעסן. ער איז אויך אמאָל אזוי געווען, נאָר א דאַנק ליכטערן זעט ער איצט א סך זאכן אַנדערש. טי. בי. איז א פּראָלעטאַרישע קרענק און ווען דאָס לעבן וואָלט גע־ווען בעסער פאַר די ארבעטער, ווען מע וואָלט ניט געדאַרפט שקלאַפן פאַר די באַלעבאַטים, וואָלט מען מן־הסתם פון דער קאַטוטע ניט געליטן.

## י. א. ראָנטש

די שטענדיקע ציניקער האָבן געלאַכט פון אים.

— ליכטער האָט אים צערעכט געמאַכט. יונגערמאַן, איר פאַרט אַוועק פון דאַנען מיט אַ שפּאָגל־נייער קרענק. איר ווערט אַ קאָמוניסטל, אַז ווי דער מאַמען אייערער.

נאָר דוד האָט זיך געפילט גוט און געווען באַרעדעוודיק און לאַנג, לאַנג ניט געקאָנט איינשלאָפן. ער האָט זיך דערמאָנט ווי אַזוי ער האָט זיך באַקאָנט מיט עטלען. ער איז איצט אָנגעפילט געוואָרן מיט אַ גוואַלדיקער ליבע צו איר. ער האָט זי ניט אָפּגעשאַצט ווי מע דאַרף די גאַנצע צייט. זי איז שטיל און מילד ווי אַ טויב. אַזעלכע מיידלעך זיינען ניטאָ קיין סך. ער וועט מיט איר זיין גליקלעך. און פון דער קאַטוטע וועט ער יאָ פּטור ווערן. ער וועט זיך אָפּהיטן אַזוי, אַז עס זאָל פון איר קיין זכר ניט בלייבן. ווען ער וועט אַהיימקומען, וועט ער שליסן נענטערע פריינטשאַפט מיט ליכטערן און זיך האַלטן אין זיין געזעלשאַפט. עטל וועט אויך באַאיינפלוסט ווערן פון ליכטערן און עס וועט זיך אָנהייבן פאַר זיי אַ ניי, אינטערעסאַנט לעבן, ווייל עס איז ניט גוט צו לעבן בלויז פאַר זיך. מע דאַרף ווערן אַ טייל פון עפּעס וואָס איז גרויס, וואָס איז לטובת אַלעמען.

אינדערפרי, ווען דר. רובין איז דורכגעגאַנגען, האָט דוד אים אָפּגעשטעלט און אים געפרעגט, ווען ער וועט קאָנען אַהיימפאָרן. דער דאָקטער האָט אים דערקלערט, אַז אין פיר טעג אַרום, צוזאַמען מיט סילווערן פון דער ערשטער לינטאָ.

דעמזעלבן טאָג האָבן דוד און סילווער שפּאַצירט צוזאַמען. דודן האָט באַנג געטאָן וואָס ער האָט זיך פריער ניט געהאַט באַקאָנט מיט סילווערן. ער איז געווען אַזאַ פיינער יונגערמאַן און אָנגעזאַפּט מיט אַ סך וויסן. סילווער האָט ווייניק גערעדט, נאָר דוד האָט פון אים אַ סך געלערנט.

זיי האָבן זיך ביידע געפרייט וואָס זיי וועלן צוזאַמען פאַרלאָזן. סילווער האָט דערקלערט, אַז ער האָט שוין זיין טראָנק אַהיימגעשיקט און האָט מיט זיך בלויז אַ רענצל.

נאָר אויסגעלאָזט האָט זיך אַנדערש.

## 10. פרילינג קומט.

ווען דוד האָט פאַרלאָזן סילווערן נאָך דעם פאַרנאַכטיקן שפּאַציר האָט סילווער אים געהאַט דערציילט, אַז זינט ער איז דאָ געווען אין סאַנאַטאָריום האָט ער קיינמאָל ניט געהאַט קיין העכערע טעמפּע־ראַטור און ער האָט זיך בכלל אַף קיין זאַך ניט באַקלאָגט, דאָך האָט ער געוואָלט אויסזיין דאָ די גאַנצע צייט, ווייל שווער אַרבעטן וועט ער נאָך נענוג צייט האָבן, דאַרף מען זיך אויסרוען וויפיל מע קאָן און אַז מע באַלאַנגט צו אַן אַרבעטער אָרגאַניזאַציע און מע האָט אַן אייגענעם סאַנאַטאָריום, איז טאַקע גוט.

ווען דוד איז אינדערפרי אַריינגעקומען אין עס־זאַל און אָפּן וועג געטראַכט וועגן נעמען אַ שפּאַציר מיט סילווער'ן, האָט ער באַ־מערקט ווי עס רודערט זיך שוין ווידער, ווידער דערשראָקענע פּנימער, ווידער טרויער, שושקעריי. דאָס מאָל האָט ער דערזען, ווי די פּאַ־ציענטן פון דער ערשטער לינטאָ זיינען צעטראָגן. ער איז צו צו איינעם און אים געפרעגט וועגן וואָס האַנדלט זיך. יענער האָט אים דערקלערט, אַז לעצטע נאַכט, אַ פּופצן מינוט נאָכדעם ווי מע האָט נעהאַט אויסגעלאָשן די עלעקטריע, האָט סילווער, — טאַקע דער סילווער וואָס האָט געדאַרפט היינטיקן פרייטיק אַהיימפאָרן, — באַקומען אַ בלוטשטורץ און ער געפינט זיך איצט אין שפּיטאָל.

די נייעס האָט אַלעמען דערשטוינט און דערשראָקן. אויב אַזאַ געזונטער בחור ווי סילווער, וואָס איז געווען דער אידעאַלסטער פּאַציענט און קיינמאָל פון קיין בלוטשטורץ ניט געליטן, קאָן מיט־אַמאָל ווידער געפערלעך קראַנק ווערן, דאַן זיינען דאָך גערעכט די וואָס טענה'ן, אַז איינמאָל קאַטוטע — שטענדיק קאַטוטע.

מע האָט דערציילט: נעכטן אָוונט איז סילווער געווען זייער פרייליך, ניט וואָס ער האָט געטאַנצט אָדער זיך מעשוגע געמאַכט. ניין, סילווער איז געווען זייער אַן ערנסטער בחור, זיין פאַרגעניגן איז געווען אַ בוך. ער האָט אויך ניט ליב געהאַט זיך צו קריגן מיט אימיצן, אָדער זיך אַריינמישן אין אַ סכסוך. נעכטן אָוונט האָט ער דערציילט וועגן זיין פרוי און זיין פינף יעריק אינגעלע, אָנדערציילט זיינע חכמות און אַלע האָבן געלאַכט. אַ קלוגער בחור, סילווער, ווען

ער האָט עפּעס דערציילט, איז געווען וואָס צו הערן, נעמט ער און טוט אָפּ אַזאַ נאַרישע זאַך געכטן. און ער האָט נאָך זײַנע זאַכן קיין פילאַדעלפיע אַוועקגעשיקט, קיין צייט ניט געהאַט אויסצוואַרטן. ווער ווייס ווי לאַנג ער וועט איצט דאָ דאַרפן זײַן.

נאָכן עסן איז דוד אַריין צו סילווערן אין שפּיטאָל. ער האָט סילווערן קוים דערקענט. די אויגן פאַרלאָפן, דאָס פּנים געל געוואָרן, דאָס קול אינגאַנצן געענדערט.

— סילווער, מיר מוזן ביידע צוזאַמען אַהיימפאָרן, אַ וואָרט איז אַ וואָרט, סילווער, — האָט דוד געפּרוּווט זײַן מונטער.

— דוד, איר וועט שוין פאָרן אָן מיר. מיך וועט איר שוין דאָ מוזן איבערלאָזן. פאָרט געזונט, דוד.

סילווער האָט אויסגעשטרעקט דודן אַ הייסע האַנט. דוד האָט געפּרוּווט לאַכן, נאָר די הייסע האַנט האָט אים געבריט און באַשווערט זײַן געמיט.

— סילווער, איר ווייסט דאָך, אַז איר וועט באַלד געזונט ווערן. ניט זיך אַ נעם אין די הענט אַריין. ניטאָ וואָס צו שרעקן זיך, ס'איז נאַרניט.

— ניין, מײַן טײַערער חבר, דאָס איז צום ערשטן מאָל וואָס איך האָב אַ בלוטשטורץ אין מײַן לעבן און איך בין אין זיך ניט נענאַרט. איך האָב מורא, אַז איך וועל שוין פון דאַנען ניט אַרויס אַ גאַנצער.

דוד איז געזעסן לעבן אים און ניט געוואוסט ווי אים צו טרייסטן. סילווער האָט געשוויגן. דר. מעלניק איז אַריינגעקומען ער האָט געגעבן דודן אַ וואונק, אַז ער זאָל פאַרלאָזן. דוד האָט זיך אויפגעשטעלט און אַ גלעט געטאָן סילווערן איבערן הייסן שטערן — פּילט גוט, סילווער.

— פאָרט געזונט, דוד. מיך לאָזט איר דאָ איבער, — האָט ער געזאָגט ווי צו זיך אַליין.

פאַרנאַכט איז סילווער אויסגעגאַנגען. אין מיטן נאַכט, ווען אַלע זײַנען געשלאָפן, איז צום שפּיטאָל צוגעפאָרן דער טויטן־וואָגן און סילווערן צוגענומען. גראָד האָט זיך דוד אויפגעכאַפּט, ווען ער האָט דערהערט דאָס אָנקומען פון אַ מאַשין. די נאַכט איז געווען אַ

לבנהדיקע, א ליכטיקע. דוד האָט זיך אויפגעשטעלט אַף זיין בעט און געקאָנט זען דעם לאַנגן שווארצן וואָגן, וואָס האָט זיין פריינט צוגענומען פון דאנען.

— נאָך איין טאָג דאָ צו זיין, — האָט ער זיך געפּרואווט טרייסטן.

נאָר געפילט האָט ער ווי א ציטער נייט אים דורכן לייב און ער האָט זיך געשראָקן, אז ס'זאָל מיט אים ניט פּאַסירן עפּעס. ער האָט ניט געקאָנט צוריק אנטשלאָפן ווערן און זיך געוואָרפן אין אומרו.

א טרויעריקער פרימאָרגן. אפילו דר. מעלניק האָט אויסגעקוקט טרויעריק. פּאַציענטן האָבן דעם דאָקטער געפרעגט, ווי אזוי קאָן ער דערקלערן דעם פאַל־סילווער. דער דאָקטער האָט א ביטערן שמייכל געטאָן און געענטפערט:

— דאָס איז זייער א זעלטענער פאַל און ער דאַרף אייך ניט אַפּשרעקן. די בעסטע זאַך, איז צו פארגעסן. פאַראַן מענטשן וואָס זיינען געווען זייער אַדוועַנסירט און מע האָט זיי אזוי גוט ווי אויפגעגעבן, דאָך לעבן זיי און זיינען געזונט. קיין זיכערע היילונג פאַר טי. בי, ווי איר ווייסט, איז נאָך ניט געפונען געוואָרן. די מעדיצין קאָן בלויז טאָן וואָס עס איז מעגלעך פאַר איר. דער סילווער־פאַל איז א צופאַל זאַך. טרויעריק, נאָר פאַרפאַלן.

דוד האָט זיך געפּאַקט. ער האָט לאַנג פאַרבראַכט אין אָפיס יענעם טאָג. געדאַרפט אויספילן פּאַפּירן, ענטפערן פראַגעס און צום סוף באַקומען פון דר. מעלניק א מין ציינגניש, אז ער איז דאָ געווען אַזאַ און אַזאַ צייט און אַז ער פאַרלאָזט דעם סאַנאַטאָריום אין א גוטן צושטאַנד, זיין קראַנקהייט איז, ווייזט אויס, אַרעסטירט.

עס האָט זיך אָנגעהויבן די צייט פון געזעגענען. דוד האָט אָנגעהויבן, ווי ס'איז געווען די טראַדיציע דאָ, פון דער ערשטער לינטאָ. ער האָט געזען ווי די עלטערע מענטשן האָבן אים מקנא געווען. א פאַרצווייפלונג איז געווען אַף זייערע פּנימער, א האָפנונג־לאָזיקייט אין זייערע רייד. ווען מען האָט אים די האַנט געדריקט, האָט ער געפילט, קוקנדיק אַף זיי, אז עס ווילט זיך זיי וויינען. צו

יונג איז ער געווען, אַז ער זאָל קאָנען די עלטערע דערפאַרענע מענטשן טרייסטן.

אַף זיין איינציגער לינטאַ האָט זיך דער עולם שטאַרק אָפּגעגעבן מיט איר. מע האָט איר געגרייט אין וועג אַריין, ווי אַן אייגענעם קרוב. מע האָט איר געהאָלפן זיך פּאַקן, מע האָט פאַרגעסן אין קאָרטן־שפּיל, מע איז געווען פאַרנומען מיט נאָכאַמאָל שרייבן אַד־רעסן, מיט מיטגעבן גרוסן.

פאַרנאַכט האָט דוד גענומען דעם לעצטן שפּאַציר איבערן וועג. דאָס וועטער איז געווען לינד. דורכן שניי האָט זיך געפילט דער ריח פון פרילינג. די לופט איז געווען לויטער, די שטילקייט אַרום האָט פאַרוויינט. דוד האָט זיך דערמאָנט ווי ער איז דעמזעלבן וועג געגאַנגען מיט סילווערן, מיט עטלען. סילווערן האָט ער איצט פאַר־טריבן פון זיין געדאַנק, נאָר זיך געטוליעט צו עטלען. ער האָט זיך דערמאָנט אירע קושן, איר קול, אירע ליבע רייד.

איז ער געגאַנגען אַצינד און גערעדט צו איר און זיך פאָרגע־שטעלט די סצענע ווען ער וועט אָנקומען קיין ניו יאָרק. ער וועט איר שיקן אַ טעלעגראַמע, ווען די באַן קומט אָן. נאָך היינט וועט ער דורכן אָפּיס אָוועקשיקן די טעלעגראַמע. ער פאַרלאָזט מאָרגן זיבן פרי.

ער האָט געפילט ווי די ערד שמעקט, ווי זי איז ווייך. געגאַנגען איז ער מיט פעסטע טריט, די לופט האָט איר געשטאַרקט. ערגעץ וואו האָבן פייגל, ניט קיין קראָען, זיך איבערגערופן. אַזויפיל פריי־קייט איז געווען אין זייער רוף, אַזויפיל מונטערקייט איז געשטאַנען אין דער לופט. דודן האָט זיך אַזוי שטאַרק געוואָלט לעבן, געניסן פון דער וועלט. ער איז נאָך קיין דרייסיק יאָר ניט אַלט. ער האָט דאָך ניט אָנגעהויבן צו לעבן. ער מוז זיך נעמען אין די הענט אַריין. פון טרויערן און מורא האָבן וועט גאָרנישט אַרויסקומען.

צוריק איז ער געגאַנגען אַ זינגענדיקער, מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ. מע דאַרף אין זיך אַליין אַ טרייסט געפינען, מע טאָר ניט דערלאָזן אַז די קאַטוטע־שאָטנס זאָלן דיך איבערשרעקן.

דער לעצטער אָוונט אין לינטאַ. אַ בענקעניש האָט איר אַרומ־גענומען. ער האָט זיך דערמאָנט די ערשטע טעג דאָ; די באַנאַכטיקע

שלאָכט צווישן צוויי פּאַציענטן; יעדן אינדערפרי אַליין מאַכן די דזשולערי באָקס און עס נאָכהער אַראָפּטראָגן אין אויוון אַריין אין שפּיטאָל, פאַרברענען; דער פיקסיקער וועכטער פון דער לינטאָ; דער גראָבער; משה דער בלינדער; די גוואַלדן באַם קאָרטן שפּיל; לאָלאַ; סילוועט.

מאָרגן באַנאַכט, אין דער צייט, וועט ער זיין אין ניו יאָרק, — אין עטלם הויז. ער האָט חתונה, ער ווערט אַ מענטש. וועט ער צוריקגיין אין אַלטן שאַפּ, וועט מען אים צוריקנעמען דאָרט? אָדער עס וועט זיך אָנהייבן אַ וואַנדערן, אַן אויסמעסטן פון גאַסן, אַן אָפּ־שלאָג פון טירן און פרייען זיך מיט וואָס פאַרא דזשאָב עס וועט זיך מאַכן — אין אַ פינסטערן שאַפּ, אַ שאַפּ אָן לופט, מיט פאַרקאָוועטע פענסטער. און וואָס וועט די קאַטוטע זאָגן צו אַזאַ דזשאָב? פאַרן דר. מעלניק איז לייכט צו זאָגן, אַז דער סאַנאַטאָריום איז אַ שול, נאָר ווייסט ער, וואָס הייסט זיין אַן אַרבעטער און אַרבעטן אין פרינטינג־שעפּער באַם ריח פון צעלאָזענעם בליי און געשטאַנק פון פאַרשיידענע טינטן, וואָס ליגן זיך אויף די לונגען?

ווען דער עולם האָט זיך געלייגט, האָט מען אָנגעהויבן זינגען: „אוי, אוי, אוי, דוד פאָרט אַוועק, לאָמיר זיך געזעגענען, דער פּאַיעזד איז שוין דאָ". מע האָט אים געקיבעצט, מע האָט אים געגעבן עצות, וואָס אַ חתן דאַרף וויסן, מע האָט געהייסן געדענקען, אַז ער האָט קאַטוטע . . .

צוויי פּאַציענטן זיינען מיטן ערשטן צוג אַוועקגעפאָרן. איינער אַ מיטליעריקער פון דער ערשטער לינטאָ און — דוד. ביידע האָבן אָפּגעגעסן פריער און מע האָט זיי מיטגעגעבן פעקלעך שפּייז. די מאַשין האָט שוין אויף זיי געוואַרט לעבן שפּיטאָל און דר. רובין איז געווען דער וואָס האָט זיי איבערגעגעבן זייערע אויסשרייב־פּאַפּירן. ער האָט זיך וואַרים געזעגנט מיט זיי און אַליין אונטער־געהוסט.

די באַן איז אָנגעקומען אַ פּאָר מינוט נאָכדעם ווי זיי זיינען אַרויס פון דער מאַשין. דער שאָפיר האָט אַריינגעטראָגן זייערע רענצלעך און אָט רירט זיך שוין די באַן. דער צווייטער פּאַסאַזשיר־פּאַציענט איז ניט געווען צופרידן מיטן וואַגאָן און ער האָט אָנגע־

הויבן וואַנדערן. דוד איז געבליבן זיצן באַם פענסטער און ער איז געווען צופרידן וואָס ער איז אַליין. בערג, העכער און העכער, בערג נידערן אַראָפּ, ווייסע בערג, שוואַרצע בערג און אָט גרינען זיך שוין בערג. די באַן וואַיעט, אָבער עס איז גאָר אַן אַנדער סאָרט וואַיען ווי ווען דוד איז געפאָרן אַהער. איצט דוכט זיך שרייט זי, די באַן: „מאַכט אַ וואַרע, דודן ברענג איך צוריק קיין ניו יאָרק, אַן אויסגעהיילטן דודן. לאָזט מיך, שנעל, שנעל.״

די ערשטע שעה איז דוד געזעסן געדולדיק, נאָר באַלד האָט אים אַרומגענומען אַן אומרו און ער האָט געדענקט, אַז ער וועט עס ניט קאָנען אַריבערטראָגן. נאָך פיר שעה פאָרן. וועט עטל וואַרטן אַף אים? ער איז זיכער, אַז יאָ. און אויב ניט — ווי וועט ער זיך פילן צו פאַרפאָרן צו איר אין הויז אַריין?

דוד איז אַנטדרעמלט געוואָרן. אַלץ הייסט אַ דרעמל. איבער צוויי שעה געפאָרן. ער איז שוין איצט נענטער ווי ווייטער. מע דאַרף זיך אַריינקוקן אין שפּיגעלע. ער קוקט אויס אַ לייט. זיין ברענטש־סעקרעטאַר וועט אים ניט דערקאָנען. אַ וואוילער מענטש. מע וועט דאַרפן זיך וויזן פאַרן ברענטש, באַדאַנקן פאַר דער הילף וואָס ער האָט געשיקט.

עטל האָט אים אָפּגעוואַרט בא דער באַן־סטאַנציע. זי איז געווען גליקלעך. אויסגעפּוצט ווי צו אַ יום־טוב. דער הוהאַ, דער טומל האָט דודן צעמישט, נאָך אַזויפיל צייט אין טויט־שווייגעניש.

— וואוהין פירסטו מיך, עטל? — האָט דוד געפרעגט, ווען זי האָט צוגערופן אַ טעקסי.

— וואוהין? — האָט עטל געלאַכט, — צו אונז, אין אונזער היים. איך האָב געדונגען צוויי צימערן לעבן פּאַרקל, אין בראָנקס. ליכטיקע צימערן.

— בין איך הייסט עס אַ באַלעבעסל, פון דער העלער הויט?

— האָט דוד געלאַכט.

דוד איז געזעסן אין טעקסי אַ צעטראָגענער פון פרייד. די טעקסי האָט זיי צוגעפירט צו אַ גרויס הויז. אַ דריק אַ קנעפּל און דער ליפט האָט זיי אַרויפגעבראַכט אַפן זעקסטן שטאָק. זי שליסט אויף די טיר, אַ ציכטיקער צימער מיט צוויי פענסטער.

— ווי געפעלט דיר אונזער היים, דוד?

דוד איז צו צום פענסטער. פאר זיינע אויגן איז דורך דאס בילד פון סילווערן, ווי ער איז געלעגן אין שפיטאל. עטל האט עס דערפילט. זי איז צו צו אים, אים אויסגעדרייט צו זיך. — נארישער בחור, איצט זאלסטו אלץ פארגעסן".

דוד האט א קוק געטאן אף עטלען וואס איז געשטאנען א פריי־לעכע און געטרייע. ער האט זי ארומגעכאפט, געדריקט צו זיך און היים געקושט.

פארטאג האט זיך דוד אויפגעכאפט פון טיפן שלאף. ער איז געלעגן מיט פארמאכטע אויגן. אים האט זיך אויסגעוויזן, אז ער איז אין פארברענג־צימער פון סאנאטאריום. אף די ווענט הענגען בילדער פון נאקעטע פרויען, אויסגעשניטן פון די צייטונגען. אין א ווינקל, אין א פאפירן רעמל, שיינט אראפ דאס בילד פון לענין, וואס ליכטער האט אויפגעהאנגען. אימיצער וויל עס אראפרייסן. דוד לויפט צו און לאזט נית.

— וואס? וואס שרייסטו? — האט עטל זיך אויפגעכאפט.

דוד האט די אויגן געעפנט. זיך ארומגעקוקט. זיך צעלאכט.

— עטל, לאמיר אוועקשיקן אין סאנאטאריום א פאר לייטישע בילדער, יא?

— גוט, דוד, נאר איצט שלאף איין. פארגעס אין סאנא־טאריום. ביסט אין דיין אייגענער היים.

זיי האבן זיך ביידע צעלאכט. אין דער גרויקייט פון צימער האט זיך ארייגעכאפט א פאס פון פרימארגן ליכט.

.1929